# יעקב פיכמאַן

# רעגנבויגן

(זכרונות, עסייען און לידער)

ביכער-סעריע
„בעסאַראַבער יידן"

רעדאַקטאָרן:
יעקב באָטאָשאַנסקי, י. ל. גרוזמאַן

באַנד IV

תשי"ג, בוענאָס-איירעס, 1953

משה פייגענבלום

ארויסגעגעבן דורכן
בעסאַראַבער לאַנדסלייט-פאַריין
אין ארגענטינע

# ביכער-סעריע „בעסאַראַבער יידן"

**ביז איצט דערשינען:**

1) **משלים** פון אליעזר שטיינבאַרג

2) **טראַנסניסטריע** פון מ. קאַרפּ
(פון רומעניש: י. וויינשענקער)

3) **קעשענעוו** — 200 יאָר יידיש לעבן אין דער
הויפּטשטאָט פון בעסאַראַביע — פון יצחק קאָרן
(פון העברעיש: ח. בראַקאַזש)

4) **רעגנבויגן** — זכרונות, עסייען
און לידער — פון יעקב פיכמאַן

---


ווענן אַלע ענינים, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער ביכער־סעריע
„בעסאַראַבער יידן", זיך ווענדן:

**"BESARABER IDN"**

**Sarmiento 2221** **Buenos Aires**

JACOB FIJMAN

# ARCO IRIS

(MEMORIAS, ENSAYOS, POESIAS)



Editado por la
**EDITORIAL "BESARABER IDN"**

**Buenos Aires**
**1953**

# אינהאַלט

זייט

זייט

## לידער



## רייזעס



## ארץ־ישראל



## עסייען

זייט

## העברעאישע און יידישע שרייבער



## פיגורן

# יעקב פיכמאַן דער בעסאַראַבער

## ( א וואָרט פאָרויס פון דער רעדאַקציע פון פאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן״)

יעקב פיכמאַן, דער צאַרטער, סובטעלער און מאָלערישער העב־רעאישער פּאָעט און גייסטרייכער עסעאיסט און ליטעראַטור־קרי־טיקער — ווען זיין בוך „חיים נחמן ביאַליק״ האָט מען געשריבן, אַז ס'איז דאָס העכסטע, וואָס די העברעאישע ליטעראַטור קריטיק האָט דערגרייכט — איז אויך אַ יידישער דיכטער און ליטעראַ־טור קריטיקער. אחד־העם איז טאַקע געווען איינער פון זיינע הויפּט־לערער, אָבער אויך ביאַליק, וועלכער האָט געהאַט אַן אַנ־דער באַציאונג צו יידיש, ווי דער שאַפער פון גייסטיקן ציוניזם, האָט אויף אים געהאַט אַ השפּעה. און ער איז אויך געווען אונ־טער דער דירעקטער השפּעה פון מענדעלע מוכר ספרים, פּרץ און אַפילו נאָמבערג.

אין דער צייט, ווען פיכמאַנען האָט זיך גענומען באַווייזן די מוזע, האָבן זיך אָנגעהויבן אויסקריסטאַליזירן צוויי צענטערן אין יידישן שאַפן — אָדעס און וואַרשע. פיכמאַן אַליין זאָגט, אַז עס האָבן זיך גענומען איינשטעלן צוויי נוסחאָות — נוסח־אָדעס און נוסח־וואַרשע. אדעס האָט געניגט צו אייביקייט און צו ציוניזם, וואַרשע — צום צייטגייסט און צום גלות. די הויפּט־שפּראַך פון אדעסער נוסח איז געווען העברעאיש, די הויפּט־שפּראַך פון וואַר־שעווער נוסח — יידיש. עס זענען, נאַטירלעך, געווען אויסנאַמען. מענדעלע מוכר ספרים, וועלכער האָט כל ימיו געלעבט אין אדעס, ווי אויך שלום עליכם, וועלכער איז געווען אַ היימישער אין יענער שטאָט, וואָלטן ביידע מער געפּאַסט פאַר וואַרשע און דוד פריש־מאַן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן אָפּגעלעבט אין וואַרשע און אין אדעס איז ער געווען אַ קורץ שטיקל צייט, בעת דעם ערשטן

וועלט-קריג, וואָלט מער געפּאַסט צו דער „דרומדיקער שיינהייט" ביים שוואַרצן ים, הגם ער האָט זיך באַצויגן סקעפּטיש אויך צו דער יידישער אייביקייט, האָבנדיק אַ לחלוטנדיקע פּאָזיטיווע באַציאונג נאָר צום אייראָפּעאישן גייסט.

יעקב פיכמאַן האָט אין זיין געבוירנשטאָט בעלץ נאָך ווי אַ גאָר יונגער בחור זיך געראַנגלט צווישן די צוויי נוסחאות. זייענדיק פון דער נאַטור אַ רואיק-געמיטלעכער, האָט דער נוסח אָדעס געזיגט אין אים און ער איז געפאָרן קיין אָדעס און זיך דאָרט באַזעצט, ווען ער איז אַלט געווען קוים ניינצן יאָר. אָבער נאָך וואָרשע האָט ער נישט אויפגעהערט צו בענקען. און שפּעטער מיט צוויי יאָר האָט ער שוין געלעבט אין פּוילנס הויפּטשטאָט און אויך דאָרט האָט ער זיך געראַנגלט צווישן דעם פּרציזם און דעם פרישמאַניזם. פּרץ האָט געפירט צו די טיפּסטע טיפּענישן פון יידישן לעבן, צו עברי-טייטש מיט דעם טראָפּ אויף ע ב ר י , פרישמאַן האָט געעפנט אַ פענצטער קיין אייראָפּע. דער יונגער דיכטער, אַ באַאיינפלוסטער פון דער רוסישער און פראַנצויזישער סימבאָלישער ליריק, האָט מער געניגט צו פרישמאַנען, אָבער ער האָט זיך פון פּרצעס איינפלוס דאָך נישט געקענט באַפרייען.

געוואָרן איז יעקב פיכמאַן אַ דורכויסיקער העברעאישער שרייבער און ווי אַזעלכער האָט ער זיך אויסגעלעבט, שרייבנדיק לידער, עסייען, גרינטלעכע אָפּהאַנדלונגען, רעדאַקטירנדיק פאַרשידענע זשורנאַלן און אויך ווי אַ פּעדאַגאָג; אָבער צו מאַמע-לשון האָט אים אָפט אַ צי געטאָן. ער האָט פון צייט צו צייט געשריבן אין יידיש לידער, עסייען, קינדער-מעשות, זכרונות און זיי פאַרעפנטלעכט אין פאַרשידענע אויסגאַבן, אָנהייבנדיק מיט „דאָס יודישע פאָלק" — 1908, ביז „די גאָלדענע קייט" — 1951. ער האָט אויך רעדאַקטירט געוויסע אויסגאַבן אין יידיש. שוין אָפּגערעדט, אַז ער האָט זיך באַצויגן צו יידיש מיט דרך-ארץ און ליבע און ער האָט זיך קיינמאָל נישט אידענטיפיצירט מיט די דאַזיקע, וואָס האָבן פאַרלייקנט דעם ווערט פון מאַמע-לשון. זלמן רייזען שרייבט אין זיין „לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור", אַז די יידישע זאַכן פיכמאַנס צייכענען זיך אויס „מיט דער מוסטערהאַפטער טעכ-

ניק בנוגע שפּראַך און סטיל און דעם פֿאָלקסטימלעכן טאָן". ער איז אין 1927, אינײנעם מיט ביאַליקן שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן דעם טעראָר פֿון „גדוד מגיני השפה" אין ארץ ישראל. ער רעדט מיט ליבע וועגן ייִדיש און ער האָט אײנעם פֿון אונדזערע צוויי רעדאַק־טאָרן, יעקב באַטאָשאַנסקי, גערעדט אין 1949 מיט אַ סך טרויער וועגן דעם, וואָס ייִדיש איז ווי דאָס לעגענדאַרע אַטלאַנטידע, פֿון וועלכן עס ברעכן זיך שטיקער. און ווען די „הסתדרות" האָט אָנ־געהויבן צו אַרויסגעבן אין תל־אביב דעם זשורנאַל „די גאָלדענע קייט" אונטער דער רעדאַקציע פֿון א. סוצקעווער און א. לעוויג־סאָן, האָט אין אים דערוואַכט די אַלטע ליבע צו ייִדיש און ער האָט געשריבן, אַז ער קען ניט ניט מיטאַרבעטן אין אָט דעם זשורנאַל דאָס אַרטיקל „צווישן העברעאיש און ייִדיש", וואָס דער לייענער וועט געפֿינען אין אָט דעם בוך, איז טאַקע געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין ערשטן נומער פֿון דערמאָנטן זשורנאַל, ווו ער האָט אויך אין די שפּעטערדיקע נומערן פֿאַרעפֿנטלעכט אײניקע לידער, וואָס ער האָט געשריבן אין די לעצטע יאָרן.

יעקב פֿיכמאַן איז אין זײַן שאַפֿן אײנער פֿון די סאַמע בעסאַראַבישע דיכטער. נאָר בײַ אײן אפֿרים אויערבאַך — פֿיכ־מאַנס אַ ייִנגערער בן־עיר — איז פֿאַראַן אַזויפֿיל בעסאַראַבישער פּייזאַזש, ווי בײַ אים. אַ גאַנץ לעבן האָט פֿיכמאַן געוואַנדערט. אַ געבוירענער אין בעלץ, כסלו תרמ"ג (1882), האָט ער שוין אין יאָר 1901 געלעבט אין אָדעס, אין 1903 אין וואַרשע און אין 1927 האָט ער זיך דעפֿיניטיוו באַזעצט אין ארץ־ישראל, האָט ער כסדר געבענקט נאָך בעסאַראַביע, וועלכע ער האָט אָן אויפֿהער באַזונ־גען אינײנעם מיט אירע פּרימיטיווע, האַרציקע און געזונטע, פֿאָלקסטימלעכע ייִדן. בפּועל האָט ער זיך נאָר אײן מאָל אומגע־קערט קײן בעסאַראַביע, ער איז אין די יאָרן 1905 — 1908 געווען לערער אין דער נײַ־בעסאַראַבישער שטאָט ליעווע, ווו יהודה שטיינבערג איז פֿריער געווען לערער. במחשבה האָט ער זיך אַ סך מאָל אומגעקערט צו זײַן געבוירנלאַנד און איבערהויפּט האָט ער דאָס געטאָן אין זײַנע געפֿילן. לייענענדיק אַ האַרציקע קינדער־שע זאַך פֿון ש. בן ציון אין אָדעס, דערציילט פֿיכמאַן, האָט ער זיך

פאַרבענקט נאָך בעסאַראַביע און בעסאַראַבישקייט. און אין זיינע לידער, קינדער־מעשׂות און זכרונות איז פאַראַן ניט נאָר בעסאַראַבישער סענטימענט, נאָר אויך בעסאַראַבער לעבנסשטייגער.

און אַזוי ווי יעקב פיכמאַן האָט כּסדר געחלומט צו זען געזאַמלט כאָטש אַ טייל פון זיינע שריפטן אויך אין יידיש און ביז איצטער איז דאָס דאָזיקע נישט געשען, און חוץ אַ פּאָר קליינע ביכלעך, איז נישט פאַראַן קיין איין בוך אין יידיש פון אים — האָט דער פאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן" גענומען אויף זיך די אָנגענעמע אויפגאַבע צו געבן דעם יידישן לייענער כאָטש איין בוך פון אָט דעם דיכטער און עסייאיסט, וואָס איז אַ יחיד במינו. און דאָס דאָזיקע בוך פאַסט זיך, לויט דעם כאַראַקטער, פולשטענדיק אַריין אין אונדזער סעריע ביכער, וואָס זענען אויסן צו שילדערן דאָס יידישע לעבן אין בעסאַראַביע „פון אויפקום, ביז אומקום". דער לייענער וועט געפינען בעסאַראַביע נישט נאָר אין די אָפּטיילונגען „אויטאָביאָגראַפישעס", „בעסאַראַבער געשטאַלטן", קינדער מעשׂות און אין די לידער, נאָר אין כמעט אַלץ, וואָס איז פאַראַן אין אָט דעם בוך. דער בעסאַראַבישער געמיט איז אומעטום פאַראַן.

און מיר זענען איבערצייגט, אַז מיר גיבן דאָ דעם יידישן לייענער נישט נאָר אַ בעסאַראַביש בוך, נייערט אויך אַ בוך פון אַלגעמיינעם ווערט פאַר דער יידישער ליטעראַטור. דער נאָמען „רעגנבויגן" איז אומגעהויער צוגעפּאַסט צום גאַנצן אינהאַלט פון אָט דעם בוך און טאַקע צו פיכמאַנען אַליין, וואָס ער איז אַ פילפאַרביקער רעגנבויגן. אין אַ געוויסער מאָס האָט דאָ דער לייענער אַן אַנטאָלאָגיע פון דעם פילזייטיקן קינסטלער. פאַראַן דאָ מוסטערן פון זיין ליריק, פון זיינע וווּנדערלעכע עסייען וועגן העברעאישע, יידישע און רוסישע שריפטשטעלער, פּאָרטרעטן פון וויכטיקע יידישע פּערזענלעכקייטן, רייזע־איינדרוקן, ארץ־ישׂראל־בילדער און אויך אַ מוסטער פון זיינע אַרבעטן וועגן פּעדאַגאָגיק. און פאַראַן מער ווי מוסטערן פון זיינע זכרונות, וועלכע זענען דאָ נישט נאָר אין די אויטאָביאָגראַפישע סקיצן, נאָר אויך אין די פּאָרטרעטן פון

יהודה שטיינבערג, ש. בן ציון, א. ד. ראָזנטאַל, שבתי לערנער און שלמה הלל'ס.

די אַרבעט „די יידישע ליריק" איז דערשינען ווי אַ הקדמה צו דער אַנטאָלאָגיע פון דער יידישער פּאָעזיע א"נ „די יידישע מוזע", וואָס י. פ. האָט רעדאַקטירט אינאיינעם מיט זלמן רייזען און וואָס איז דערשינען אין יאָר 1911, אין וואַרשעווער פאַרלאַג „ב. שימין". די דאָזיקע אַרבעט, וואָס איז געשריבן געוואָרן צוריק מיט אַריבער פערציק יאָר, האָט נאָך עד היום נישט פאַרלוירן איר ווערט; און איר זכות איז נישט נאָר, וואָס זי איז פּיאָנעריש. אייניקע אָפּשאַצונגען פון דיכטער און עסטעטישן קריטיקער וועלן פאַרבלייבן ווי די אַבסאָלוטסטע אמתן. מיר האַלטן אָט די אַרבעט פאַר אַ היסטאָרישער און האָבן דערפאַר נישט געפונען פאַר נייטיק אַריינצוברענגען קיין שום ענדערונג אין איר און זי געלאָזט דורכויס אַזוי ווי זי איז דערשינען אין דער דערמאָנטער אַנטאָלאָגיע; כמעט אַלע זאַכן, וואָס דערשיינען אין אָט דעם בוך, זענען געשריבן אין יידיש פון מחבר גופא. די אַרבעטן וועגן ש. טשערניכאָווסקי, ש. בן ציון און די סקיצן „אַנהייב", „נעמיראָוו" און אַנדערע, האָבן י. איסאַקסאָן און די רעדאַקטאָרן פון פאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן", י. באָטאָשאַנסקי, י. ל. גרוזמאַן א"א, איבערזעצט פון העברעאיש.

יעקב פיכמאַן איז אין יאָר 1952 געוואָרן אַ בן־שבעים. און דער פאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן" איז איבערצייגט, אַז דאָס אַרויסגעבן זיין בוך „רעגנבויגן" וועט פאַר דעם „דיכטער פון לעבן און דיכטער פון דער ליטעראַטור" — אין זיינע עסייען באַזינגט ער אייגנטלעך שרייבער און ווערק — זיין איינע פון די אנגענעמסטע יובילייר־מתנות, וואָס ער האָט געקראָגן און ער וועט זיך דורך אָט דעם בוך דערפילן יינגער, מונטערער און ער וועט פאַרענדיקן זיינע זכרונות וועגן בעלץ צוריק מיט זעכציק יאָר, וועלכע ער שרייבט אין יידיש, אין לשון פון יענעם לעבן, וואָס איז שוין נישטאָ און וואָס וועט פאַרבלייבן אין די געמיטער דורך די ווערק פון אונדזערע שריפטשטעלער. האָט דאָך פיכמאַן נאָך צוריק מיט אַריבער פערציק יאָר געשריבן:

„אין פיל שטעט און אין מדינות
האָב איך שוין געלעבט, געליטן,
כ'האָב אָן פרייד, אָן טרויער איינע
אויף די צווייטע אויסגעביטן,
נאָר אַ שטעטעלע אַ קליינינקס
לעבט נאָך איצטער אין מיין זכרון
און עס רופט אַרויס דאָס בענקען
נאָך די אַלטע קינדער־יאָרן".

יעקב פיכמאַן האָט געגרייכט צו די שפּיצן פון דער העברעאישער פּאָעזיע און, ווי אַ סך מיינען, צום סאַמע שפּיץ פון דער העברעאישער ליטעראַטור קריטיק, אָבער ער האָט דאָס דאָזיקע דערגרייכט טאַקע, ווייל ער האָט שטענדיק געצויגן יניקה פון זיין בעסאַראַבישן־שורש. זיין לייטער שטייט אַזוי פעסט מיט איר ערשטן שטאַפּל אויף דער בעסאַראַבישער ערד, אַז ער האָט געקענט גרייכן ביז צום סאַמע הימל.

# דער ערשטער ווונדער

**(פראַגמענט)**

איך געדענק אַ טאָג פון מיין פריער קינדהייט, וואָס פון אים הייבט זיך אָן מיין באַוווסטזיניק לעבן. ביז דעמאָלט איז די וועלט געבליבן אין מיין זכרון, ווי איבערגעריסענע קלאַנגען פון אַ ניגון. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז די מאַמע האָט מיך דעמאָלט געהאַלטן ערגעץ אין אַ פינצטערן חדר באַהאַלטן, און פּלוצים האָט מען מיך אַרויסגעפירט אויף דער ליכ־טיקער וועלט.

פּלוצים אין אַ טאָג דערפיל איך זיך איינער אַליין אין שטוב. אַ פריי־לינג־טאָג, ערב פסח. מיטאָג־צייט. די מאַמע און די באָבע שטייען אין הויף און כשרן די כלים, איך הער זייער קול ווי פון אַ גרויסער ווייטקייט. די שטילקייט אַרום מיר ווערט דורך דעם נישט געשטערט. איך פיל זיך אַ פאַרלאָזענער, און איך גיי אום אַ פאַרווונדערטער פון איין צימער צום צווייטן. עפּעס קומט מיר אויס מאָדנע די גרויסע וואַרימע ליכטיקייט, וואָס פאַלט פון די אויסגעקאַלעכטע ווענט, דורך די קלאָר־ווייסע דורכ־זיכטיקע פאָרהאַנגען, אויף דער אויסגעטונקעוועטער ערד, וואָס איז באַ־שיט מיט פייכטלעך געלע זאַמד ליגן אויסגעשפּרייט וואָלענע דאָרף־טעפּיכער מיט רויטע גרינע און געלע פאַסן, און אויף זיי רוען ברייטע פליאמעס זונעשטראַלן, וואָס גלאַנצן שטיל, ווי שטייענדיקע וואַסערלעך.

מיר קומט דאָס אויס אין גאַנצן זייער מאָדנע, פרעמד. עפּעס איז ביז איצט, דאַכט זיך געווען אַנדערש, אַן אַנדערע שטוב, אַנדערע צימערן. נאָר ווי אַזוי — הייב איך נישט אָן צו געדענקען. עפּעס איז איבערגע־ריסן געוואָרן, און אַלצדינג, פיל איך, הייבט זיך פון איצט אָן אויפסניי. עס עפענען זיך מיר די אויגן. אַלע שטוב־זאַכן דערזע איך איצט דאָס ערשטע מאָל און באַטראַכט זיי מיט גרויס השתוממות.

גיי איך מיר אַזוי אַרום, קוק זיך איין און אַנטדעק אַלע מאָל אַלץ נייע, ווונדערלעכע זאַכן, ביז איך קום אין קיך אַריין. דאָ בין איך שוין אין גאַנצן באַטויבט. אַ שאַרפן ריח פיל איך און אַ מענגע כלים דערזע איך, וואָס איינע איז נייער און פרעמדער פון דער צווייטער. באַזונדערס ציט מיך צו דאָס ברייט־בייכיקע הילצערנע מצה־שטייסל, — עפעס אַ מין אַלטערטימלעך הייליקייט, דעם ציל פון וועלכן איך קאָן בשום אופן נישט באַגרייפן. נישט ווייניקער באַוווּנדערונג רופט ביי מיר אַרויס אויך דער גרינער כריינִיק, און איך בין שוין פאַרטיק אים נעמען אין האַנט און אים באַטראַכטן נעענטער. נאָר פלוצים ציט צו מיין אויפמערקזאַמקייט עפעס אַזוינס, וואָס פילט אָן מיין קליין האַרץ מיט געוואַלדיקער התפעלות — אַזוי אַז איך באַמערק שוין גאָרנישט אויסער דעם.

אונטערן פריפּעטשיק דערהער איך אַ דינע כאָרכלעריי, וואָס רייסט זיך איבער און לאָזט זיך ווידער הערן, עפעס ווי אָן אַ שום כוונה, ווי פונעם שלאָף. דאָס איז די ראָבע הון אונדזערע, וואָס זיצט שוין לאַנג (מיר ווייזט אויס — פון אייביק אָן) אין אַן אַלטער צעריסענער זיפּ, און וואַרעמט מיט אירע ברייטע צעלאָזטע פליגל די אייער, וואָס די באבע האָט אַמאָל, פאַר צייטן, אַריינגעבראַכט פון דער טונקעלער שטאָל אין איר אַלטן פאַרטוך און זיי אויסגעלייגט מיט גרויס פּאַרזיכטיקייט אין דער זיפּ, אויף אויסגעבעט שטרוי. איך בייג זיך איין. די הון קוקט אויף מיר מיט אירע רויט־געזיימטע קליינע אייגעלעך תמעוואַטע, גלייך זי באַמערקט מיך נישט, און כאָרכלט זיך ווייטער, ווי פון דרימל. איך שטיי און קוק איר גלייך אין די אויגן אַריין און וויל מיר ווי עס איז מסביר זיין דעם ענין, וואָס קומט מיר אין גאַנצן אויס, ווי אַ רעטעניש — און איך באַמערק פלוצים אַ גרויסע ענדערונג אין דער הון. צוריקגעצויגן דעם קאָפּ, בלייבט זי אויף אַ רגע שטיל, הערט זיך צו צו זיך, צו די אייער, וואָס ליגן אונטער איר. מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך הער דאָרטן אַ קוים געפילטן געוויש, ווי עפעס ראַנגלט זיך שטילערהייט. די הון ציט זיך אַלץ מער צוזאַמען און הערט, און הערט. עפעס וואַרט זי און איז זיכער און גלויבט זיך איר נישט און פלוצים לאָזט זי אַרויס אַ מין פרייד־געשריי, הייבט אָן מיטן שנאָבל צו נישטערן צווישן די אייער, צוקאָטשען זיי הין

אַון צוריק, גלייך ווי זי זוכט עפּעס. און נאָך איידער איך פאַרשטיי וואָס דאָ קומט פאָר, דערהער איך פּלוצים אַ דין זיס קולעכל, וואָס פאַלט ווי גאָלדענע וואַרעמע טראָפּנס מיר אין האַרץ אַריין. דאָס פּישטשעט דאָס ערשטע הינדעלע, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויסגעקאַלופּעט פונעם איי. נאָך אַ רגע, און פון אונטער די ברייטע פליגל פון דער הון שמעקט אַרויס דאָס געלע צאַרטע קעפּעלע מיטן קליינעם ראָזע־שנאָבעלע אַ קליין ליב באַשעפעניש, וואָס הערט נישט אויף רחמנותדיק צו פּישטשען, גלייך ווי פרייענדיק זיך אויף דער ליכטיקער וועלט, טוט עס אַזוי באַנג אויף דעם ענגן וואַרעמען איי־געצעלט, וואָס איז שוין איצט צעבראָכן אויף אייביק.

איך שטיי נאָך לאַנג, ווי צוגעשמידט צו דער גרויסער דערשיינונג. דאָס קליינע ליבע באַשעפעניש האָט זיך ווידער באַהאַלטן אונטער דער מאַמעס וואַרעמע פליגל, נאָר דאָס זיסע קלאָרע קולעכל דערגרייכט צו מיר און פילט אָן מיין האַרץ מיט שטילער פרייד. און אומבלאָנדזשענדיק פון איין חדר אין צווייטן, וו די הערע פליאמעס זונענשיין ליגן נאָך אַלץ ברייטע, זיכערע אויף די אָנגעוואַרעמטע וואָלענע קאָוויאָרן, זענען מיינע אַלע חושים צוגעשמידט צום ווינקעלע אין קיך, וו עס קומען איצט פאָר גרויסע וווּנדער.

# אָנהייב

די זומער־טעג אין דרום זענען ברענענדיקע, ווייסע און מידמאַכנ־דיקע אויך אויפן ים־פּליאַזש. דער פרילינגס־אויפבליי הערט אויף מיט־אַמאָל. דאָס גרינס, וואָס האָט ווילד געקרוינט מיין שטעג ביים אַראָפּ־גאַנג צום ים, איז שוין לאַנג ווייס געוואָרן, איז פאַרוועלקט געוואָרן, און דער ים גופא האָט געאָטעמט אַ מידער, אַ גלייכגילטיקער, און גלייך ווי ער וואָלט זיך פוילן איבערצוקערן אויף זיין צווייטער זייט און מאַכן אַ וועלכע נישט איז ענדערונג אין זיינע פאַרבן.

אָבער קוים איז געקומען דער חודש אָב און די דאַטשניקעס האָבן זיך אָנגעהויבן אומקערן אין שטאָט אַריין, איז געוואָרן לייכטער. די היץ לאָזט נאָך, און די טעג שלייכן זיך שווייגנדיק־שיינענדיקע. דעמאָלט האָבן זיך אָנגעגאָסן די טרויבן־שטענגלעך, וואָס אינעם נאָענטן וויינ־גאָרטן מיט דורכזיכטיקע בורשטין און מאַטעווע ראָזע־קאָלירן, — לעצ־טע זומער־קאָלירן, און דער ים, גלייך ווי ער וואָלט אויך רייף געוואָרן, האָט געפינקלט מיט זיין טיפער אָנגעזאָפּטער בלויקייט, און ווידעראַמאָל האָבן געלאָקט זיינע שטרעקעס וועלכע האָבן זיך אַנטפּלעקט.

און אָט אין איינעם פון יענע טעג ה אָ ט ד אָ ס פּ אַ ס י ר ט. איצט איז מיר אַ שאָד, וואָס איך קאָן נישט פעסטשטעלן גענוי דעם טאָג. איך האָב מיר דעמאָלט נישט פאַרגעשטעלט, אַז דאָס וועט זיין דער גרעסטער דאַטום אין מיין לעבן, — אַז אַלע נסים וואָס האָבן מיר פּאַסירט נאָכדעם, האָט זייער אָנהייב געשטעקט אין אָט יענער פּאַסירונג.

און ווירקלעך, געדענק איך, — יענעם טאָג איז די זון געשטאַנען הויך אין דער וועלט. די ערד האָט גערוט, געשפּרייט מיט צאַרטקייט, ביז די עקן פון דעם סטעפּ. גוטע ווינטן האָבן געבלאָזן פון די וואַסערן, און

איין כוואַליע נאָך דער אַנדערער האָבן מיך אָנגעריירט, אַריינדרינגענדיק דורך דעם פענצטער פון מיין צימער, אין וועלכן איך האָב געאַרבעט פון אינדערפרי אָן.

אין יענער צייט האָב איך נאָך נישט מפקיר געווען מיינע טעג צום כשוף פון ליידיקגיין. אין יענער שעה, ווען דער ים איז געלעגן באַוועג־לאָז צופוסנס פונעם באַרג, און די טרויבן האָבן זיך געראויטלט און געגיל־דעט זיך שטילע, בין איך געזעסן אין מיין צימער און האָב מיך גע־פלייסט אין מיין ארבעט, נישט ווי מיין שטייגער, פון אינדערפרי אָן און ממש ביזן רויטלעכן זונפאַרגאַנג. איך האָב באַשלאָסן צו פאַרענדיקן מיין אַרבעט, צו וועלכער איך בין פאַקטיש געטריבן געוואָרן. זינט ביאַ־ליק האָט זיך אומגעקערט פון ארץ־ישראל, האָב איך מיך געשעמט, ווען איך בין געקומען אין שטאָט, זיך צו ווייזן פאַר אים מיט ליידיקע הענט, און איין ספר נאָכן אַנדערן האָב איך אים איבערגעגעבן די רעדאַקטירטע ווערק פון יהודה שטיינבערג, וועלכע זענען באַלד אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער דרוקעריי. ביאַליק איז געווען איבערראַשט פון מיין פלייסיקייט, אָבער ער, וועלכער האָט געוווסט דאָס, וואָס ס׳האָבן נישט געוווסט אַנ־דערע, האָט משער געווען אַז עס וועלן לאַנג נישט דויערן די טעג וואָס איך וועל זיין מיט אים, און ער האָט מיך באַשווירן נישט אַוועקפאָרן ביז איך וועל אָנשרייבן דעם אַריינפיר, בכדי ס׳זאָל ביי אים נישט פאַר־האַלטן ווערן די אויפלאַגע פון די שריפטן, פון וועלכע עס איז געווען אָפּהענגיק די עקזיסטענץ פון דער פאַריתומטער משפחה פונעם שרייבער.

אַרומגערינגלט פון סוף־זומערדיקער איינזאַמקייט און אינגאַנצן פאַרזונקען אין אַרבעט, בין איך אין איין נאַכמיטיק געשטערט געוואָרן פון מיין אַרבעט, וועלכע האָט געהאַלטן ביים פאַרענדיקט ווערן. עמיץ האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון מיין צימער, און ווען איך האָב גע־עפנט איז פאַר מיר געשטאַנען אַ יונגע פרוי, און האָט אַ צעטומלטע גע־בעטן דערלויבעניש „צוצורויבן פון מיין צייט געציילטע מינוטן”. עס איז געוויס נישט כדאי מיך אָפּצורייסן פון מיין אַרבעט, נאָר איר פריינד, אַ לערער פון אַ פאַרוואָרפן שטעטל (וועלכער איז געווען — האָט זי

אַרויסגעזאָגט מיט אַ שמייכל — אויך מיין העברעאישער לערער, אָבער צום באַדויערן, נישט מיט גרויס דערפאָלג) האָט איר צוגעשיקט זיינע אַ דערציילונג, און ער בעט דורך איר צו הערן מיין מיינונג וועגן דעם דאָזיקן ליטעראַרישן פּרווו, און אויב ער האָט בכלל אַ האָפענונג.

אירע שיינע באַקן האָבן זיך גערויטלט, ווען זי האָט גערעדט מיט מיר. איר עמאָציע איז נישט געוואָרן שוואַכער די גאַנצע צייט פונעם שמועס, אָבער וואָס זי האָט געזאָגט, האָט זי געזאָגט מיט אַ קלאָרקייט און נישט אָן הומאָר — און דאָס איז מעגלעך געווען דער אַנטציקנדסטער שטריך אין איר כאַראַקטער, לויט ער האָט זיך אַנטפּלעקט בעת דער ערשטער באַגעגעניש. אויף וויפל זי האָט נישט געוואָלט אויפוועקן אין מיר אינטערעס צו איר פריינד, האָט זי געפילט אַז עס איז פאַראַן עפּעס קאָמישעס אין איר שליחות, — ווייל ווי זי אַליין זאָל נישט אויסנעמען אין מיינע אויגן, וועט דאָך סוף־כל־סוף נישט זי מכריע זיין, נאָר דער אינהאַלט פונעם העפטל, וואָס זי האָט געבראַכט.

און עס איז אין איר באמת געווען עפּעס וואָס האָט געקענט אויפוועקן סימפּאַטיע. אַ הויכע, אַ שלאַנקע און עלאַסטישע ווי אַ יונגער בוים, — איז אין איר שיינקייט געווען פון דעם אויפבלי פון אַ פּערפעקטער, געזונטער דערפסטאַכטער, איניינעם מיט עפּעס קאַלט־אַריסטאָקראַטישן, טיילמאָל שטרענגן, וואָס האָט כמעט אָפּגעשראָקן. אָבער אירע לויטערע געזיכטסשטריכן, אירע שמייכלענדיקע אויגן, וועלכע האָבן נאַיוו געכישופט — האָבן אַנטפּלעקט די איידלקייט פון אַ יידישער טאָכטער, וועלכע האָט איינגעזאַפּט אין איר קינדהייט, אויף איר געלעגער פאַר־טאָג, דעם טאַטנס גמרא־ניגון, און גלייכצייטיק האָט זי פיל יאָרן געהאַט איר נעסט אינעם שאָטן פונעם וואַלד, און זיין באַטויטע גרינקייט איז נאָך געווען אויסגעגאָסן אויף איר ליב פּנים.

האָט זיך דאַן עפּעס אַריינגעגנבעט צו מיר אין האַרצן, אַז ס׳האָט עפּעס פּאַסירט וואָס איז נישט אָפּצושאַצן אין מיין לעבן, — אַז צוליב אָט דער באַגעגעניש, און נישט צוליב דער וויכטיקער אַרבעט, וואָס איך האָב מיך געפלייסט איבער איר מיטן גאַנצן האַרצן, בין איך געבראַכט

געוואָרן אין אַט דעם וווּנדערלעכן האַפן? באַוווּסטזיניק איז מיר געוויס גאָרנישט פון דעם אַלעמען געקומען אויפן זינען. אָבער ווען איך האָב איר אַרויסבאַגלייט צום טויער פונעם גאָרטן, האָב איך איר נאָכגעקוקט, און ווען עס איז פאַרשוווּנדן אין דעם רויטלעכן אָוונט איר העלער הוט בין איך נאָך געבליבן שטיין אַ ווײַלע און מיין האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט. און ווען איך האָב מיך אומגעקערט אין מיין צימער, בין איך באַלד פאַרזונקען אין דעם לייענען דאָס העפטל, גלייך ווי איך וואָלט געוועזן וועלן דורכדעם אָנהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט דער וווּנדערלעכער באַזוכערין.

# נעמיראָוו

## (פון טאָגבוך)

אין אַ האַרבסט־נאַכט, אַ זאַנפטער און גלעטנדיקער ווי אַ פרילינג־נאַכט, זענען מיר פאַר חצות אָנגעקומען קיין נעמיראָוו, די שטאָט אין וועלכער מיר האָבן געלעבט אַ גאַנץ יאָר — פון האַרבסט ביז האַרבסט.

דאָס איז געווען אן אומגעריכטע זאך, איינס פון די וואונדער, וועלכע האָבן געטראָפן אין מיין לעבן. בת־שבע, וועלכע האָט נישט באַקומען פון מיר קיין שום ידיעה און האָט נישט דערוואַרט אַז מען וועט מיך אַרויסלאָזן פון דייטשלאַנד איידער די מלחמה וועט זיך ענדיקן, האָט דאָ געפונען, מיט דער הילף פון אַ נאָענטער משפחה, לעקציעס צו קענען זיך דערהאַלטן ביים לעבן מיט די צוויי קינדער וואָס זענען געווען מיט איר; און ווען איך בין אויף אַ וואונדערלעכן אופן באַפרייט געוואָרן, בין איך אויך אַוועק צו איר אין דער דאָזיקער שטאָט, וועלכע איך האָב דער־מאָלט געקענט נאָר פון די גזרות ת״ח און פון ביאַליקס פּאָעמע וועלכע האָט אַ צייט געהייסן „משא נעמיראָוו״.

עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט פון סוף תשרי. אין דער פאָר־שטאָט האָבן געטונקלט די גערטנער, די הייזער זענען געווען נידעריקע דאָרפישע, די בלעטער האָבן שטיל געשורשקעט, די הינט האָבן געבילט הינטער די פּלויטן, און די ברישקע אין וועלכער מיר זענען געזעסן, האָט זיך ווייך געקאַטשעט צווישן די הילצערנע טראָטואַרן, וועלכע האָבן געבלאַנקט פוןביידע זייטן גאַס. אין דער אכסניה האָט אונדז באַגעגנט אַ פול־לייביקע פרוי מיט אַ שמייכלענדיק פנים, וועלכע האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ ריין צימער, און האָט אַלץ געטון פאַר אונדזער באַ־קוועמלעכקייט. די מורא פאַר דער פרעמדער שטאָט, וואָס האָט מיך עט־

וואָס געשראָקן אין וועג, איז באַלד פאַרשוווּנדן, און מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל אַז עס דערוואַרטן אונדז דאָ רואיקע טעג, נאָך דעם ווי מיר זענען געפּרוּווט געוואָרן דעם זומער מיט די ערשטע מלחמה־שרעק.

בת־שבע האָט דאָ אַרויסגעוויזן אירע טייערע נשמה־מעלות: — די באַזאָרגטקייט און די פעאיקייטן זיך צו אָריענטירן אין אַלע לעבנס־באַדינגונגען. די קליינע גאָרטן־דירה, מיטן אָרעמען מעבל, וואָס איז אונדז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר אַ צוגאָב־לעקציע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זיס ווינקל. די צוויי מיט אַ האַלב יאָריקע עדה, וועלכע איז געווען אַ וואונדערלעך שטיל מיידעלע, האָט זיך שנעל צוגעוווינט, אַז די מוטער זאָל איר איבערלאָזן אויף עטלעכע שעה. און אין דער צייט, וואָס בת־שבע איז אַרויס אויף אירע לעקציעס, איז זי געשטאַנען אויף אַ שטול לעבן טיש און האָט זיך איינגעקוקט מיט גרויס אינטערעס אין איר טאַטנס מלאכה פון שרייבן, וועלכע איז צוגעגאַנגען געניוג לאַנגזאַם. איך האָב דאַן געהאַט אויפגעשריבן פראַגמענטן פאַרן „השלח" און אויך עפּעס פּאָעזיע. אָבער איך בין געווען אינגאַנצן דערשלאָגן פונעם שרעקלעכן פּאָגראָם, דערשלאָגן פון דער גרויסער צביעות. יעדע קאָנצענטרירונג צו שאַפן איז נישט געווען פאַר מיינע נשמה־כוחות, — און ווען קלויזנער האָט מיר פאָרגעשלאָגן איבערצוזעצן „בראַנד" פון איבסען, האָב איך מיך אינגאַנצן איבערגעגעבן דער דאָזיקער אַרבעט, און אויך דאָס, דעם אמת געזאָגט, איז נישט געטון געוואָרן מיט איבעריקער התלהבות. מיר זענען דעמאָלט אַלע געווען פאַרערער פון איבסענען. אָבער די דאָזיקע צעצויגענע שאַפונג, מיט איר גאַנצער אַרויפגעצוווּנגענער טענדענץ, האָט מיך נישט גענומען.

דאָס ליבע מיידעלע, וועלכע האָט זיך צוגעקוקט צו איר טאַטנס מאָדנער מלאכה, האָט נישט געוווּסט ווי שווער עס איז אים אויפן האַרצן — זי האָט נישט געוווּסט, אַז זיין נשמה איז נישט ביי דער אַרבעט און אַז נישט ווינציקער פון איר הערט ער זיך צו בשעת מעשה צום גערויש פון די ביימער אין דער גאָרטן־אַלעע, וואָס זאָגט אָן דאָס אומקערן זיך

פון דער מוטער, וועלכע האָט, נאָר מיט איר געפינען זיך אינעם צימער, דאָס אָנגעפולט מיט ליכט און לעבן.

***

דאָך זענען די טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער דאָזיקער שטאָט, — נישט מיין שטאָט, — געווען באַלויכטן מיט זייער באַזונדערער ליכט, מיט זייער באַזונדערער שטילקייט. איך בין געווען ווייט פון יעדן ליטעראַרישן צענטער. וואָרשע האָט געהאַלטן ביי דערגאַבערט ווערן דורך די דייטשן. און אפילו אָדעס האָט אויסגעזען זייער ווייט. אָבער פון מיין שטילקייט האָב איך מיך צוגעהערט צו דער וועלט. און פּאַמעלעך האָב איך אָנגעהויבן פאַרשטייען, אַז די מלחמה איז געקומען ווי אַ שטראָף, אַלס פּראָטעסט קעגן אַ וועלט וואָס גייט אונטער, קעגן דעם מענטש וואָס גייט אונטער. איך האָב געמאַכט דעם חשבון פון דער וועלט און דעם חשבון פון מיין לעבן. איך האָב אין מיין נאַאיוויטעט געגלויבט אַז נאָך דער מלחמה וועט די וועלט זיין אַן אַנדערע — מיר אַלע וועלן זיין אַנדערע. איך האָב מיר נישט אויסגעמאָלט מיין לעבן ווען די מלחמה וועט פאַריבער אַלס המשך, נייערט אַלס אָנהויב. דאָס איז געווען דער גרויסער מאָמענט, ווען איך האָב מיך געווידמעט דעם ג ע ד אַ נ ק. אין יענע אָוונט־שפּאַצירן, ווען איך האָב מיך אָוועקגעלאָזט אין די באַשנייטע דעמבן־אַלייען אויסער דער שטאָט, איז מיין האַרץ אינגאַנצן געווען פאַרכאַפּט פון וויזיע. און ווען איך האָב מיך אומגעקערט אַהיים, האָב איך פאַרצייכנט אין מיינע העפטן, ביי דער שיין פונעם לאָמפּ, די פּלענער פון מיינע צוקונפטיקע שאַפונגען. דאָס איז געווען אַן אַרבעט־פּראָגראַם פאַר אַ סך צייט — פאַר אַ גאַנץ לעבן.

די בעסטע לעקטור אין יענע אָוונטן איז ביי מיר געווען דער תנ״ך. זינט דעמאָלט האָב איך מיך צוגעוווינט אַלע טאָג איבערלייענען אַ קאַפּיטל תנ״ך. דאָס דאָזיקע לייענען האָט באַרואיקט מיין נשמה — האָט מיר אומגעקערט די לויטערקייט, בייגנדיק מיינע געדאַנקען אין אַן

אַנדער ריכטונג. דער תנ״ך און זיין סטיל זענען פאַר מיר ווי צום ערשטן מאָל דאַן אַנטפּלעקט געוואָרן. און ווען ביאַליק האָט אין אַ צייט אַרום זיך געווענדעט צו מיר אים צו געבן עפּעס פאַרן זאַמלבוך „כנסת״ וועלכן ער האָט פאַרטראַכט, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן דעם עסיי „איוב״. אין יענער צייט האָב איך אָנגעשריבן פאַר קלויזנערס „לשוננו״ אַ מאמר „וועגן דער העברעאישער פּראָזע״, און האָב זיך אים דערגרייכט אַזאַ עקסטרעם אין מיין התלהבות פאַר דער שפּראַך פונעם תנ״ך, אַז עס האָט ממש דערשראָקן ביאַליקן... דאָס איז געווען די גרויסע תנ״ך־עפּאָכע אין מיין לעבן, און כאָטש דאָס איז געווען בלויז אַ צייטווייליקע דערשיינונג, דערקענט מען איר איינדרוק אויף גאָר אַלע מיינע יאָרן.

ווען איך בין געזעסן אין נעמיראָוו האָט מען זיך געווענדעט צו מיר פון דער „חברה מפיצי ההשכלה״, אַז איך זאָל געבן פאַר זייער אָרגאַן עפּעס וועגן קינדער־ליטעראַטור. איך האָב אָנגעשריבן אַ גענוג לאַנגן מאמר, וואָס אויך אין אים איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן די וויכטיקייט פונעם תנ״ך־עלעמענט און פון זיין סטיל פאַרן קינד. אויך דאַן האָב איך דערקענט אַז דער תנ״ך־סטיל, אין וועלכן עס איז אָפּגעהיט דער באַזונדערער צויבער — אויך די באַזונדערע אָריגינאַליטעט — איז פאַרבליבן אין זיין נאַטירלעכקייט כמעט אין דער השכלה־ליטעראַטור.

***

אַזוי איז פאַמעלעך אַוועק אַ לאַנגער, מאָנאָטאָנער ווינטער, און מיט אים — פילייכט דאָס וווּנדערלעכסטע אין די מלחמה־טעג. די קינדער האָבן געבליט מיט דער שפע פון דער אוקראיינער ערד. בת־שבע האָט געאַרבעט אַלס לערערקע און האָט געאַרבעט אַלס בעל־הביתטע, און האָט אויך געבליט. מיר האָבן פיל שפּאַצירט אין דער דאָזיקער פאָרשטאָט וואָס איז געווען פול מיט גערטנער, וועלכע האָט געהאַט איר באַזונדערן ווינטער־חן, דעם ווינטער פון צפון נאָך וועלכן מיר האָבן געבענקט אַביסל.

אָבער דעם כישוף פון אוקריינע האָבן מיר נישט געפילט איידער עס איז געקומען דער פרילינג און די גערטנער וועלכע האָבן זיך צעבליט, זענען ווייס געוואָרן מיט אַזאַ נישט־ערדישער ווייסקייט, אַז זיי האָבן געמאַכט פאַרגעסן די וויסטע וועלט אין די פּאָגראָם־מקומות. עס איז אוממעגלעך געווען צו זיצן אין שטוב אַפילו אַ קורצע ווײַלע. די „חובבי הלשון העברית" אין מאָסקווע און אין קיעוו האָבן מיך איינגעלאַדן אויף ליטעראַרישע קאָנפערענצן און כאָטש עס איז נישט דערלויבט געוואָרן אין רוסלאַנד, צוליב דעם „געפּאר", אַרויסצוטרעטן עפנטלעך אין העב־רעאיש אָדער יידיש, האָט מען מיר געשיקט סכומים געלט אַלס אַוואַנס. עס איז מיר געוואָרן מאַטעריעל בעסער, און מיר האָבן זיך אַריינגע־צויגן אין אַ קליין שטיבל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן פון אַ גרויסן גאָרטן פון פרוכטביימער. דעמאָלט האָב איך אַוועקגעלייגט „בראַנד" אָן אַ זייט, און האָב גאַנצע טעג אַרומשפּאַצירט אין די פעלדער. דער לוסט צו וואַנדערן האָט אויפסניי אויפגעוואַכט אין מיר נאָך דעם לאַנגן אָפּרו, און איך בין אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, ווו עס איז פאַר מיר באַשטימט געוואָרן אַ קנאַפּ־לוינבארע און נישט אינטערעסאַנטע אַרבעט אין „מוריה". און נאָר די נאַענטקייט פון ביאַליק און די נאָענטקייט פונעם ים האָבן דערפרייט יענעם פרילינג, און מיין לאַנגווייליקע אַרבעט, וועל־כע האָט נישט לאַנג געדויערט. דער גרויסער גאָרטן, וואָס זיינע באַהאַל־טענע ערטער האָט מיין מיידעלע דערפרייט ווי אַ קליין פייגעלע, האָט מיך אומגעקערט אין דער שטאָט, אין וועלכער מיין גאַנצע וועלט איז געווען קאָנצענטרירט.

פון יענעם נישט פריילעכן פרילינג וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין אדעס, איז נאָר איין געשעעניש פאַרבליבן ביי מיר אין זכרון — אַ מין „באַגעגעניש מיטן צאַר ניקאָליי" דער לעצטער פון די צאַרן. ווען איך בין איינמאָל אינדערפרי דורכגעגאַנגען דעם אַלעקסאַנדראָווסקי פּאַרק, האָב איך אים דערזען אין דעם מאָמענט, ווען די קעפּ פון שטאָט האָבן אים מקבל־פּנים געווען בעת ער האָט זיך אומגעקערט פון גאַליציע, וועל־כע די רוסן האָבן דעמאָלט געהאַט דעראָבערט. דאָס איז געווען אַ טרי־

אומף־רייזע, אַזוי צו זאָגן; אָבער ווען דער צאַר איז אָנגעקומען אויפֿן פּראַנט פון פּשעמישל, האָבן זיינע חיילות שוין אָנגעהויבן אָפּטרעטן און די פעסטונג האָט געהאַלטן ביי פאַלן. איך בין געשטאַנען עטלעכע טריט פון דעם אָרט, ווו די פּרעכטיקע פּרוי פונעם בירגער־מייסטער האָט אים באַגריסט מיט אונטערטעניקייט־רעוועראַנס, און ער איז געשטאַנען אַ טרויעריקער, אַ נעבעכדיקער, אַ מענטש אַ קאַלירלאָזער, חן־לאָזער, כאַראַקטערלאָזער, און ער האָט אַפילו קיין שמייכל נישט געטון אויס העפלעכקייט — אַזוי דערדריקט, קענטיק, האָט ער זיך אומגעקערט פון דער „טריאומף־רייזע". מיט אַ יאָר צוריק האָב איך געהאַט געזען אין בערלין ווילהעלם דעם 2טן מיט דעם אָפּגעטרוקנטן אָרעם, בעת ער האָט מיט חוצפּה און גאווה געדעדט פאַרן פאָלק. אויך אין פאַרגלייך מיט אים, וועלכער איז נישט געווען איבעריק סימפּאַטיש, האָט ניקאָליי אויסגעזען אַזוי נישטיק, אַז ווען עס האָט אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע, און ווען ער איז אומגעלאָפן אין זיין צוג פון פּראַנט צו פּראַנט, אַן איינזאַמער און הילפלאָזער, איז זיין פאַלן געווען זיכער.

***

די חדשים פון יענעם זומער, אין וועלכע עס איז קלאָר געוואָרן די מפּלה פון דער צאַריסטישער רוסלאַנד, זענען געווען זייער געשפּאַנטע. אינסטינקטיוו האָב איך געפילט, אַז עפּעס וועט געשען, און איך האָב נישט געוווסט וואָס. כדי זיך צו באַרואיקן, האָב איך מיך אַוועקגעזעצט און געלייענט די ווערק פון רענאַן, וועלכע האָבן מיך דערווייטערט פון דעם טומל פון דער צייט, און האָבן אַרויפגעטריפט אויף מיר אַ גייסט פון פאַרגעסנקייט און רו. איך האָב מיך דערנענטערט צו דער אַלטער וועלט — צום געלייטערטן רענאַן־קריסטנטום. איך האָב אויפסניי איבערגעלייענט „דאָס לעבן פון יעזוס", די ווונדערלעכע שאַפונג וועלכע אָסקאַר ווײַלד רופט אַן „די פינפטע עוואַנגעליע", און וועלכע איז ביז היינט, נישט געקוקט אויף אַלע אימיטאַציעס זייערע און אונדזערע, אַ קלאַסיש ווערק מיט זיין לויטערער שפּראַך און באַנעם. און ווירקלעך:

אַרנטלעכקייט און חכמה ווען זיי פאַראייניקן זיך, פאַרוואַנדלען זיי אויך דעם ווייסנשאַפטלער אין אַ פּאָעט.

איך האָב איבערגעלייענט אַלע בענד וועגן דעם לעבן פון די אַפּאָס־טאָלן. די געשיכטע האָט זיך דאָ אַנגעטון אין יום־טוב־קליידער, און האָט אויסגעזען אינגאַנצן אַן איבערגעזיפּטע, אַן אויסגעשפּילטע. געוויס איז דאָס אַ טייערע אייגנשאַפט. און איך האָב פיל געלערנט דאַן פון רענאַנס ווערק, כאָטש איך האָב שפּעטער דערקענט ווי שטאַרק געפערלעך עס איז אַזאַ גרויסער צויבער.

אין יענעם זומער האָב איך, פאַרפולקאָמענדיק זיך אין דער פראַנ־צויזישער שפּראַך, דערקענט דעם רייצנדן חן פונעם פראַנצויזישן זשעני פון אַ צווייטער זייט. צום ערשטן מאָל האָב איך געלייענט באַדלערן אין אָריגינאַל. און דאָ איז אַלץ געווען אַזוי אַנדערש פון רענאַנס וועלט — און גלייכצייטיק: זעגען דען נישט דאָס רעליגיעזע געפיל, די בענקשאַפט צו די הימלען, דער צויבער פון דער דאָזיקער פּאָעזיע, וואָס איז נישטאָ צו איר קיין גלייכן אַ שולע פאַר אַ דיכטער.

אַ פּאָעזיע, וועלכע איז נאָך פילייכט ביז היינט דער ערשטער מוס־טער פון גוטן מאָדערניזם.



דער צענטער פון דער שטאָט, איז געווען נאַקעט, אָן חן, — אַן „אור־יעזד״־שטאָט, נישט יידיש און נישט אַסימילירט. איך האָב אין איר נישט געפונען אפילו קיין שפּורן פון די היסטאָרישע געשעענישן. איינמאָל בין איך מיך געגאַנגען באָדן אין יענעם טייך, אין וועלכן עס האָט זיך, לויט דער לעגענדע, דערטרונקען אַ שיינע יידישע טאָכטער, כדי געראַטעוועט צו ווערן פון אַ קאָזאַק, אָבער קיין שום לעגענדאַרישער גייסט האָט נישט געשוועבט איף יענעם וואַסער.

איך געדענק בלויז איין טאָג, וואָס אין אים איז געווען עפּעס פון די געשעענישן פון ת״ח. ווען עס איז צו אונדז אָנגעקומען די ידיעה אַז נישט ווייט פון דער שטאָט דאַרף פאַרבייגיין אַ גרופּע גאַליציאַנער פּלי־

טים, האָב איך מיך באַטייליקט אין דעם הילפס־קאָמיטעט און האָב אַרויסבאַקומען פון די נעמיראָווער קרעמער נישט קליינע קוואַנטיטעטן שפּייז, קליידער און וועש. פאַרנאַכט בין איך אין דער באַגלייטונג פון אַ בלאָנדער מיידל, אַ סטודענטקע פון קיעוו, אָנגעקומען צום פעלד, ווו מיר האָבן דערזען די פּליטים, וועלכע זענען געגאַנגען אָן כוח, באַגלייט פון זשאַנדאַרן. דאָס בילד איז געווען אַזוי דערדריקנדיק, אַז פון אונדזערע ביידנס אויגן האָבן גערונען טרערן די גאַנצע צייט, וואָס מיר האָבן פאַר־טיילט די שפּייז און די קליידער פאַר נויטבאַדערפטיקע (עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געוואָלט אָננעמען קיין שטיצע). אָבער די פּלי־טים גופא האָבן, צו אונדזער שטוינונג, אויסגעזען רואיקער פון אונדז. זיי האָבן, קענטיק, שלום געמאַכט מיט זייער מצב, און אויך די גוטהאַר־ציקייט פון זייערע ברידער אין רוסלאַנד, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין יעדן אָרט ווו זיי זענען דורכגעגאַנגען, האָט אין זיי איינגעפלאַנצט דעם בטחון, אַז זיי וועלן נישט פאַרלוירן גיין אין דעם פרעמדן לאַנד.

די אָפענע האַנט פון די נעמיראָווער איינוווינער אין יענעם טאָג האָט זיי אַ סך דערנענטערט צו מיר. פון יענעם טאָג אָן האָבן זיך אויך פאַרמערט מיינע באַקאַנטע, און איך האָב מיך באַטראַכט ווי איינער פון די שטאָט־תושבים, און נישט ווי אַ גאַסט „וואָס קומט אויף אַ ווייל".

***

שיין זענען געווען די טעג, די לאַנגע זומער־טעג, ווען איך בין גע־זעסן אין דעם גרויסן גאָרטן פון פּרוכטביימער וואָס הינטער מיין דירה, און פון צווישן די ביימער האָט זיך צו מיר דערטראָגן דאָס געלעכטער פון מיין טעכטערל, וועלכע האָט זיך אַרויסגעריסן פונעם בעל־הבית, וואָס האָט זי צופּיל געפּיעשטשעט, נאָכדעם ווי איר איז נמאס געוואָרן צו זיצן ביי אים אויף די קני. דאַקעגן האָט זי זיך איבערגעגעבן מיט חשק אין די אָרימס פון דער קריסטלעכער מיידל, די טאָכטער פונעם ריכ־טערס עקאָנאָם, וועלכער האָט געוווינט אין יענעם הויז. דאָס איז גע־

ווען אַ שיין מיידל, אַ טיפּישע אוקראַינערן לויט איר פיגור, און איר פעסטן קערפּער. אין אירע קאָלירטע קליידער, מיט אירע לאַנגע צעפּ און שוואַרצע אויגנברעמען האָט זי, קענטיק, צוגעצויגן דאָס קינד, און די ליבע צו דער קליינער יידישער טאָכטער מצד דעם גרויסן פרעמדן מיידל איז געווען אָן אַ שיעור און אָן אַ ברעג. ווען דאָס קינד איז צו איר אַריינגעפאַלן אין די הענט אַריין, האָט זי עס נישט אָפּגעלאָזט, און זי פלעגט אַרומוואַנדערן אין גאָרטן, און אין הויף כדי איר צו געפינען. — אַזוי גרויס איז געווען איר בענקשאַפט צו איר.

אין אַ צייט אַרום, ווען עס זענען צו אונדז אָנגעקומען ידיעות וועגן דער מערדערישער גרויזאַמקייט פון די אוקראַינער צו יידישע קינדער, האָב איך מיך דערמאָנט אין דער פרעמדער און האָב מיך געפרעגט אויב זי איז אויך געווען צווישן יענע חיות.

סוף זומער, ווען ביאַליק האָט געזען אַז מיין אַרבעט גייט נישט פאָרויס אין נעמיראָוו, איז ער באַשטאַנען דערויף אַז איך דאַרף אַרי־בערפאָרן קיין אָדעס. ער האָט זיך דאָן אומגעקערט פון דעם וואַלד־וואַלין, דאָרט ווו דער שאַפונגס־גייסט האָט אין אים אויפגעוואַכט. ער האָט דאַן געהאַט אָנגעשריבן דעם שיר „יהי חלקי עמכם", מיט וועלכן ער איז אַריינגעטראָטן אין אַ נייער שאַפונגס־פּאַזע, פון אַ גרויסן הומאַני־טארן ניוואָ, וואָס האָט אָנגעזאָגט די געבענטשטע עפּאָכע פון „כנסת". די פרייד האָט געהערשט אין זיין מחיצה, און ער האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן זיין צוזאַמען.

אָבער מיין לעבן אין אָדעס אָן בת־שבע און די קינדער איז געווען זייער טרויעריק. עס האָט זיך אויפסנייַ אָנגעהויבן אַ בריוו־אויסטויש צווישן אונדז צו זען ווער וועמען וועט גובר זיין — זי האָט נישט גע־גלויבט, אַז אונדזער לעבן, באַזונדערס דאָס לעבן פון די קינדער, וועט זיין באַקוועמער אין דער גרויסער שטאָט, אין וועלכער מען האָט שוין געמערקט די מלחמה־מהומה, און זי האָט מיך גערופן זיך אומקערן אין דעם אידילישן נעמיראָוו.

אָבער איך האָב געפילט, — אָן לאָגישע מאָטיוון, — אַז איך טאָר

מיך נישט אומקערן אין דער שטאָט וואָס האָט מיך פויל געמאַכט — אַז ס׳איז געקומען דער מאָמענט צו מאַכן אַן ענדע צום לײדיקגײן וואָס שוואַכט אָפּ, און וואָס האָט זיך געצויגן כמעט אַ גאַנץ יאָר.

ווען ס׳איז איר געוואָרן קלאָר, אַז דאָס זיצן אין אָדעס קען מיך אומ־קערן צו מײן אַרבעט, האָט זי באַלד אויפגעגעבן אירע לעקציעס, און האָט זיך געגרייט מיט איר כאַראַקטעריסטישער אײלעניש אין וועג אַרײן.

און מיט דעם זונפאַרגאַנג פון אײנעם פון די ערשטע האַרבסטיקע טעג, האָט זיך אָנגעפולט מײן האָטעל־צימער אויף דער יעקאַטערינינסקאַ־גאַס מיט דעם פרײלעכן רעש פונעם קלײנוואַרג און דעם לויטערן גע־שטאַלט פון דער פרוי, וואָס אין איר מחיצה קומט שטענדיק אויף מיר די רואיקײט, קומט דער ווילן צו לעבן און צו טון פאַרן לעבן.

# פון מיין ערשטער רייזע קיין ארץ ישראל

## צווישן בערג

שוין אַרויספאָרנדיק פון ווין, האָט אַ נייע וועלט מיך פאַרשלונגען און מיט מאַכט אָפּגעריסן פון דער פאַרגאַנגענהייט. אין ווין האָט מיך נאָך עפּעס אומבאַמערקט געדריקט.

ווין איז זייער שיין, נאָר עפּעס אַ מידקייט איז אויסגעגאָסן אויף איר. זי נעמט אונדז מיט דעם וווּנדערבאַרן חן פון אַ שיינער פרוי, וואָס הייבט שוין אָן צו וועלקן. דאָ פליסט נישט דאָס קרעפטיקע, בלוט־פולע לעבן פון אַ מלוכה, ווו עס בליט די האָפענונג. אַלצדינג איז דאָ צאַרט און פאַרחלומט און וועלקט זיך שטילערהייט; אפילו דער רעש איז דאָ דער רעש פון מידע לויטערע וואַסערן. ווין איז די שטאָט פון עפּעס אַ מין ערנסטן עפּיקורעאיזם, זי פאַרמאָגט רויטס, האָט איר אייגענע, ווינער קולטור. עס אָטעמט זיך יאָ לייכטער, ווי אין אַ בערלין; נאָר עס פעלט ליידנשאַפט, לעבנס־לוסט. אויף אַלצדינג ליגט דער קוים באַמערקטער שמייכל פון קלוגער פאַראַכטונג.

ווי נאָר איך האָב זיך דערפילט אויסער ווין, און דער דרום־צוג האָט מיך געטראָגן קיין טריעסט, צום פייערלעכן דרום, איז מיר ווי לייכטער געוואָרן צו אָטעמען. געווען איז אַ ליכטיקער זומער־טאָג, נאָך מיטיק. דער צוג איז געווען פול געפּאַקט מיט דייטשן. געזונטע, צופרידענע פּני־מער, אַביסל צופיל געזונטע און צופרידענע — פון אַלע זייטן. די גע־ציילטע עטלעכע יידן, מערסטנטייל, יונגע לייט, וואָס פאָרן קיין א״י מיט זייערע בלייכע אָנגעשטרענגטע פּנימער, מאַכן אַ מאָדנעם איינדרוק אויף דעם פאָן פון צופרידנקייט, וואָס הערשט דאָ אַרום, אַ ברוינער ייד פון ירושלים, וואָס האָט אין ווין געהיילט זיין ווייב, אַ בלאסע ליידנדיקע פרוי,

מיט אויסערגעוויינלעך שיינע אויגן, פון וועלכע דער גאַנצער וואַגאָן קאָן זיך נישט אָפּרייסן, זיצט אויף זיין געפּעק, אַ מידער און פאַרמוטשעטער, און דריקט אויס זיין שכן, אַ ווילד־צעשויבערטן יונגנמאַן פון צפת מיט אַ הונגעריקן אויסדרוק אין די אויסגעלאָשענע אויגן, זיין התפעלות פון די ווינער דאָקטוירים, וואָס האָבן זיין פרוי פון טויט לעבעדיק געמאַכט. אַ ייד פון גאַליציע, אַ נידעריקער בלאָנדין מיט פלינקע באַוועגונגען, קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען און דרייט זיך מיטן געפּעק איבערן וואַגאָן מיט טענות אויף דער גאַנצער וועלט. נאָר אַ בלייכער פּוילישער בחור, חסידיש געקליידט, וואָס איז, ווייזט אויס, פון דער היים אַנטלאָפן פון זיינע עלטערן, שטייט ביים פענצטער אַ שטילער און פאַרטרוימטער, און אַ געזונט מיידל מיט רויטע באַקן, וואָס איז אונדז אַלעמען מכבד מיט טיי פון אַ בלויען טשייניק און מיט געשמאַק געבעקס, זעט אויס צו זיין רו־איק און זיכער. נישט אַנדערש, זי פאָרט צום חתן קיין ארץ־ישראל, און קיין שום ספיקות קווען זי שוין נישט מער.

באַקענט זיך אַביסל מיט מיינע רייזע־חברים, רוק איך זיך איבער אין צווייטן עק וואַגאָן און שטעל זיך אַוועק ביים אָפענעם פענצטער. אַ בליענדיקע וועלט אַנטפּלעקט זיך פאַר מיינע אויגן. צירלעכע דערפער און שטעטלעך, ווי אויף אַ בילד געמאָלן, גרינע לאָנקעס, מיט וואַלד באַקרוינ־טע בערג. זוניקע טאָלן. וויינגערטנער טונקעלע אויף די משופּעדיקע בערג, גאָלד־העלע שניט־פעלדער, באַלאָדענע וועגן, וואָס ציען זיך רואיק און פאַמעלעך אויף די ליכטיקע וועג־סטעזשקעס. אויף אַלצדינג ליגט די ברכה פון אַרבעט־פרייד. עס איז שוין נישט די געלאָטעטע קיניגרייך, אויף וועלכן ס׳איז אויסגעגאָסן דער פרעמדער סלאַווישער אומעט. אָפּ־געטון איז געוואָרן די קללה פון דעם גרויסן פעלקער־יריד. דאָס איז ווי־דער געוואָרן דאָס אייגענע פאָלק, וואָס בויט זיין לעבן מיט זיין אומגע־הויער גרויסער ענערגיע און אויסגעהאַלטנקייט. און באַטראַכטנדיק דאָס אַלעס, האָט זיך נישט־ווילנדיק געטראַכט, אַז גליקלעך איז אפשר טאַקע נאָר דאָס פאָלק, וואָס ווינט זיך אַליין...

ביים אָפענעם וואַגאָן־פענצטער בין איך לאַנג געשטאַנען און די פרייע באַרג־לופט האָט אָן אויפהער געווייעט אויף מיר, און פון דעם

פֿרידן, וואָס האָט אַרום מיר געהערשט, איז מיר אַליין אויך געוואָרן מאָדנע־פֿרידלעך און גוט. איך האָב געפֿילט הינטער זיך, אויף טויזנט מײַלן הינטער זיך, דאָס שווערע צפֿון־לאַנד וואָס האָט מיך אין אירע קאַל־טע אָרעמס געהאַלטן אַלע מײַנע יאָרן. און פֿאַר מיר האָט דער דרום, מײַן אמתע געבורט־לאַנד, זיך אויסגעשפּרייט, אַ ליכטיקער, נאָענטער. איך האָב מיך נישט געפֿרעגט אויף דעם, וואָס וועט קומען. וועגן דעם האָב איך נאָר מורא געהאַט צו טראַכטן. נאָר איך האָב זיך געפֿילט אַ לײַכטער, אַ באַפֿרײַטער גלײַך אַ שווערע משא פֿון נוצלאָז פֿאַרבראַכטע טעג איז אָפּגעפֿאַלן פֿון מײַנע מידע פּלייצעס און געפֿרעגט האָב איך זיך און ווי־דער געפֿרעגט און באַוווּנדערט זיך: גאָט ליבער, ווי האָב איך עס אַזוי פֿיל יאָרן געפּלאָגט זיך און געדולדיק געליטן אין דער פֿרעמד?!...

ווי וווּנדערבאַר איז דער מאָמענט, ווען אונדזערע גרויסע חלומות, וואָס מיר האָבן לאַנגע צײַטן אין זיך געוועבט ווערן פֿאַרווירקלעכט. אַ באַהאַלטענער טרויער זינגט ערגעץ אין דער שטיל, ווי גלײַך עס איז שווער אונדז צו שיידן זיך מיט עפּעס. עס איז אַזוי לײַכט צו וואַרטן, עס איז אַזוי זיס צו בעטן אויף גליק: נאָר נישט לײַכט איז אויפֿצוהייבן שוין דעם אויסגעשטרעקטן בעכער און צורירן זיך צו אים מיט די דורשטיקע ליפּן...

איך רייס איבער מיט געוואַלד מײַן חלומות־געוועב און גיב אָפּ מײַנע אויגן דעם וווּנדערלעכן באַרג־לאַנד, וואָס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר מיר אַלץ מערער און מערער. שוין לאַנג האָט דער אָוונט אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דעם פֿרעמדן לאַנד, וואָס ווערט אַלץ פֿאַרווילדעטער און שענער. וואָס טיפֿער מיר פֿאָרן אַרײַן אין לאַנד, אַלץ ליידיקער ווערט אין וואַגאָן. איך בין אַליין, און געטלעך איז די שיינקייט פֿאַר דעם וואָס איז אַליין.

וואָס פֿאַר אַ וווּנדערבאַר ליכטיקייט טריפֿן די גרינע שטערן איבערן הויכלאַנד! וואָס פֿאַר אַ זיסער שוידער באַפֿאַלט דאָס מענטשלעכע האַרץ, זייענדיק אַליין צווישן די טונקעלע באַרג־ריזן, וואָס רינגלען דיך אַרום פֿון אַלע זײַטן! אוראַלטע וועלדער, ווי שוואַרצע מחנות הייבן אויף זיך אויף אַלע בערג און לאָזן זיך אַראָפּ מיט נישט געהערטע טריט און פֿאַר־פּלייצן די פֿאַרנעפּלטע טאָלן, מעכטיקע פֿעלדזן קוקן אימהדיק אויף דיר און טיפֿע אָפּגרונטן עפֿענען זיך רעכטס און לינקס צו פֿאַרשלינגען דיך.

דו ווייסט, ווי נישטיק דו ביזט אַנטקעגן זיי און דו פרייסט זיך אויף דיין נישטיקייט. דו האָסט זיך איינגאַנצן איבערגעגעבן זיי, די פרעמדע כוחות, און דו פילסט ווי גוט עס איז זיך צו באַהעפטן אין גרויסן, זיין אַ טייל פון דעם אייביקן, אָבי פ ר יי ו ו ע ר ן פון דעם קליינעם, וואָס האַלט דיך פאַרקלאַמערט אין זיינע צוואַנגען.

## קבלת־שבת אויף דער שיף

דער לאַנגער זונטאָג איבער די בלויע וואַסערן ציט זיך אומענד־לעך. איך שלעפּ זיך פון איין ווינקל שיף צום צווייטן, פּלאָנטער זיך צווישן די גראָבע אנקער־שטריק, און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. די זון הענגט פון אויבן, ווי אָפּגעטיילט פון הימל, און טרעפט מיך אומעטום. דאָס אויג ווערט מיד פון אַזאַ איבערפלוס פון ליכט, פון ווייסקייט. איך געדענק איצט מיט פאַרגעניגן דעם ווייכן, שטענדיק באַטויטן הימל פון פוילן, וואָס לאָזט זיך אַראָפּ אויף ווייסע וואָלקנדלעך נידעריק איבערן קאָפּ און שיצט דיך פון דער ווייטער ליידיקייט. דאָ איז דער הימל הויך, און זיין שטענדיק בלויע צאַרטקייט איז נאָך פרעמד מיין אָנגעשראָקע־נעם גייסט פון צפון, וואָס זוכט שטענדיק באַהעלטעניש...

צום אָוונט ווערט פייכטער די לופט, די ליידיקייט קלענער. עס ווערט היימלעכער פון דער נאַכט־נאָענטקייט, און דער מידער בליק רוט אָפּ אויף די בין־השמשותדיקע פאַרבן. איך שטיי אויף דעם הינטערשטן טייל פון דער שיף און קוק, ווי זי לאָזט איבער הינטער זיך,ביים בלייכן אָפּ־שיין פונעם אָוונט־הימל, אַ לאַנגן העלן וועג. באַענט צו דער שיף, ווו די וואַסערן קומען זיך ווידער צונויף, פּערלט זיך די פרישע שוים מיט אַ בלייך־גרינע פאַרב, וואָס מישט זיך ווידער צונויף מיט דער ווייסער ים־שוים און בלייבט דאָך אָפּגעטיילט, און וועקט מיט איר צאַרטקייט עפּעס אומבאַשטימטעס, ווי די פאַרשטעלונגען פון ווייטע אומבאַקאַנטע וווּנ־דער־לענדער, און עפּעס אַ מאָדנע שטילקייט לייגט זיך אויפן האַרצן.

ווי שטענדיק, ווען דער ים הייבט אָן צו רעדן מיט זיין צויבער־שטים, ווערט עפּעס ווי אָפּגערוקט דאָס פּערזענלעכע. איך טראַכט פון

גאָרנישט, און פון אַלצדינג. די געדאַנקען קומען און גייען, ווי די כוואַ־ליעס, וואָס ווערן איבערגעשניטן דורך אונדזער שיף, און קומען זיך נאָכ־דעם ווידער צונויף, נאָר בלייבן נאָך לאַנג צעטיילט און אָפּגעזונדערט. איז דען פאַראַן עפּעס לייכטערס, ווי טראַכטן און נישט דערטראַכטן ביזן סוף; זיך וויגן אין אייביקן ריטם און נישט שטרעבן צו קיין גרענעץ? נאָר דער ים לערנט דיך די וווּנדערלעכע חכמה פון דורכלאָזן געדאַנקען און געפילן, ווי די פרייע פייגל, נישט פאַרהאַלטנדיק זיך אויף גאָרנישט, און שפּירן דעם לייכטן צוריר פון דער וועלט, ווי דעם צוריר פון פליסיקע וואַסערן.

דער ים ווערט אַלץ טונקעלער. פון ווייטן גיסט זיך שוין דאָס וואַ־סער מיטן הימל צונויף אין איין בעפלדיקן פאָרהאַנג. נאַכט און וואַסער איז אַרום און אַן איינזאַמע שיף, וואָס גליטשט זיך שטיל צו דער פאַר־הוילענער ווייטקייט... דער ברעג, צו וועלכן מיר שטרעבן, איז נאָך ווייט, נאָר מיר פאַרטרויען זיך אינגאַנצן דיר, אונדזער פעסטע שיף! טראָג אונדז לייכט און זיכער דורך נאַכט און אומבאַוווּסטקייט צום לאַנד פון אינדזערע טרוימען!

און אָט איז שוין אינגאַנצן פינצטער, אַ נאַכטיקער הימל פון אויבן, סאַמעט־ווייך און מיט זעלטענע שטערן, און אַ שוואַרצער אָפּגרונט פון אונטן. פלוצים דערגרייכט צו מיר פון דער אונטערשטער שיף־דעק אַ זעלטזאַמער רויש, אַ געמורמל פון קולות, וואָס מישן זיך אויס און גיסן זיך צונויף, ווי דאָס רוישן פון וואַלד ביינאַכט, און צווישן זיי — איינע אַן אָפּגעשיידטע, געלייטערטע שטים, וואָס טראָגט זיך לייכט און דרינגט פאַרבייגייענדיק אַריין אין אַלע ווינקעלעך — די שטים פונעם אײ ב־ציקן.

איך הער זיך איין. אַ באַקאַנט געזאַנג — דאָס לייכטע, פרידלעך־איינגעהאַלטענע געזאַנג פון קבלת־שבת. די יידישע פּאַסאַזשירן האָבן אַ מנין געמאַכט, און איבערן טונקעלן אָוונט־ים טראָגן זיך די אַלטע ליבע שול־מעלאָדיעס, די לויטערע קלאַנגען פון „לכו נרננה“, וואָס האָבן אין זיך אויך עטוואָס פון ים־פייערלעכקייט און ים־געזאַנג.

איך גיי אַראָפּ און טרעף אַ קליינע מענגע יידן, וואָס דאַווענען. די

רויטע ליכט־צינגלעך אויף דעם אימפּראָוויזירטן עמוד באַוועגן זיך לייכט, פלאַמען אויף און טוקן זיך, און זייער אָפּשיין רוט אויף די שבתדיקע פּני־מער פון די בעטנדע. צווישן זיי דערקען איך מיין גאַליציאַנער מיטן פאַר־זאָרגטן פּנים, דאָס פּוילישע בחורל, אין וועמעס שטילע אויגן עס לייכט אַ פאַרטרויערט בענקעניש, דעם צעשויבערטן יונגנמאַן פון צפת מיט דעם הונגער־גלאַנץ אין די אויגן. נאָך מער פון אַלע ציט מיך צו דער שוואַרץ־ערדיקער שלאַנקער ייד פון ירושלים, וואָס שטייט איצט ביים עמוד און איז מקבל שבת. מיט אַזויפיל דאַנקבאַרקייט און ריינעם טרויער און צי־טערדיקע זיסקייט קלינגט זיין געלייטערט קול, אַז עס פאַרכאַפּט ביים האַרצן. ווען ער הייבט אויף זיין שטים, ווערט אַלץ אַרום אים בטל און פאַרשטומט. ער האָט געטראָפן, וואָס יעדער פון אונדז פילט דאָ איינזאַם אויפן ים, ווייט פון דער היים און נאָענט צום מקור פון געטלעכער שיינ־קייט. דאָס איז זיין קול געווען, דאָס קול פונעם איינציקן, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צווישן דעם הויכן געמורמל, און מתקן געווען די אַלע טויטע קולות פון אַרום זיך.

איך קוק זיך צו, פון אַלע ווינקעלעך לייכטן קליינע שבת־ליכט, וואָס יידישע פרויען האָבן געבענטשט, ציטערן מיט אַ שטילן פלאַם, באַוועגט פון אַ לייכט ים־ווינטל, וואָס באַרירט זיי לייכט, זאַרגזאַם. איך שטיי ביי דער זייט. איך ווייס, אַז איך בין דאָ פרעמד, נאָר איינער אַליין אין האַרץ פון די ימים, אָפּגעריסן פון נאָענטע און פון ליבע פיל איך, ווי וואַרעם מיר איז פון זייער פלאַם. איך לאָז זיך אַלץ מער באַרוישן פון די אַלט־באַקאַנטע קלאַנגען, וואָס גיסן זיך ווי ריין־געוואַשענע, ווי פריש־באַהויכ־טע, און די הערלעכקייט פונעם שבת־געזאַנג רוט אויך אויף מיר, דעם פאַרדאַמטן, אויף וועלכן די קלאָרע מלכה שבת האָט אַ רגע געלאָזט פאַלן איר גנעדיקן בליק...

ווי שטאַרק איז דער צויבער פון די אַלטע, אייביקע ווערטער! ווי אַלטער ריינער וויין באַרוישן זיי אונדז. ווי אַלטע ליבע פריינט טויכן זיי אויף פון דער פאַרגעסנקייט, און גאַנצע שטיקער הייס, בליענדיק לעבן שלעפּט מיט זיך מיט יעדער קלאַנג. דאָס האָבן זיי, די ליבע ווערטער, איינגעזאַפּט אין זיך די גאַנצע ריינקייט פון אונדזער קינדהייט,

דעם פּרוכטבאַרן טרויער פון אונדזער יוגנט, און זיי געטראָגן און געהיט אין זיך פאַר די ליידיקע טעג, וואָס וועלן קומען...

איך הער זיך איין. דער חזן צעוואַרעמט זיך אַלץ מער, און אַלץ פייערלעכער גיסן זיך די ווערטער, וואָס קלינגען דאָ, אין דער אָוונטלע־כער ים־שטילקייט, הערלעכער ווי ערגעץ ווו:

גאָטס שטים איז איבער די וואַסערן, —<br>
גאָט איז איבער די מענגע וואַסער;<br>
גאָטס שטים איז מיט קראַפט,<br>
גאָטס שטים איז מיט שיינקייט!

איך קוק „איבער די מענגע וואַסערן", וואָס אַרום אונדז. פון אַלע זייטן קוקט די נאַכט און ווייכע ווינטלעך בלאָזן און מאַכן ציטערן די שבת־ליכט; נאָר זיי ווערן נישט פאַרלאָשן. ניין, גאָטס שטים איז דאָ מיט שיינקייט, אָבער נישט מיט קראַפט. די נאָענטקייט פון גאָט שפּירט זיך איבער די וואַסערן. אָבער מען הערט זי קוים, לייכטע כוואַליעס קו־מען. קליינע עדות קומען זיי, שווימענדיק פון דער טונקלקייט, דער־נענטערן זיך און רירן זיך קוים אָן אין די שיפוועגט, און שפּרינגען אָפּ מיט אַ ריטמישן פּליעסק צוריק. און די שיף טראָגט זיך אַלץ ווייטער אין דער טונקעלער ווייטקייט, און די לייכטע כוואַליעס צענעמען זיך ווי אַליין, מאַכנדיק פאַר אונדז אַ וועג אין דעם אומענדלעכן ים־סטעפּ.

גאָטס פרידן איז איבער די וואַסערן.

# ש. בן ציון

## — א —

### בעלץ און טעלענעשט

צווישן בעלץ, מיין געבוירנשטאָט, און טעלענעשט, די געבוירנשטאָט פון ש. בן־ציון איז אַ מרחק פון פופציק קילאָמעטער. ווענדליק די שטענדיק אין בלאָטע פאַרזונקענע וועגן פון יענער צייט, איז דאָס געווען אַ לאַנגער וועג. בערג, טאָלן, און גרינע, ברייטע סטעפּעס, לאָנקעס פאַר צענדליקער טויזנטער שאָף, וואָס זענען געווען די פּרנסה פון די „ברינזאַרעס" (קעזקאָכערס) פון מיין שטאָט, האָבן צעטיילט די צוויי דערמאָנטע ערטער. און דאָך זענען זיי געווען פאַרבונדן מיט אַ שטענדיקן און שטאַרקן קשר און געזונטע בעל־עגלות מיט צעשויבערטע בערד, וואָס זענען געשטאַנען ביי די אכסניות און האָבן מיט איין זופּ אויסגעטרונקען אַ גלאָז בראָנפן און צוגעביסן מיט אַ באָלגאַרישער ציבעלע, וואָס האָט אַרויסגערופן טרערן אין די אויגן, האָבן טאָג איין, טאָג אויס, אַריבערגעפירט אַלערליי פאַרשוינען פון אונדזער „קימפּ" (סטעפּ) — שטאָט צו דער געגנט פון די „קאָדרעס"[1]) און צוריק.

אין דער צייט פון מיין קינדהייט פלעג דאָס קליינע טעלענעשט צושטעלן נישט נאָר ווייסן און רויטן וויין און געטרוקנטע פלוימען און ניס, איינע אין דער וועלט פאַר די העלדזער פון די בעלצער, נייערט זי

1) „קאָדרע" מיינט וו ע ל ד ע ר אויף מאָלדאַוואַניש. יידן האָבן גערופן „קאָדרעס" די געגנט פון די וויינגערטנער און סעדער פון פלוימען, ניס אאַז"וו. די רעד.

פלעג אויך ברענגען אַלע יאָר אַ היפּשע צאָל יונגעלייט מיט איידעלע פּנימער, וואָס האָבן געהאַט אי אַ ריח פון תורה, אי אַ ריח פון השכלה, פאַר די רויטבאַקנדיקע טעכטער פון די קרעמער און סוחרים, וועלכע האָבן געמאַכט אַ שטיקל פאַרמעגן. דאָס בעלץ פון יענער צייט איז געווען אַ שטאָט אַ מדבר, וואָס איז געלעגן ווייט פון דער אייזנבאַן און פון די תורה־צענטערן און איז אפילו אין בעסאַראַביע געווען באַרימט מיט אירע עמי־הארצים און יעדער יונגערמאַן, וואָס איז עולה לתורה געווען און געזאָגט אנגענעמען מפטיר און איז נישט געשלאָגן געווען אין דער „עברי", איז געקרוינט געוואָרן ווי אַ תלמיד חכם און מען האָט זיך מיט אים געבענטשט.

אין מיין יוגנט, ווען מיין נשמה האָט געלעכצט נאָך השכלה, און קיין העברעאיש בוך איז כמעט נישט געווען צו קריגן, האָב איך געבעטן גאָט, אַז עס זאָלן קומען אַלץ מערער טעלענעשטער יונגעלייט, ווייל זיי האָבן באַקומען דעם „המליץ" און די „הצפירה" און אין זייערע שטיבער זענען מיר צום ערשטן מאָל אַנטפּלעקט געוואָרן אחד העמ׳ס „על פרשת דרכים", די „לוחות אחיאָסף" און די ערשטע „השלוח"־נומערן. און ס׳איז קיין חידוש נישט, וואָס טעלענעשט איז ביי מיר פאַרבליבן אויף אַ לאַנגער צייט אין האַרצן, ווי אַ שטאָט, וואָס דערציט יונגעלייט משכילים, יונגע שרייבער, פּאָעטן און עקסטערנעס און איך האָב שטענדיק געחלומט צו קומען אַמאָל אין יענער שטאָט אַריין און זי זען אין איר פולער שיינקייט און פּראַכט.

— ב —

## אין פינקלמאַנס בוכהאַנדלונג

נאָך דעם, וואָס מען האָט אויסגעבויט אַן אייזנבאַן לעבן בעלץ און די שפע איז דאָרט גרעסער געוואָרן, איז אויך גרעסער געוואָרן די צאָל משכילישע יונגעלייט פון טעלענעשט, וואָס זענען געקומען זוכן פּרנסה ביי אונדז. און אָט דער שטראָם האָט פאַרשלעפּט צו אונדז עטלעכע ליטעראַטור־מענטשן, געבוירענע אין טעלענעשט, וואָס איך האָב אין מיין

יוגנט זיך געוואָרעמט ביי זייער פייער און פון זיי האָב איך זיך דער־וווּסט אייניקע פּרטים וועגן דעם לעבן פון ש. בן ציון, וואָס איז שוין, אויב איך האָב קיין טעות נישט, געהאַט אַוועקגעפאָרן פון דאָרט.

די צוויי, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות צו ליטעראַטור, זענען געווען א. ד. ראָזנטאַל און מ. פינקלמאַן. ביידע זענען שוין איצטער אויף דער אמתער וועלט. דער ערשטער איז געווען אַ קלוגער ייד, אַ בן תורה און אַ משכיל, אַ סוחר, אַ לערער און אַ מוכר ספרים. ער האָט געוואַנדערט אַ גאַנץ לעבן, זוכנדיק ברויט און ער האָט קיינמאָל קיין מזל נישט געהאַט און האָט זייער שווער געהאָרעוועט אַ גאַנץ לעבן. מיר האָבן געוווּסט, אַז ער האָט עפּעס פאַרעפנטלעכט אין „המליץ" און אין „יודישעס פאָלקס־בלאַט" און ער האָט זוכה געווען אַפילו צו האָבן אָפּגעדרוקט אַ קליינע סקיצע אין „לוח אחיאָסף" און צו באַקומען אַ פאַרבעטונג פון אחד העמ׳ען אַליין זיך צו באַטייליקן אין „השלוח". מיר האָבן אים אַרויסגע־וויזן אַ סך דרך־ארץ און מיר האָבן מיט ציטער געבראַכט צו אים אונ־דזערע ערשטע ליטעראַרישע פּרוּוון און ער, וואָס איז געווען אַ גרויסער מחמיר, פלעג אונדז אָפּקילן מיט זיין ניכטערן שמייכל און זייענדיק אַ פאַנאַטישער רעאַליסט פלעג ער טענה׳ן:

— פערזן, מליצות, מעשי נערות... נישטאָ קיין סימן פון קיין ממשותדיקער זאַך, פון קיין רעאַליזם.

„רעאַליזם" — דאָס איז געווען דער אָנהייב און סוף אין די וויכו־חים פון די משכילים און לערער אין דער בוכהאַנדלונג פון מ. פינקלמאַן, וואָס איז אויך געווען אַ טעלעגעשטער און וואָס האָט איין מאָל אין אַ שמיטה פאַרעפנטלעכט אַ סקיצע אין „יוד". ער האָט אויך געהאַלטן פון זאַלאַן און פון זיין רעאַליזם, וואָס האָט נישט קיין גלייכן. די טעלעגעש־טער זענען מסתמא געווען די עקסטרעמסטע רעאַליסטן אין דער גאַנצער וועלט און זייער רעאַליזם האָט אונדז פאַרנמאָסט דאָס לעבן.

איך האָב זיך דערפאַר נישט געחידושט, וואָס די זאַכן פון ש. בן ציון זענען אַלע געווען רעאַליסטישע פּראָדוקטן אין פולן זין פון וואָרט. שוין דעמאָלט איז געווען קלאָר, אַז ער איז דער איינציקער פון די דריי חברים, וואָס דאָס מזל האָט אים אַ שמייכל געטאָן און ער איז שוין גע־

ווען נאָענט צו דער מזרח־וואַנט אין היכל פון דער העברעאישער ליטע־ראַטור. ווי דער שטייגער אין צווישן חברים, ווען איינעם שפּילט צו דאָס מזל, רעדט מען פאַרביטערט וועגן אים און מען האָט פאַר אים דרך־ארץ. ראַזנטאַל, וואָס איז געווען אַ זון פון אַן עושר און וועלכער האָט געלערנט די דייטשע און פראַנצויזישע ליטעראַטור אין אָריגינאַל, האָט גערעדט וועגן ש. בן ציונס וויסן מיט אַ ביסל ביטול, אָבער ווען עס איז אָנגעקומען אַ העפט פון „השלוח" מיט זיין דערציילונג „לכבוד שבת" (אין די שריפטן הייסט זי — „איש הקהל" — אַ קהלס מענטש), האָט ער נישט געקענט איינהאַלטן זיין באַגייסטערונג און ער האָט דאָרט גע־פונען סוף כל סוף יענעם „רעאַליזם", נאָך וועלכן ער האָט געבענקט אַ גאַנץ לעבן.

— ג —

## די ערשטע זאַכן

די ערשטע זאַכן פון ש. בן ציון האָבן ביי מיר נישט אַרויסגערופן קיין סך התלהבות. אין אַ געוויסער מאָס האָבן זיי מיך אויך עפּעס אָפּ־געשטויסן. דווקא זיינע גרויסע מעלות, וועלכע האָבן אים געהאָלפן מצטרף צו ווערן צו די אויסגעצייכנטע נעמען אין אונדזער ליטעראַטור, דאָס דערגראָבן זיך צו דעם אייגענעם נוסח, דאָס אָנכאַפּן דעם פאָלקס־שטייגער', ווי אַ באַזונדערן ווערט, וואָס מען דאַרף אים אויסטיילן, בולט מאַכן און דערפירן צו אַ יסוד פון אָריגינעל־עפּישער קונסט (וואָס איז געווען אַ המשך פון מענדעלען מיט אַ צושמעלץ פון אַביסל ליריזם, נשמהדיקייט און אפילו סימבאָליזם, וואָס האָט דערנאָך אַרומגעכאַפּט בעל כרחו דעם מענדעלע שטייגער), אָט דאָס אַלץ האָט מיר אויסגעזען גרוי און איבעריק. איך האָב שוין דעמאָלט געהאַט פאַרזוכט עפּעס פון דער רוסישער און פראַנצויזישער סימבאָליסטישער פּאָעזיע און עס האָט אין מיר נאָך נישט געהאַט אויסגעוועפּט דער ריח פון מאַפּו׳ן און איך האָב זיך נישט געקענט דערנענטערן צו ש. בן ציון און זיך צו באַהעפטן מיט אים. איך האָב געוווסט, אַז זיין אויטאָביאָגראַפישע דערציילונג

„זייד", איז אַ זאַך, וואָס קומט נישט נאָר לערנען וועגן דעם יחיד און אַז דאָרט איז שוין פאַראַן אַ רמז אויף דעם גאַנצן דור. אויך אין „לכבוד שבת" האָב איך שוין לאַנג דערקענט אַן אמתדיקע שאַפונג, וואָס ציט די יניקה פון דעם לעבנס־טרויער, וועלכע שפּראָצט אַרויס אינגאַנצן פון דער ערד', אָבער מיין נשמה האָט געדורשט נאָך לעגענדע, שירה, איך האָב געוואָלט אַוועק פון דער ענגשאַפט פון אָט דעם לעבן, איך בין געווען אַ ציטערנדיק און פאַרחלומט יינגל און פון דאָרט האָט אַרויסגעקוקט די אָרעמקייט, די יידישע אָרעמקייט, וואָס האָט נישט קיין אויסוועג, אין דער פולער מאָס פון איר שרעקלעכקייט.

ווען איך ברענג דאָס אַלץ אַרויף אויף מיין זכרון, פאַרשטיי איך ווי האַרב עס זענען אונדזערע פאָדערונגען ביי דער יוגנט צו פאַרזינקען אין אַזאַ טרויעריקער וועלט, אין וועלכער נאָר אַ רייפער מענטש קען אַנטדעקן עפּעס, וואָס איז נאָענט און טייער און איז פול מיט פּאָעזיע. אוי, נישט גרינג האָט זיך געעפנט אַ יונג האַרץ פאַר אַזעלכע צאָרנדיקע גייסטער.

— ד —

## אין זיין געבוירן־שטאָט

סוף־כל־סוף האָט זיך מיר איינגעגעבן צו זען די געבוירנשטאָט פון ש. בן ציון. דעמאָלט בין איך שוין אַליין געווען ביים אָנהייב פון מיין וועג. אין מיין קעשענע האָב איך שוין געהאַט אייניקע בריוו פון אָדעסער און וואַרשעווער גדולים. די דאָזיקע בריוו האָבן געשטאַרקט מיין גייסט אין מאָמענטן פון יאוש, וואָס כאַפּט געוויינלעך אַרום אין דער תקופה, ווען מען הייבט אָן שרייבן. און איידער איך האָב זיך געדאַרפט אַריינוואַרפן אין שטורמישן ים, וואָס זיין נאָמען איז געווען אָדעס, בין איך אַריינגעפאָרן אין דעם קליינעם שטעטל, וואָס ביים ברעג פון די וויינגערטנער'. אָבער ש. בן ציון איז שוין דעמאָלט געווען לערער אין ניקאָלייעוו און אין שטעטל זענען אַרומגעגאַנגען יונגעלייטלעך, וואָס האָבן

געריעדט רוסיש און זענען געווען ווייט פון דער העברעאישער ליטעראַ־טור.

אין אַ פרילינג־פרימאָרגן, ווען עס האָט געגאָסן אַ רעגן, בין איך אַריינגעפאַלן אין דער איינציקער לאַנגער גאַס פון שטעטל — אַ וויסטע גאַס, אָן איין בליענדיקן בוים, אָן אַ פריילעכער פאַרב, וואָס האָט גע־האַט פון ביידע זייטן יידישע קלייטן. מיין נשמה איז טרויעריק געוואָרן. דער יונגער עקסטערן, אין דער שוואַרצער „קאַסאָוואָראָטקע" (העמד מיט אַ קרומען קאָלנער), וואָס האָט מיך געפירט אין הויז פון דאָקטאָר, בכדי צו באַפרייען מיך אַביסל פון דעם פּראָווינציעלן לאַנגווייל, האָט מיך גע־פּרוווט טרייסטן און ער האָט מיר געוואָלט איינריידן, אַז דער טרויער שטאַמט פון פאַרשאָלטענעם שלעכטן וועטער, אָבער די פּנימער פון די יידן, וועלכע איך האָב געטראָפן, האָבן אויסגעזען מער טרויעריק, ווי דאָס פאַרשאָלטענע וועטער. אַלע האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען ווי יענער קהלס־מענטש, דער באַליידיקטער, וואָס איז אַזוי לעבעדיק אָפּגע־מאָלן געוואָרן אין דער דערציילונג „לכבוד שבת". און ווען איך האָב דערנאָך געלייענט בן ציונס „נפש רצוצה", האָב איך גוט פאַרשטאַנען פון וואַנען די מרה שחורה פון בוך ציט איר יניקה.

אָבער מיין שטימונג האָט זיך געביטן, בשעת זון־פאַרגאַנג, ווען דער רעגן האָט אויפגעהערט און דינע סטעזשקעס האָבן געגלאַנצט אין דער בלאָטע און מען האָט געקענט אַרויסגיין אין דער מאַהאַלע (פאָרשטאָט), אויבן, ווו עס האָבן געבליט די סעדער און די וויינגערטנער האָבן געשיינט. אין איין רגע איז אויסגעוועפּט געוואָרן די גאַנצע מרה שחורה מיינע און עס איז אַנטבלויזט געוואָרן דער מקור פון דער בעסאַראַבישער שפע. דאָס פרישע, שמעקנדיקע גראָז איז אַריינגעשלעפּט געוואָרן אין שטעטל אַריין און גלעקלעך פון טשערעדעס (סטאַדעס) און פייפלעך פון פּאַסטו־כער האָבן זיך אַריינגעגאָסן אין צאַרטן בין־השמשות און האָבן דאָס גאַנ־צע שטעטל מבטל געווען. אייניקע טריט פון גיהנום האָט די געבענטשטע ערד געשאָנקען אירע גוטע ריחות און עס איז געוואָרן פאַרשטענדלעך פון וואַנען די אידיליע פון ש. בן ציון ציט איר יניקה.

— ה —

## די ערשטע דערנענטערונג

אַ סך מיינען, אַז אַ שרייבער איז קונה זיין וועלט נאָר מיט איין גרויסן ווערק, וואָס איר שפּור בלייבט אין דער עפּאָכע. אָבער זייער אָפט ווערן מיר צוגעבונדן צו אַ דיכטער אויף אונדזער גאַנצן לעבן צוליב איין שטריך, וואָס איז נאָענט צו אונדזערע הערצער, צוליב איין ניגון, וואָס דרינגט אַריין אין אונדזער נשמה — אפשר דערפאַר, ווייל מיר האָבן אים פּונקט דעמאָלט נייטיק געהאַט. פון דער אייגענער געניטקייט ווייס איך, אַז ביז היינט זענען מיר אייניקע דיכטער נאָענט צוליב איין שיר, אפילו צוליב איין שטריך, וואָס האָט מיר אַנטפּלעקט אַ גאַנצע וועלט.

דער דיכטער ש. בן ציון איז מיר לכתחילה אַנטפּלעקט געוואָרן מיט זיינע קליינע פּאָעטישע סקיצן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין אַ נו־מער פון „הדור"[1] (דעם ערשטן). קיינער האָט וועגן דעם נישט גע־טראַכט. אַ רעאַליסט פאַר עקסעלאַנס האָט פּלוצים אָנגעהויבן שרייבן ווי אַ סימבאָליסט... עס איז געווען אַ יונגער ציטער אין די פאַרנעפּלטע פּיי־יאַזש־שטריכן און פון דעם שאָטן האָבן אַרויסגעבליקט טיפקייטן און עס האָבן געצויבערט אַנדערע וועלטן. האָט נישט דאָרט אָנגעהויבן דער קריי־זיס, וואָס איז שפּעטער געקומען און וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס לעבן און דאָס שאַפן פון ש. בן־ציון אויף שטענדיק?

אפשר האָבן יענע שטריכן מיך דעמאָלט צו אים דערנענטערט און דעמאָלט איז ער מיר געוואָרן באַזונדער ליב און טייער. דעמאָלט האָב איך געהערט זיין קול, געזען די שיינקייט פון זיין נשמה — און אָן דעם קען מען דאָך נישט דערקענען קיין דיכטער.

---

1) אַ העברעאישער וואָכן־זשורנאַל, וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון דוד פרישמאַן. — די רעד.

יעקב פיכמאַן

— ו —

## אין אָדעס

דעמאָלט האָט שוין ש. בן ציון געוווינט אין אָדעס. אויך ביאַליק, ווי איך האָב זיך דערוווסט אין פינקלמאַנס בוכהאַנדלונג, איז געקומען אויף שבת קיין אָדעס, די גרויסע פּאָרט שטאָט, דאָס פּלאַץ פון תורה און שירה האָט שטאַרק אָנגעהויבן צוציען.

יענעם ווינטער איז רייף געוואָרן מיין באַשלוס אַוועקצופאָרן. פון די בלעטער פון „הדור" האָט אויף אונדז געבלאָזן אַ גייסט פון באַניי־אונג. זיי האָבן גערופן, געוועקט, גערייצט. די לופט איז פול געווען מיט בטחון און די היים אינאיינעם מיט ראָזנטאַלן און פינקלמאַנען האָבן אָנגעהויבן פאַרטונקלט צו ווערן. אין פרילינג פון יענעם יאָר איז סוף־כל־סוף מקויים געוואָרן מיין גרויסער חלום: איך האָב זיך אַריבערגעצויגן קיין אָדעס, אין דער שטאָט פון געלערנטע און שרייבער.

אָדעס, נישט וואַרשע, האָט מיך געצויגן. מיך האָט געצויגן דער קרייז פון „פרדס"1), וואָס אין אים איז פאַר מיר צום ערשטן מאָל גע־קימען צום אויסדרוק אַ פּ ו ל ע ר ה ע ב ר ע א י ש ע ר ס ט י ל, אַ סינטעז פון מזרח און מערב. דאָ, נישט אין וואַרשע, וואָס איז געווען מער וואָך צום גייסט פון דער צייט, וואָס איז געווען גרינגער און מער געגייגט צו באַוועגלעכקייט. וואַרשע מיט פּרצן און פרישמאַנען, איז גע־ווען מער פאַרביק, מער שטורמיש. זי האָט אונדז אויך געכישופט פון ווייטן, אָבער אָדעס האָט געלייגט ווינקלשטיינער. זי האָט געבויט און פּאַרפעסטיקט די קולטור פון דער צוקונפט. דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט האָט זיך געדאַכט, אַז אָדעס האָט נישט קיין שווונג, אַז זי ווערט פאַר־גליווערט אין איר קאָנסערוואַטיווקייט, אָבער דווקא דאָרט איז רייף גע־

1) אַ העברעאיש זאַמלבוך, וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאַקציע פון י. ח. ראַווניצקי, מיט דער באַטייליקונג פון די גרעסטע העברעאישע שרייבער אין יענער צייט. — די רעד.

וואָרן אונדזער ליטעראַטור, דאָ איז געקומען דער איבערקער צו זיין אויסדרוק.

אויך ש. בן ציון, וואָס האָט געלעבט אין אָדעס עטלעכע יאָר, איז געוואָרן שטאַרקער און רייפער פון טאָג צו טאָג. ווי אַ קינסטלער און אַ פּעדאַגאָג האָט ער איינגעזאַפּט אויף אַן אָרגאַנישן אופן דעם סכאָלאַס־טישן גייסט פון אָדעס, וואָס אין זיין יסוד איז געלעגן דער געדאנק פון שטעמפּלען מטבעות און שאַפן כלים, וואָס זענען געאייגנט אַריינצונעמען די באַנייטע העברעאישע קולטור. דער דאָזיקער פּרוכטבאַרער פּאַרלאַנג האָט נישט ווייניק איינגעשרומפּן און נישט ווייניק שווער געמאַכט די יונגע העברעאישע שאַפונג, וואָס האָט געשטרעבט צו אוניווערסאַלער ברייטקייט, אָבער ער האָט זי אויך געשיצט און זי געראַטעוועט פון יע־נער אויבערפלאַכקייט, וואָס איז אַ מוז, ווען מען דינט צו פרעמדע צורות. אָדעס האָט רעאַליזירט דעם פּראָטעסט קעגן לייכטער קולטור, קעגן לייכטער לערע.

אָבער בן ציון איז נאָך געווען יונג און נעבן מענדעלע און אחד העם, די קאָנסערוואַטיווע מחמירים, האָט ער געהאַט אויך ביאַליקן, וואָס האָט, היטנדיק דעם „נוסח" דאָך, געקענט אויפרייסן פענצטער צו די ברייטע ווייטקייטן. און אָט אין דער גוטער סביבה האָט זיך געשטאַרקט אי די פּאָרזיכטיקייט, אי די זיכערקייט פון קינסטלער. אין יענער צייט האָט בן ציון שוין געהאַט פאַרענדיקט זיין „נפש רצוצה" (די צעריסענע נשמה), אַ ווערק, אין וועלכן דער שטאַרקער גייסט, וואָס איז אין איר אומגעגאַנגען, איז געווען באַדייטנדיק שטאַרקער פון דער קאָנסערוואַטי־ווער טראַדיציע.

— ז —

## אַ גוטער גייסט

לויט מיין געוווינהייט, בין איך געווען פאָרזיכטיק מיט מענטשן, וואָס זענען מיר געווען נאָענט. און אויך ווינענדיק אין אָדעס האָב איך זיך געהיט פון גיין צו ש. בן ציון אַהיים. איך האָב זיך שוין געהאַט

געטראָפן מיט אים איין מאָל און צוויי מאָל אויף אַ צופעליקן אופן אין דער געזעלשאַפט פון ביאַליקן און ראַווניצקין און ער האָט מיר געוויזן אַ שמייכלענדיק פּנים און מיך באַגעגנט מיט דער גוטער דאָרפישער וואַרעמקייט, וואָס בעסאַראַבער פאַרמאָגן און ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך אין שטוב. און דאָך האָב איך אָפּגעלייגט דאָס גיין צו אים אין משך פון עטלעכע וואָכן.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך געלייענט אין אַ נומער פון קינדער־זשורנאַל „עולם קטן״, (אין וועלכן עס איז, דאַכט מיר, געווען געדרוקט מיינע אַ קליינע זאַך), זיין דערציילונג „שפת לא ידעתי אשמע״ (איך הער אַ שפּראַך, וואָס איך קען נישט). פון יענע שורות האָט אַ ווייע גע־טאָן אויף מיר דאָרפישע בליענדיקייט און אַזאַ בעסאַראַבישקייט, אַז טרערן זענען מיר געשטאַנען אין די אויגן. עס האָט זיך אין מיר דער־וועקט אַ בענקשאַפט צו מיין טאַטנס שטוב, צו יענעם רואיקן שטייגער, וואָס איך האָב פאַרלאָזט אויף שטענדיק און איך האָב באַשלאָסן תיכף צו גיין צו ש. בן ציון. אפשר וועט אין זיין אַנוועזנהייט אויסגעוועפּט ווערן ביי מיר דער טרויער.

איך בין צו אים געקומען ערב שבועות, ווען ער איז געווען פריי פון זיין אַרבעט אין שול. עס איז געווען נאָענט צו זון־אונטערגאַנג. די שול איז געווען ליידיק און אין שטוב האָט מען געפילט אַ ריח פון יום־טוב. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער באַלעבאָס פרייט זיך מיט מיין קומען, פרייט זיך מיט מיינע ערשטע שירים, לאַנדשאַפט־לידער און קליינע עלעגיעס, וואָס איך האָב אים פאַרגעלייענט. ער האָט תיכף אויסגעדריקט אַ גרייטקייט מיך צו פּראָטעזשירן ביי פרישמאַנען, פון וואָס איך האָב זיך אָפּגעזאָגט מיט דאַנק. בקיצור: מיר זענען געוואָרן פריינט.

דער גוטער אידילישער גייסט, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס געמיט פון ש. בן ציון, איז נישט אָפּגעמעקט געוואָרן פון מיין געפיל אַ לאַנגע צייט. ער איז דעמאָלט געווען אין מיט פון זיין יוגנט, אין מיט פון זיין בלי. אַ ליבנסווירדיקער מענטש איז ער געווען. זיינע אויגן האָבן גע־לויכטן פאַר פרייד, פון אַ דאָרשט צו לעבן און צו שאַפן. קיין שום זאַך איז נישט געשטאַנען ווי אַ שטן אין זיין וועג. ער איז געווען אַ געזונ־

טער, האָט ליב געהאַט אַרבעט, ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט חברים און פריינט און די שטוב איז געווען פול מיט אַ פריילעכער חברה פון בליענדיקע קינדער. קיין שום לאַסט האָט אים נישט שווער געמאַכט. קיין שום שאָטן איז נישט געפאַלן אויף זיין וועלט. די צוקונפט האָט צוגעזאָגט לעבן־מתנות און שאַפונג־מתנות אָן אַ שיעור.

ער איז באמת געווען, ווי „אַ טויב, וואָס טובלט זיך אין ליכט און בלויקייט פון הימל".

— ח —

## די זון פון ארץ־ישראל

אין זומער פון יאָר 1905, ווען מיין וועלטל האָט זיך אַ שאָקל געטאָן און איך האָב שוין נישט געגלייבט, אַז איך וועל אַמאָל אַרויס אויף דעם ברייטן שליאַך, האָט יעדע באַגעגעניש מיט אים געמאַכט זינגענדיק מיין האַרץ. סוף זומער איז געוואָרן זיכער, אַז ער פאַרלאָזט אויף אייביק רוסלאַנד און ער איז עולה קיין ארץ־ישראל. עס איז פאַרענדיקט געוואָרן איין שווערע לעבנס־תקופה, די תקופה פון שאַפונג געראַנגל, פאַר „חיים של פרנסה"1). אויף איין מאָל איז די גאַנצע מיאוסקייט פון לעבן געבליבן הינטער אים. אין די פינף און דרייסיק יאָר פון זיין לעבן, איז ער געשטאַנען ווי אַ פּאָעט, אין זיין פולער בליאונג און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיין וואַקסן וועט קיינמאָל נישט אויפהערן.

ווען ער איז געפאָרן קיין בעסאַראַביע אינאיינעם מיט זיין משפחה, זיך צו געזעגענען מיט זיין יוגנט נעסט, בין איך געזעסן אין מיין שטוב און געשטעלט נקודות צום צווייטן באַנד „בן עמי" און נאָך דעם, וואָס איך האָב די אַרבעט פאַרענדיקט, האָב איך זיך אומגעקערט אין מיין שטאָט אַריין און איך האָב אים נישט געזען מער אין משך פון זיבן יאָר, ווען איך בין געקומען קיין ארץ ישראל. און די דאָזיקע זיבן יאָר זענען געווען גורלדיק אין זיין לעבן. אַזאַ מין גורל, וואָס קיין שום העברעאי־

1) ש. בן ציון האָט אַ דערציילונג מיט אַזאַ נאָמען. — די רעד.

שער שרייבער פון אַזאַ מאָס ווי בן ציון, איז אין אונדזער דור מיט אים נישט געפּרוווט געוואָרן.

קיין ארץ ישראל האָט ער עולה געווען אָן קיין שום וואַקלעניש און קווענקלעניש. ביי אַזעלכע מענטשן ווי ער ווערן די זאַכן רייף זייער פּאַ־וואָליע, אָבער דער באַשלוס ווערט אָנגענומען מיט איין מאָל. אַזוי לאַנג ער האָט געפילט אַ טעם אין זיין לעבן און אַרבעט אין חוץ לארץ, איז ער אַריבערגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט און איז איבערגעגאַנגען פון עקס־פּערימענט צו עקספּערימענט. אָבער אין דעם טאָג, ווען ער האָט דער־פילט, אַז די העברעאישע לעקציעס, וואָס זענען איבעריק אין דער אַסי־מילירטער שטאָט, מאַכן אים חרוב די נשמה און לאָזן אין איר נישט קיין איין גאַנץ שטיקל, איז נישט געווען קיין שום גוזמא אין דעם דאָזיקן זאַג פון זיין אויטאָביאָגראַפיע: „קיין ארץ ישראל! קיין אַנדער לייזונג האָב איך נישט געפונען פאַר מיין גייסטיק לעבן!" זיינע פּרוּוון אין גלות האָט ער פאַרענדיקט און ארץ ישראל איז פאַר אים געווען די איינציקע רע־מונג.

טעג זענען פאַרגאַנגען. און אָט האָב איך באַקומען דעם ערשטן בריוו פון אים, אין וועלכן ער האָט מיך איינגעלאַדן זיך צו באַטייליקן אין ערשטן נומער „העומר", אָבער מיט דעם תנאי, אַז די טעמע זאָל האָבן אַ שייכות מיט ארץ ישראל. דער דאָזיקער תנאי איז מיר געווען אומ־פאַרשטענדלעך, לויט מיין נאַטור, האָב איך נישט געקענט שרייבן וועגן ארץ ישראל, אַזוי לאַנג מיינע פיס האָבן דאָרט נאָך נישט געטראָטן און איך האָב נאָך נישט געלעבט דאָס לעבן פון לאַנד. איך האָב תיכף פאַר־שטאַנען, אַז אין אָט דער פאָדערונג איז פאַראַן עפּעס פאַטאַלעס פאַר אים, דעם דערציילער, וואָס זאַפּט איין די וועלט פאַוואָליע און מאַכט לאַנגזאַם רייף זיינע פּירות. ווי אַזוי איז ער געקומען אויף אַזאַ טעות־דיקן איינפאַל — צו שניידן איידער מען האָט געאַקערט, צו זינגען וועגן ארץ ישראל, איידער ס'איז דיר אַריין אין דיין נשמה, אין דיין בלוט?

און אָט איז אָנגעקומען דער „העומר" און דאָרט איז געווען אָפּגע־

דרוקט די פּאָעמע פון „רחל"1) און איך האָב באַלד פאַרשטאַנען אויף דעם טראַגישן פּלאַנטער פון מיין חבר. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עס איז געשען אַן אומגליק — אין אָט דעם געזונטן שפּראָץ האָט אַ שלאָג גע־טאָן די ארץ־ישראל זון.

ער איז נכשל געוואָרן, ווי אַ סך פון די צייט־חברים, וועלכע האָבן געגלויבט, אַז שטייגער אַליין, אויב ער איז שטאַרק און זיכער, גיט שוין אַרויס פּאָעטישע געוויקסן — אָן דעם פּראָצעס פון דויער, פון שפּראָצן, פון פאַרוואַנדלען דעם שטייגער, אין נאַטור. אוודאי איז דער ארץ־ישראל שטייגער געווען שטאַרק. ער האָט אָנגעפילט זיין גאַנצע נשמה, זיין גאַנץ לעבן. אָבער אין אַזאַ פרילינג שיכרות שטעקט אַ סכנה פאַר אַ קינסט־לער. איבערהויפּט פאַר אַזאַ, וואָס זיין כוח שטעקט אין עפּישן געוועב. ער האָט זיך אינגאַנצן געצאַפּלט אין זיין גרויסער איבערלעבונג, אין זיין גרויסן גליק — דאָס גליק פון ארץ־ישראל. אָבער דער לירישער קערן מיט וועלכן ער איז געבענטשט געווען, וואָס האָט געזונגען פון זיין פּראָ־זע אַרויס, איז אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צעשטערונג, ווען ער האָט פאַרשלונגען דאָס גאַנצע געוועב.

**
*

נאָך איידער איך בין איינגעלאַדן געוואָרן צו רעדאַקטירן דעם „מולדת", האָב איך געטראַכט אַ סך וועגן מיין חבר, וואָס זיין לעבן אין ארץ־ישראל, האָט אים פאַרשאַפט אַ סך ביטערקייט. אַלע זיינע אָנשטרענ־גונגען זענען אַוועק מיטן רויך. אַלע גרויסע זאַכן, צוליב וועלכע ער איז געפאָרן קיין ארץ־ישראל, זענען נישט מקויים געוואָרן. און צום סוף — זיין געשטרויכלט ווערן מיט דעם „מולדת", וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן זיין רעדאַקציע נאָך דעם ערשטן באַנד. אָבער נאָר ווען איך האָב דערקענט די זאַכן פון דער נאָענט, האָב איך פאַרשטאַנען דעם דאַ־

1) רחל בלאוושטיין, העברעאישע דיכטערין, באקאנט מיטן נאמען ר ח ל, איר ליד „ואולי" ווערט אומעטום געזונגען. — די רעד.

זיקן בראָך, וועלכן עס האָט געליטן דער טאַלאַנטירטער דיכטער, ווייל עס האָט אים געפעלט צוגעגרייטקייט זיך צוצופּאַסן און צו דערקענען זיין פּלאַץ און זיין סביבה, וואָס ביידע זיינען נישט געווען גרינג פאַר אַ קינסטלער פון זיין מין און איבערהויפּט פאַר אַזאַ כאַראַקטער ווי ער, ביי וועלכן אינאיינעם מיט דער שפע פון צאַרטקייט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט זיך צוגעקלעפּט צו אים אויך אַ סך עקשנות און גאווה, וואָס האָבן שווער געמאַכט זיין קומען אין באַרירונג מיט מענטשן.

אָבער אינאיינעם מיט אָט דעם, האָב איך געשטוינט צו זען זיין לעבעדיקייט, די אייגנשאַפטן פון זיין נשמה צו ביישטיין די אַלע נסיונות און צו האָבן ווידערשטאַנד־כוח קעגן די אַלע שטרויכלונגען, וואָס זענען אים פאַרשאַפט געוואָרן און וועלכע ער האָט זיך אַליין פאַרשאַפט. זיין אַרבעטפעאיקייט איז נישט קלענער געוואָרן. עס איז אויך נישט קלענער געוואָרן זיין קינסטלערישע מעגלעכקייט — איבערהויפּט, ווען ער האָט זיך צוגערירט צום אַלטן שטייגער — אין וועלכן עס האָט איבערצייגט זיין אויסגעצייכנטע דערציילונג „חיים של פרנסה", וואָס ער האָט דעמאָלט פאַרעפנטלעכט אין „הפועל הצעיר" אויף דער באַזע פון אַ קליינער סקיצע („הטבקנים"), וואָס ער האָט אָנגעשריבן פריער מיט עטלעכע יאָר. מען האָט באַלד דערקענט, אַז דער שרייבער איז אויסגעוואקסן, ווי מען האָט דערקענט די רייפקייט פון קינסטלער אין דער דערציילונג „איש הקהל" — וואָס איז אויך געווען אַ וואַריאַנט אויף אַ פריערדיקער דערציילונג („לכבוד שבת"), וואָס האָט אין דער נייער פאָרם געגרייכט צו איבעראַשנדיקער שלימות. אין אָט די צוויי דערציילונגען האָט ער געגרייכט מיט זיין אויסדרוק כוח און מיט זיין תפיסה צו אַ הויכער מדרגה. און ער איז דאָך שוין פריער געווען איינער פון די געציילטע אין דער העברעאישער פּראָזע, וואָס האָט געדינט ווי אַ מוסטער פון שלימות און פון אַן אויסגעגאָסענעם קלאַסישן סטיל.

איך געדענק די גוטע אָוונטן אין זיין הויז, ווען ער האָט פאַר אונדז געלייענט די דאָזיקע פּערפעקטע קאַפּיטלען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער האָט דעמאָלט פאַרגעסן אַלע באַליידיקונגען, אַלע פאַרביטערונגען — אַז

ר ע נ נ ב ו י נ ן

די אַרבעט ביים בנין פון אַרויסגעבן זיינע שריפטן, האָט אים אויפגע־לעבט און געשטאַרקט אויף אַ סך צייט. אָבער ער האָט נישט פאַרגעסן די באַליידיקונג. אָט דער מענטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזויפיל חן און מתיקות, איז נישט געווען פעאיק זיך איבערצובעטן.

אָבער די דאָזיקע קורצע תקופה, ווען עס זענען דערשינען זיינע צוויי בענד זאַפטיק־אָנגעלאָדענע שאַפונגען דורך דעם „הפועל הצעיר", איז ווי־דער געווען אַ בלי־עפּאָכע, אַ גליקלעכע עפּאָכע — אפשר זענען דאָס גע־ווען די לעצטע זוניקע טעג אין זיין לעבן.

# יהודה שטיינבערג

— 1 —

איך בין נישט זיכער, אַז איך האָב אים קינדווייז געזען ביי אונדז אין בעלץ, כאָטש אין מיין קינדערשער פאַנטאַזיע איז אי ער, אי ספּעקטאָר געבליבן, ווי רעאַלע געשעענישן. מעגלעך אַז עס איז געווען דערפאַר, ווייל די עלטערע בחורים, די וואָס האָבן שוין געלייענט ביכלעך און גע־זונגען גאָלדפאַדנס לידער פון „שולמית" און פון „דער כשוף־מאַכערן", האָבן שטענדיק דערציילט וועגן דעם מחבר פון „ניב שפתים" און דעם אַרויסגעבער פון „הויז־פריינד", וואָס האָבן געקליבן אין אונדזער נישט זייער פרייגיביקער שטאָט פרענומעראַנטן פאַר זייערע אויסגאַבן. אָבער, ווי געזאָגט, גאַנץ זיכער בין איך נישט אין דעם. ווייל קיין מחבר האָט מיך נאָך דעמאָלט איבערהויפּט נישט אינטערעסירט, און אפילו די בייע ביכלעך, וואָס איך האָב געלייענט, זענען ביי מיר געווען נאָר אַ המשך פון די אַלטע ספרים, ווי „יוסיפון", ווי „ספר הישר", וואָס זענען „גע־געבן געוואָרן" מן השמים, און האָבן זיך נישט גענויטיקט אין קיין מחברים...

דער נאָמען יהודה שטיינבערג האָט אַביסל שפּעטער שוין יאָ אָנ־געהויבן פאַרנעמען מיין דמיון. ער איז דאָך געווען דעם ליפּקאַנער שוחטס זון, אַ בעסאַראַבער, אַ נאָענטער; און אַז ס'איז אָנגעקומען זיין משלים־בוך „בעיר וביער" מיט דער רירנדער ווידמונג פון מנשה האַלפּערין, וואָס האָט דערציילט וועגן דעם גייסטיקן גערעַנגל פון דעם פּראָווינציעלן שריפטשטעלער, איז ער מיר שוין פערזענלעך געוואָרן נאָענט. און כאָטש

איך האָב, ווי אונדזער גאַנצער דור, נישט זייער ליב געהאַט קיין דידאַק־טישע ליטעראַטור און מיר האָבן שוין דערצו געקענט דעמאָלט אויף אויסנווייניק גאַנץ קרילאָוון, דעם גרויסן רוסישן מייסטער פונעם משל, האָט דאָך שטיינבערגס שאַרפזיניקער פאַבל, וואָס האָט געגומען אויפן צימבל דעם אוריאַדניק מיטן סטאַנאָוואָי־פּריסטאַוו און אַזוי קלוג אַרויס־געשטעלט אויף חוזק דעם קליינשטעטלדיקן גביר און פּראַצענטניק און דעם עם־הארץ, וואָס זאָגט מיינונגען וועגן אַלץ — ביי אונדז שטאַרק אויסגענומען. דווקא דאָס קליינשטעטלדיקע, דאָס נ אָ ע נ ט ע אין זיינע פאַבעלן האָט אים אַזוי נאַטירלעך געמאַכט. עס האָט זיך געפילט ה יי מ י ש ק יי ט — אַ שטיקל אגדתא און עפּעס פונעם דובנער מגידס משלים. דערצו — די ווילקלינגענדיקע העברעאישע שפּראַך, אָנגעוואָ־רעמט און צוגעפעפערט מיט דער שטעכיקייט פון אַן ערטער־סטיל. עס איז געווען אַן אָנהויב.

„בעיר וביער" איז געווען אַ יי ד י ש בוך, און איז זייער גיך גע־וואָרן פאָלקסטימלעך, און עס האָט אונדז אימפּאָנירט, וואָס ער, יהודה שטיינבערג, דער ליפּקאַנער העברעאישער לערער, איז דער ערשטער בעסאַראַבער, וואָס האָט זיך מיט אַמאָל אַרויסגערוקט און באַקומען אַ נאָ־מען אין דער נייער ליטעראַטור.

עס איז געווען אַ גוטער סימן פאַר אונדז אַלע, די אָנהייבנדיקע.

— 2 —

יאָרן זענען איבערגעגאַנגען. די פּאָפּולאַריטעט פון יהודה שטיינ־בערג איז גיך געוואַקסן, זיינע דערציילונגען האָבן זיך געדרוקט אין די בעסטע העברעאישע און יידישע צייט־שריפטן. איז געקומען אַן ערב יום־טוב, האָט ער שוין פאַרזאָרגט מיט יום־טוב ליטעראַטור אויף פּסח, ל"ג בעומר, שבועות, תשעה־באב, ראש־השנה, יום כפּור, סכּות, חנוכּה, חמשה־עשר, פּורים — אויף אַלע צען ימים־טובים פונעם יאָר מיט מעשיות און בילדער עטלעכע צייטונגען מיט אַמאָל. דער פּראָווינציעלער יונגערמאַן האָט נישט געוווסט קיין חכמות. ער האָט געשריבן אַ מעשה אין דער

פרי, אַ יידער די תּלמידים זענען זיך צונויפגעקומען אין חדר, אַ צווייטע — נאָכדעם, ווי זיי זענען זיך צעגאַנגען, און אַ דריטע — בשעתן לערנען גופא...

געוויס האָט דאָס געמוזט שלעכט ווירקן אויף דער קוואַליטעט פון דער אַרבעט, און דאָך איז דער עולם געווען צופרידן. זיינע נאָוועלן זענען געווען, ווי זיינע משלים, שאַרפזיניק, מיט אַ שיינעם איינפאַל, מיט אַ דרוש און מיט אַ רמז — זענען געווען יידישלעך...

אַלס עכטער מייסטער האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אין זיינע קינדער־מעשיות און חסידישע דערציילונגען. דאָ איז זיין רייכע פאַנטאַזיע, זיין הומאָר און גלענצנדער סטיל געווען נישט אויסצושעפּן. געוויס האָט ער אויך דאָ, צוליב דער שלעכטערווירטשאַפט, און צוליב זיין שוואַכקייט צו חכמהנען זיך צופיל, איבערגעפירט דעם גרעסטן טייל פון זיינע זאַכן; און דאָך האָט ער, באַזונדערס אַלס קינדער־דיכטער, אפילו אין זיינע שוואַכע זאַכן, קיינמאָל נישט פאַרלוירן זיין פרישקייט, זיין בליענדיקן הומאָר און דעם גלאַנץ פון זיין רייכן בויגיקן סטיל.

איך האָב מיט באַדויערונג זיך צוגעקוקט פון דער ווייטנס, ווי דער ליפּקאַנער יונגערמאַן צעטרענצלט זיין טאַלאַנט. וואָס ווייטער, האָב איך זיך אַלץ מער איבערצייגט, אַז ער איז, צום באַדויערן, נישט מיינער. מיר איז נאָר געווען אַ שאָד אויף דעם אמתן קינדער־דיכטער, וואָס גייט פאַר־לוירן. אין מיינע בריוו צו אים האָב איך אים אַ פּאָר מאָל געוואָרנט, גע־זאָגט מוסר, און עס האָט נאַטירלעך נישט געהאָלפן. ער איז געווען זיכער, אַז ער פּראָדוצירט נאָר אַ קליינעם חלק פון דעם, וואָס ער פאַרמאָגט. ער האָט, איבערהויפּט, נישט שטאַרק זיך פונאַנדערגעקליבן צווישן זיינע געלונגענע און נישט געלונגענע זאַכן. עס איז געווען אינגאַנצן נאַטור־טאַלאַנט, אָן אַ שפּור פון קינסטלערישער איבערלייגטקייט.

— 3 —

צו יענער צייט בין איך שוין געווען אין וואַרשע, געזעסן אין רע־דאַקציע „הצופה" און גאַנץ אָפט קאָרעספּאָנדירט מיט שטיינבערגן. ער איז געווען איינער פון די נאָענטע מיטאַרבעטער, און איך בין אין דער

רעדאַקציע געווען דער פאַרמיטלער צווישן אים און נאָמבערגן, און נאָך מער — צווישן אים און דער אַדמיניסטראַציע.

זיצנדיק אין אַ פרילינג־טאָג אויף דזשעלנאַ גאַס, ווו עס איז דעמאָלט געווען די רעדאַקציע פון „הצופה", און שרייבנדיק מיינע בריוו, קומט אַריין אין רעדאַקציע אַ פּראָווינציעליש געקליידעטער נישט הויכער, ייד, מיט קלוגע שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן שטראַלנדיק געשמייכלט און שטענדיק ווי באַמיט זיך צו באַהאַלטן דעם ליידנדיקן אויסדרוק פון אַ יידן אַ חלוש, אַן אויסגעמאַטערטן און בעל־יסורים.

געקומען אין רעדאַקציע, האָט ער גלייך געפרעגט אויף מיר, — פאַרט אַן אייגענער, אַ בעסאַראבער. ער האָט זיך גלייך אָנגעהויבן ביטער צו באַקלאָגן; ער איז געווען שטאַרק באַעוולהט. די צייטונג אין וועלכער ער איז געווען אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער, האָט אים, — ווייל ער איז געווען אַ פּראָווינציעלער — געצאָלט נאָר 3 קאָפּיקעס אַ שורה, אנשטאט 5, וואָס ס׳האָבן באַקומען אַנדערע. איך האָב מיך אַריינגעלייגט, און האָב מיט גרויס מי געפועלט מען זאָל אים צאָלן פיר קאָפּיקעס פאַר אַ שורה. מער האָט דער שטרענגער אַדמיניסטראַטאָר נישט איינגעשטימט צו צאָלן...

דערפאַר האָט ער, דורך מיין פאַרמיטלונג, געקראָגן אַרבעט אין אַ נייעם פאַרלאַג מיט אַן אַוואַנס פון פופציק רובל. ער איז געווען צופרידן, און פאַרנאַכט, ווען איך האָב מיך באַפרייט פון מיין אַרבעט, זענען מיר, אין אַ גוטער שטימונג, אַוועק שפּאַצירן איבער וואַרשע.

איך געדענק נאָך, ווי מיר זענען געזעסן אין אַ קאַפע אויף ניעצאַלאַ גאַס, מיט דער אָפענער ווערענדע צום זאַקסישן גאָרטן, וואָס זיינע אַלטעביימער זענען געווען באַדעקט מיט יונגן דורכזיכטיקן פרילינג־גרינס. עס איז געפאַלן אַ וואַרעם רעגנדל, און ס׳האָט געשמעקט מיט ערד און מיט נייע גראָז. די גרויסשטאָטיקייט האָט נישט געדריקט אַזוי.

— ווי פילט איר זיך דאָרט אין אייער פרוט־שטעטעלע, שטיינבערג?

ווי זאָל איך אייך זאָגן? — אַז איך בין דאָרט, ציט מיך אַהער, אין דער גרויסער שטאָט, ווו איך האָב פרישמאַנען, פּרצן, סאָקאָלאָוון — אייך אַלע. בין איך אָבער דאָ — וואָס זאָל איך לייקענען, בענק איך נאָך

מיין שטיבל, מיט טשערעט געדעקט, נאָך דעם גרויסן וויינשל־בוים ביים פענצטער, און נאָך די שטילע סטעזשקעס אין די בערג, און די וויינ־גערטנער... אָט גייט איצט אַ רעגנדל, עס שיינט די גרינבאַגראָזטע ערד, און מיך כאַפּט שוין אָן אַ פריידיק געפיל, וואָס איך וועל אינגיכן זיין דאָרט, צוריק...

— אַזוינע ווי איך — האָט ער טרויעריק געזאָגט: — זענען שוין נישט אַרויסצורייסן פון באָדן. עס איז געפערלעך... אָבער בלייבן איז אויך זייער שווער. שווער איז צוצובייגן דעם אויער צום ווייטן ים און הערן זיין געמורמל. אָבער צוריקצוועגס — בין איך דאָ, ווייזט זיך מיר אויס, אַז איך הער שוין גאָרנישט. איך פיל מיך דאָ רואיִנירט, באַנומען, אַרומגע־ריסן; איך דערקען מיך אַליין נישט...

דאָך האָבן מיר אַלץ געמאַכט פּלענער, אַז ער זאָל זיך באַזעצן אין וואַרשע, נאָר מיר זענען צו גאָרנישט געקומען, און איך געדענק, אַז באַ־גלייטנדיק אים, האָב איך געפילט, אַז וואָס נענטער ער פילט זיך קיין ליעווע, אַלץ לייכטער ווערט אים אויפן האַרץ.

פון וואַגאָן־פענצטער האָט שוין צו מיר געקוקט דאָס רואיקע גע־זיכט פון אַ מענטשן, וואָס קערט זיך אום אַהיים, צו זיך — וואָס האָט ווידער דערפילט זיין באָדן אונטער זיך.

און אַז איך בין שפּעט ביינאַכט צוריקגעפאָרן פון וואקזאַל, האָב איך אַליין דערפילט מיין עלנד אין דער פרעמדער גרויסער שטאָט, און עס האָט זיך אַזוי געבענקט צוריק, צו מיין בעסאַראַבער ערד...

— 4 —

שווער האָבן זיך פאַר מיר געצויגן די פאָר יאָר, וואָס איך האָב דע־מאָלט פאַרבראַכט אין וואַרשע. עס האָט זיך געבענקט פון דער גרויס־שטאָטישער נאַקעטקייט און פרעמדקייט אַהיים, — צו יענע ליבע לאָנ־קעס, ווו אַנדערש האָט געשמעקט דאָס גראָז און אַנדערש האָט דער הימל געבלויט. און אַז ס׳איז געקומען דאָס יאָר 1905 און אַלצדינג האָט זיך אָנגעהויבן ברעכן; דער „הצופה" האָט געהאַלטן ביים אָפּשטעלן זיך און

דער „הזמן“ האָט געגוסט און דער „השלח“ איז שוין געווען כמעט ווי פאַרמאַכט, און — אויך ביאַליק, אין וועמענס באַנטקייט עס איז אונדז, יונגע, געווען אַזוי וואַרעם, האָט זיך אויפגעהויבן אין די ערשטע טעג פון פריי־יאָר און איז זיך אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, — איז וואַרשע מיט אַמאָל געוואָרן אַזוי אויסגעליידיקט פאַר מיר, אַז ס'איז שוין נישט געווען ביי וואָס זיך צו האַלטן.

שטיל האָט געוואַקסן דער באַשלוס צו אַנטלויפן פון דאַנען. ביי יעדן שטיקל גרינע ערד אין זאַקסישן גאָרטן, ביים פרילינג־ווינטל, און פרילינג־רעגנדל, האָבן זיך די אויגן פאַרטרערט און עס האָט אַלץ שטאַרקער געצויגן צוריק. איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיך אומקערן, — זאַמלען נייע כוחות, מאַכן אַ חשבון הנפש דאָרטן, אויף דער פריי, און זען, וווהין זאָל איך גיין, צו וואָס זאָל איך זיך קלייבן. און דער סוף איז געווען, אַז איך האָב קוים אַ לעבעדיקער זיך אַרויסגעראַטעוועט פון דער אויפגעשטורעמטער פוילישער הויפּטשטאָט, און אין אַ יאָר אַרום האָט מיך מיין מזל אויך פאַרטראָגן אין דעם שטילן פּרוט־שטעטעלע, ווו שטיינבערג האָט געוווינט.

אין אַ זון־געבענטשטן ניסן־טאָג, תיכף נאָך פּסח, בין איך אין אַ פּויעריש וועגעלע, מיט שמעקנדיק היי אויסגעבעט, זיך אַראָפּגעלאָזט פון צעשניטענעם באַרג, אויפן וועג פון קעשענעוו, אין קליינעם גאַסטפריינטלעכן שטעטעלע ליעווע, וואָס ליגט ווייט אָפּגעריסן פון דער וועלט, ביים ליכטיקן פּרוט, און מיט אַמאָל אַריינגעפאַלן אין אַ שטילער אידילישער וועלט.

געקומען בין איך אַהער ערשטנס, ווייל עטלעכע לעאָווער באַלעבאַטים האָבן מיך אויסגעשריבן פון קעשענעוו צו זיין אַ לערער פאַר זייערע קינדער אויפן אָרט פון שטיינבערגן, וואָס האָט דעמאָלט, נאָך לאַנגע יאָרן, אַוועקגעוואָרפן דאָס קנעלן, קריגנדיק אין אַ ווילנער פאַרלאַג אַ גרעסערע פּעדאַגאָגישע אַרבעט, און צווייטנס — טאַקע ווייל יהודה שטיינבערג איז נאָך דערווייל דאָ געבליבן וווינען און איך וועל אין דעם דאָזיקן פאַרוואָרפענעם אָרט, ערגעץ אין דרום־בעסאַראַביע, אויף דער רומענישער גרענעץ, האָבן אַן אייגענעם מענטשן.

— 5 —

איך געדענק נאָך אונדזערע טעג אין ליעווע. זיי זענען געווען פון די שענסטע טעג אין מיין לעבן. זיי האָבן דעם חן און די פרישקייט פון יוגנט. כמעט פון קינדער־טעג. עס איז געווען ווי אַ באַלוינונג פאַר די טעג פון עלנד אין די גרויסע, פון גאָט פאַרשאָלטענע שטעט.

דעם ערשטן טאָג, אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט מיינע באַלעבאַטים, — יידן משכילים, פון חשובי העיר, וואָס האָבן מיך זייער ליבלעך אויפגע־נומען און מיך באַזאָרגט מיט אַ גוטער וווינונג, אין די פענצטער פון וועלכער עס האָבן געגרינט פעלדער און גערטנער, — בין איך אַוועק צו שטיינבערגן, וואָס האָט שוין געוווסט פון מיין קומען און געוואַרט אויף מיר.

ערשט איצט האָב איך געזען דאָס שטיבל, מיט טשערעט געדעקט און מיט דעם שאָטנדיקן פרוכט־גערטנדל הינטער אים, נאָך וועלכן ער האָט אַזוי געבענקט, אַרומדרייענדיק זיך אין וואַרשע און דער באָוואַ־ליפּסקי און אויף דזיקא און אויף דלוגאַ אַ פאַרלוירענער, אַ פאַרצווייפל־טער. יאָ, דאָ איז ווירקלעך געווען זיין פּלאַץ. דאָ, אין דעם רחבות און אין דער שטילקייט ווו אַלצדינג וואַקסט לאַנגזאַם, קלאָר, פריינטלעך — האָט זיך געוועבט זיין ליכטיקער פאָדעם פון זיין אידילישער שאַפונג. אין דער גרויסער שטאָט — דאָרט איז ער געווען אַ פאַרמשפּטער. ער איז געווען פון די, וואָס אַקלימאַטיזירן זיך שווער אין אַ נייער סביבה. זיין קעניגרייך איז געווען די גרינע לאַנדשאַפט, דער אָפּגעצוימטער קרייז.

דער בעסאַראַבער פייזאַזש, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט ליכט און מיט טרויער אינאיינעם, האָט אונדז אויפגעצויגן דיכטער, וואָס זענען אַלע געבענטשט און פאַרשאָלטן מיט דער אייביקער בענקשאַפט צו דער ערד. יהודה שטיינבערג, ש. בן־ציון, א. ראַבאַי, ז. ראָזענטאַל — אַלע זענען זיי ערד־שפּראָצונגען, אַלע מיטן „ריח פון פעלד, וואָס גאָט האָט עס גע־בענטשט״.

אַז איך בין אַריינגעקומען אין הויפל, ווו שטיינבערגס שטיבל איז געשטאַנען ווייט אָפּגעזונדערט פון דער גאַס, האָט אויף מיר גלייך אַן

אַטעם געטון מיט דאָרף, אַ קו מיט אַ אַ קעלבל, אַ קוואָטשקע מיט היג־דעלעך, בייִמער אין ווייסן צוויט. דאָס קלאָגעדיקע הייזל איז געווען גע־שיצט, געזיכערט.

עס גייען מיר אַנטקעגן שטיינבערג מיט זיין פרוי, באַגריסן מיך פריינטלעך, און אַזוי ווי אין שטוב הייבט שוין אָן טונקל צו ווערן, טראָגט מען אַרויס דעם טיש אין הויף, און מיר טרינקען טיי און האַלטן זיך אונ־טער אויף דער פרייער לופט, אונטערן פרייען הימל. שטיינבערגס פרוי, אַ הויכע יידענע, מיט אַ קוים באַהאַלטענעם חוזק אין די אויגן, הייסט מיט דעם ספּעציפיש־אָרטיקן נאָמען מאַראָדל. זי איז אַ מענטש, וואָס פאַלט ביי זיך נישט אַראָפּ, האָט ליב אַמאָל אַז עס לאָזט זיך, אויך צו אי־בעררעאַשן מיט אַ לשון־קודש וואָרט, נאָר פון דער ליטעראַטור אַלס אַ פרנסה־אַרטיקל האַלט זי זייער ווייניק. זי איז, מיט איר גאַנצער פּראָסט־קייט, גאָר נישט קיין נאַר, און ווייסט, אַז דער באַרימטער שטיינבערג איז אַ שטיקל בטלן. דעריבער וואַכט זי שטענדיק איבער אים, שיצט מיט איר פּראַקטישן שכל איר קליינגעוויקסיקן און שוואַך־גופיקן מאַן. און ער לאָזט זיך פון איר באַשיצן.

איך פיל מיך גוט אין דער דאָזיקער אידילישקייט. איך באַמערק נישט, ווי שטיל עס לאָזט זיך אַראָפּ דער אָוונט, אַנגעטרונקען מיט וואַ־רימער צערטלעכקייט. מיר זיצן און עס שעפּט זיך נישט אויס דער קוואַל פון רייד עכץ. ער איז צופרידן, וואָס איך, דער „גרויסשטאָטישער”, בין געקומען אַהער — הייסט עס, מען קען דאָ אויך לעבן; און איך האָב ווי געפילט, אַז דאָ, אָפּגעריסן פון אַלע „צענטערן”, זענען פאַר מיר אָנגע־גרייט טעג פון רו, פון לאַנגזאַמער און זיכערער אַנטוויקלונג.

מיר זענען ביידע אויפגעלייגט. עס הייבט זיך אָן אַ נייע תקופה פאַר אונדז ביידע. גוט, וואָס דאָס מזל האָט אונדז דאָ צונויפגעפירט! ביי מיר איז אַ געפיל, ווי אַ שיפסברוכיקער, וואָס ראַטעוועט זיך אויף אַ גרינעם אינדזל.

— 6 —

און אַזוי איז אַוועק אַ לאַנגע רייע פון זונטעג, — זיסע שעהען פון וועלט פאַרגעסנקייט, פון שטילער געמיטלעכקייט. איך בין ווי נאָך אַ קרענק, נאָך אַ לאַנגן קאָשמאַר. איך פיל, אַז עס צעגייען זיך אַלע שאָטנס און איך ווער געזונט אין דער נאָענטקייט פון דעם דאָזיקן אַ נ ד ע ר ס ע נ י ש ן מענטשן, וואָס האָט געטראָגן אין זיך אַזוי פיל בליענדיקע מענטשלעכקייט.

טעג פון רו, פון גליקזעליקייט. געענדיקט די אַרבעט אין שולע גאָך מיטיק, ווייס איך, אַז אין מיין קאַבינעט וואַרט שוין אויף מיר שטייג־בערג מיט אַ נייער זאַך — אָפטמאָל מיט עטלעכע זאַכן פאַר אַמאָל. ער אַרבעט איבער אַ לערבוך און שרייבט אָן יעדן טאָג עטלעכע שעדעווערן פון קליינע קינדער־מעשיות. אויף דעם געביט איז ער שטענדיק אומפאַר־גלייכלעך. ער האָט די איינגעבוירענע אייגנשאַפטן, וואָס זענען נויטיק פאַר דעם דאָזיקן באַזונדערן אַרט קונסט. ער פאַרמאָגט די גליקלעכע פּראָפּאָרציע פון נאַאיוויטעט מיט חכמה, פון הומאָר מיט שאַרפזין — די וואונדערבאַרע מזיגה פון נאַטור מיט שפּיציקייט, וואָס שאַפט דעם אי־דעאַלן קינדער־דיכטער, עפּעס שטעקט אין אים פון דער פאַרצייטיקער אגדה, — אין זיין גאַנצן ריטם, אין זיין סטיל, וואָס האָט אין זיך אַזוי פיל פּרימיטיוו, נאָר ווערט, צום באַדויערן, אָפטמאָל איבערגעפירט דורך פּלפּולדיקע אויפטועכצן און פּראָווינציעלישע אויבער־הסברות.

איבערגעלייענט איינער דעם צווייטן וואָס דער טאָג האָט געבראַכט, לאָזן מיר זיך ביידע, ווי פרייע פייגעלעך, אין פעלד אַריין — דאָרט ווו עס שלענגלט זיך באַרג אַרויף צווישן הויכע ווייץ־זאַנגען אַ שמאָל סטעזש־קעלע צו פּראָסיעס ברייטצווייגיקע נוס־ביימער, אין שאָטן פון וועלכע מיר רוען. דאָרט איז אונדזער פעלד־קלוב. אַהין קומען זיך ביסלעכווייז צונויף אונדזערע שטענדיקע פריינט — איינער אַ לערער און אייגער אַ תבואה־סוחר, ביידע באַטאָגטע בחורים. דער ערשטער אַ גוטמוטיקער, אַביסל אַ שווער־לייביקער, וואָס איז מיד פון קנעלן אַ גאַנצן טאָג און פון גיין באַרגאַרויף, פּאָכעט מיט דער נשמה און צעלייגט זיך גלייך געמיט־

לעך אין פייכטן גראָז און הערט אונטערטעניק אויס, וואָס אַנדערע זאָגן — סיי ער איז מסכים, סיי ניין. דערפאַר איז דער צווייטער — דער תבואה־סוחר, אַ מענטש, וואָס לאָזט זיך נישט שפּייען אין דער קאַשע. אַ תלמיד פון אחד־העמן, וואָס שרייבט העברעאיש מיטן סטיל פון די „פירורים", איז ער אַ גוטער דיאַלעקטיקער און אַן איינגעגעסענע בריאה, און מיט אים פאַרפירן אַ וכוח איז פּשוט אַ סכנה — אַזוי הייס געבאָדן איז ער, אָט דער ליעווער תבואה־סוחר און פאַרברענטער אחד־העמיסט.

דאָס איינציקע מיטל אין אַזאַ פאַל איז צו באַשטעלן ביי דער אַל־טער פראָסיען פון אירע גאָלדיקע וויינטרויבן מיט די יונגע ניס און זיך אַוועקזעצןביים לאַנגן טיש, וואָס שטייט אונטער די צווייגהאָפּטיקע ביי־מער. דאָ באַרואיקט מען זיך גלייך. שטיינבערג פאַרפירט אַ שמועס מיט דער אַלטער, און האָט שוין מן הסתם אַ פאַרטיקע טעמע פאַר אַ יום־טוב־דיקער מעשה. יוגנט פאַרפירט גערנער אַ שמועס מיט דער יונגער טאָכ־טער אירער, אַ שלאַנקע שאַרפאויגיקע און הויכברוסטיקע גויע, נאָך וועל־כער עס שלעפּט זיך נאָך אַ קליין ייִנגעלע. וועגן דער דאָזיקער פּיקאַנ־טער רומענערין דערציילט מען אַלערליי מעשיות, און אַז זי דערלאַנגט אונדז די פרוכטן, גלוסט זיך ממילא אָפּ צו האַמפּערן זיך...

— 7 —

מיר פערזענלעך איז אין שטיינבערגס פאַרצווייגטער שאַפונג הויפּט־זעכלעך טייער זיין ש פּ י ל ע ו ד י ק ע קונסט — זיינע קינדער־מעשיות, זיינע משלים און אַ טייל פון זיין חסידיש. דאָ איז ער אייגנ־אַרטיק, פריש, פּאָעטיש — האָט זיין סטיל, זיין פאָרם. אין די קינדער־מעשיות איז ער אפילו אָפּטמאָל צופיל אַנדערסעניש, אָבער ער קערט זיך אַלעמאָל אום צו זיך. דאָ איז ער זייער יידיש, זויגט אינערלעך און אויס־סערלעך פון אגדה און מדרש, און אפילו אין זיינע אַ נישט־געלונגענער זאַך פון דעם מין פעלט נישט זיין סטיל, זיין אייגנטימלעכקייט.

אומגעהויער שוואַכער איז ער אין זיינע רעאַליסטישע זאַכן. דאָ איז ער, מיט זיין גאַנצער שאַרפזיניקייט, הילפלאָז, סכעמאַטיש און אפילו אין

זיינע בעסערע זאַכן פילט זיך מאַנגל אין לעבנס־עלעמענטן, אין דערנערונג־שטאָף. עס זענען מערסטנטייל גלענצנדיקע טעמעס פון זאַכן, וואָס דאַרפן ערשט אַרויפנעמען לעבעדיק לייב אויף זיך.

ער איז, ווי פּרץ, געווען אַ מייסטער צוצוטראַכטן מעשיות צו אי־דעען. אָבער פּרצס אידעע איז אַליין און פאַר זיך קונסט. זי פאַרכאַפּט אַזוינע ספערן, וואָס דערהויבן זי, און איז אויסגעהאַקט פון יענעם קריש־טאָל, וואָס מאַכן זי „אויב נישט העכער פון קונסט". איר רעאַליטעט באַ־שטייט אין איר רייכער סימבאָליק, אין איר פונקענשפּריצנדיקער פּאָע־טישקייט. שטיינבערג אָבער האָט אין זיינע זאַכן דווקא געוואָלט זיין נאַ־טור־טריי — געמיינט זיין רעאַליסטיש; דערפון נעמט זיך די גרוי־סע מיספאַרשטענדעניש אין דעם סטיל פון זיין זשאַנעריסטישער קונסט.

אין תוך אָבער, איז שטיינבערג, מיט זיין גאַנצער ראַציאָנאַליסטיש־קייט, געווען דיכטער — נאַאיוו און זעער צוגלייך. איך געדענק, ווי ער פלעגט ווירקן אויף מיר, ווען מיר האָבן אינאיינעם שפּאַצירט אין פעלד. יעדער גרעזל, יעדע באַשעפעניש האָט אים באַגייסטערט — האָט צו אים גערעדט אויף זיין שפּראַך. אין דער קלענסטער דער־שיינונג האָט ער געזען אַנדייטעניש, אַ גייסטיקן סימבאָל. די אויסערלעכע וועלט האָט פאַר אים שעמערירט אין טויזנטער רמזים, אין טויזנטער אַנטפּלעקונגען. ער האָט קיינמאָל נישט געזען די זאַכן וואָכנדיק.

יענער ווונדערלעכער זומער אויף ליעווער פעלדער, ביים פּרוטס שטי־לע ברעגן, ווו עס אַנטפּלעקט זיך פון יענער זייט טייך אַ בליענדער באַ־וואַלדעטער טאָל אייננזאַם און אינגאַנצן אין זונענשיין! אָפטמאָל פאַרן מיר אַרויס אויף אַ גוט, וואָס איז אַרענדירט דורך אונדזערן אַ גוטן פריינד. ער קומט אַליין און נעמט אונדז אין זיין רחבותדיקער בריטשקע און פירט אונדז אום איבער די שמעקעדיקע זומער־פעלדער ביז שפּעט אין אָוונט. וואַרשע, ווילנע, אָדעס — אַלצדינג איז ווי פאַרגעסן. אַלצ־דינג איז קאָמפּענסירט. עס איז די גרויסע פּאַוזע אין מיין לעבן.

ווי טרויעריק ווערט מיר, ווען שטיינבערג קומט אַמאָל צו מיר, אין איינעם פון די בין־הזמנים־טעג, ווען מיר האָבן זיך באַזונדערס גליקלעך געפילט, און דערציילט מיר, אַז די אַמעריקאַנער צייטונג („די וואַרהייט",

דוכט זיך), אין ווען וועלכער ער האָט אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן אַלס רוסישער קאָרעספּאָנדענט, פּאָדערט פון אים אומבאַדינגט, ער זאָל זיך באַזעצן אין אָדעס. עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער קלאַפּ, און אַזוי ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז די דאָזיקע איבערוואַנדערונג „אין דער גרויסער וועלט", וועגן וועלכער ער האָט זיין גאַנצן לעבן געטרוימט, וועט זיין פאַר אים פאַטאַל.

— 8 —

עס איז אָבער געווען אַ באַשערטע זאַך. די אַמעריקאַנער צייטונג האָט דורכאויס געדאַרפט האָבן אַ קאָרעספּאָנדענט, וואָס זאָל וווינען אין אַ גרויסער שטאָט, און שטיינבערג פאָרט נאָך סוכות איבער קיין אָדעס. דערווייל — אַליין; מיטגענומען נאָר דאָס עלטערע יינגל, וואָס האָט געזאָלט אַריין אין גימנאַזיע.

לאַנג האָט זיך געצויגן פאַר מיר יענער ווינטער מיט זיינע שנייען און פרעסט, און איך האָב באַשלאָסן אויף חנוכה זיך דורכפאָרן קיין אָדעס. אַביסל אָפּאָטעמען פון דער פּראָווינץ אין דער נאָענטקייט פון ביאַליקן און זיך אגב זען מיט שטיינבערגן, נאָך וועלכן עס האָט זיך זייער געבענקט.

געטראָפן האָב איך אים מיט זיין יונג אין אַ קליין צימערל. — ד׳ על ד׳. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ מאַשינקע און שטיינבערג האָט זיצנ־דיק איבער אַ ליטעראַרישער אַרבעט געקאָכט טיי; דער יונג האָט גע־מאַכט זיינע לעקציעס.

און דאָך איז געוואָרן באַלד היימלעך. שטיינבערג האָט זיך געוויצלט איבער זיין חדר, נישט געקלאָגט זיך. מיר האָבן געמיטלעך געטרונקען טיי, און דעם אָוונט פאַרבראַכט גאַנץ פריילעך. נאָר צומאָל איז מיר גע־וואָרן נישט היימלעך — ווען שטיינבערג האָט זיך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז אים ברענט ערגעץ אונטערן האַרץ און אַז עפּעס איז ביי אים נישט אַלצ־דינג כשורה...

איך האָב אים געשיקט צו איינעם פון „אונדזערע" דאָקטוירים, מיט

װעלכע אַדעס איז דעמאָלט געװען זײער רײך, איך בין אַװעקגעפאָרן אַ באַרואיקטער. עס איז, װי דער דאָקטאָר האָט געפונען, אַן אַלט מאָגן־לײדן, און נאָך אַ קורצער צײט פון פירן דיעטע, װעט דאָס איבערגײן.

מיר האָבן באַשלאָסן, ער זאָל קומען װאָס פריער פאַר פסח, כדי זיך צו דערהאָלן „אונטער מאַראַדעלס השגחה״ און װען ער האָט מיך באַגלײט צום באַן, האָב איך אין זײנע מידע פיבערדיקע אױגן איבערגעלײענט דאָס טיפע בענקעניש אַהײם, און האָב װידער מיט שרעק געטראַכט, װאָס װעט די שטאָט פון אים מאַכן.

— 9 —

אין אַדעס האָט זיך שטײנבערגס טאַלאַנט װידער צעבליט. זײנע דערצײלונגען פון דער רעװאָלוציע זענען װי באַהויכט געװאָרן מיט אַ נײעם אָטעם. װי מאָדנע דאָס זאָל נישט אױסזען — פאַר דער קורצער צײט האָט װי נאָכגעלאָזן דער פּראָװינציאַליזם, פון װעלכן עס איז אין אַ באַשטימטן עלטער כמעט װי אוממעגלעך זיך צו באַפרײען. שטײנ־בערגס גײסט איז געװען זײער עלאַסטיש — ער האָט זיך געלאָזט בײגן. און עס האָט זיך געװאָלט גלױבן, אַז דער 43 יעריקער דיכטער שטײט פאַר אַן עפּאָכע פון נײער אַנטװיקלונג.

דערװײל איז געקומען דער לאַנג־געגאַרטער פרילינג, און אין אַ רעגנדיקן אינדערפרי איז מען מיר געקומען זאָגן, אַז שטײנבערג איז גע־קומען. עס איז געװען אַ שרעקלעכע בלאָטע, און ער איז קױם אַ לעבע־דיקער אַהײם געקומען. איך האָב אים געטראָפן אין בעט.

ער האָט שלעכט אױסגעזען, נאָר אַזױ װי ער איז תמיד געװען אַ ייד אַ חלוש, האָבן מיר װײניק אַכטונג געלײגט דערױף. דאָך האָט זײן מאָגערקײט מיך געשראָקן, און איך מיט זײן פרױ האָבן באַשלאָסן נישט צו לאָזן אים אַרבעטן די פאַר װאָכן, װאָס ער האָט דאָ צו זײן און אים אַביסל צוהאָדעװען, ביז ער װעט קומען צו די כוחות.

װי נאָר ס׳איז אין דרױסן געװאָרן שײן, האָט ער שױן נישט געקענט אײנליגן אין בעט. עס האָט אים געצױגן אין פעלד, צו די פרײלעכע

ריטשקעס, צו די בלויע ווייטקייטן, און מיר זענען דעם ערשטן טאָג חול־
המועד אַוועק שפּאַצירן אויף אונדזער באַרג, און אין אונדזערע גערטנער,
וואָס זענען נאָך פרילינגדיק געשטאַנען ליידיק־דורכזיכטיקע.

ער האָט פאַרגעסן זיין שוואַכקייט און אַוועק מיט מיר אַלץ ווייי־
טער, ווייטער. עס איז געווען וואַרעם. שטיל. פון צווישן גראָז האָבן
לערכן געטריפט זייער גאָלדן געזאַנג — לאַנגזאַם־לאַנגזאַם, אַ טראָפּן נאָך
אַ טראָפּן, גלייך זיי וואָלטן זיך אַליין איינגעהערט און איבערגעריסן און
ווידער געזונגען, פול מיט גליק און מיט מורא איינאיינעם. ס׳איז געווען
גוט. שטיינבערגס בלייך פּנים האָט זיך פאַררויטלט, זיינע אויגן האָבן אַ
בלישטש געטון מיט אַ שטיפעריש פייערל. מיר האָבן זיך נאַריש גע־
מאַכט, ווי קינדער, אונטערגעצונדן די פאַראַיאָריקע טרוקענע דערנער,
וואָס די ווינטן האָבן צונויפגעטראָגן אין וועג־גרובן, און אַנגענעם־מידע
געזעסן און זיך צוגעקוקט, ווי דער בלייך־גאָלדענער פלאַם ציטערט אין
דער לופט, פאַרשלונגען פון דער העלער מיטאָגס־זון.

פּלוצים גיט זיך שטיינבערג אַ כאַפּ ביים האַרץ. זיינע אויגן ווערן
ווי פאַרנעפּלט און איך הער, ווי ער זאָגט צו זיך: „שוין ווידער!״ איך
ווער דערשראָקן. שטיינבערג באַרואיקט מיך. ס׳איז גאָרנישט! ס׳איז די
זעלבע געשיכטע פון אַדעס. אָבער ס׳איז גאָרנישט מיט גאָרנישט. ס׳וועט
גלייך איבערגיין!

און מיט זיין נאַטירלעכער פריילעכקייט האָט ער מיך גלייך באַ־
רואיקט.

ס׳איז מיר אָבער געבליבן אַ שווער געפיל, און די גאַנצע צייט,
וואָס מיר האָבן נאָך פאַרבראַכט צוזאַמען, האָב איך זיך נישט אויפגע־
הערט איינצוקוקן אין זיין אויסגעמאָגערט געזיכט און אין די פיבערדיקע
אויגן. דאָס האַרץ האָט מיר נישט געזאָגט קיין גוטס, און אַז איך האָב
זיך מיט אים געזעגנט פאַרן אַוועקפאָרן, האָב איך מיט שרעק באַטראַכט
דעם אָפּגעשוואַכטן, צעבראָכענעם מענטשן, וואָס איז געפאָרן קיין אַדעס,
אין דער גרויסער שטאָט, וו ער האָט געהאָפט אָנצוהייבן אַ ניי לעבן —
דעמאָלט ווען ער האָט שוין געטראָגן דעם טויט אין זיך.

# שלמה הללס

די געוואַלדיקע צי־קראַפט פון ארץ־ישראל, וואָס נעמט ביים גלות אַוועק אירע בעסטע פאַרשטייער, הייבט אָן פאַר געוויסע פּראָווינצן צו ווערן ממש פאַטאַל. געוויס איז דאָס אַ פריילעכע דערשיינונג, וואָס דער צענטער פון אונדזער נאַציאָנאַלן לעבן ווערט אַלץ מער באַרייכערט מיט קולטורעלע, געזעלשאַפטלעכע און קינסטלערישע קרעפטן. געוויס איז עס פאַרשטענדלעך, וואָס דוקא אונדזערע שעפערישע קרעפטן ווערן אַלץ מער מיטגעריסן אינעם אַלגעמיינעם דראַנג אַהיים, צו זיך; ווייל קיינער האָט דאָך אַזוי נישט געפילט זיך אַליין, אויף אייגענעם גייסט די עלנט־קייט פון דער פרעמד, „די שכינה אין גלות“, ווי זיי, — די וואָס קענען שאַפן גאָר טיף איינגעוואָרצלט אין אייגענעם באָדן, אין אייגענער סביבה.

דאָס מאַכט אָבער די לאַגע נישט בעסער אין יענע ערטער, ווו דער יידישער ישוב ווערט דורך דעם אָפּפלוס פון זיינע בעסטע קרעפטן אַלץ מער אויסגעפלינדערט און פאַראָרעמט. כמעט אומעטום בלייבן די פריער פאַרנומענע ערטער ליידיק. די מלחמה־עפּאָכע איז געווען ווייניק גינסטיק כדי צו דערציען אונדז נייע שעפערישע קרעפטן, און די בעסטע פון אונדזער יוגנט זענען דאָך אויך היינט דאָ און מאָרגן דאָרט.

מיט דעם אָפּפאָרן פון שלמה הללס קיין ארץ־ישראל*), פאַרלירט בעסאַראַביע איינע פון די ליבלעכסטע פערזענלעכקייטן, — אַ שריפט־שטעלער, וואָס איז מער ווי וואָרט־שאַפער: אַ פריינט, אַ חבר, אַ מיט־טראָגער אין אַלע נויטן; אַ מענטש, וואָס האָט געזייט ליבע און פריינט־

---

*) געדרוקט אין קעשענעווער „אונדזער צייט“ אין 1925.

לעכקייט; אַ געטרייע ברידערלעכע האַנט, אויף וועלכער ס'האָט זיך יעדער געקענט זיכער שטיצן — דער נאָענטער און דער ווייטער.

אין שלמה הללס האָט זיך פאַרקערפּערט דאָס גוטע בעסאַראַבּישע, דאָס עכטע, דאָס שיין־מענטשלעכע: די ליבע פּשטות, דער היימישער הומאָר, די אָפנהאַרציקייט און נאַטירלעכקייט. אַזוינע מדות ווירקן דערמונטערנדיק אויף דער גאַנצער סביבה. אין שלמה הללס מחיצה איז נישט געווען קיין אָרט פאַר עצבות, פאַר יאוש. דאָס אָפענע, ליכטיקאינטימע פון זיין געזיכט, די וואַרעמקייט פון זיין שטים האָט געווירקט באַרואיקנדיק נאָך איידער די פרייגעביקע האַנט האָט אויסגעשטרעקט איר הילף.

ער איז פאַר בעסאַראַביע געווען אַלע יאָרן אַ מתנה, אַ מציאה שבאה בהיסח הדעת. נאָך אַלס יונגער שריפטשטעלער האָט אים נאַטירלעך געצויגן אין די גרויסע ליטעראַרישע צענטערן, ווו זיין טאַלאַנט וואָלט זיך געוויס געווען מער און ברייטער אַנטוויקלט. אים איז אָבער באַשערט געווען נישט צו ווערן אויסגעריסן פון זיין היימישער סביבה, ווו זיין פּערזענלעכקייט האָט זיך צעבליט אין אַן אַנדער ריכטונג. די גוטע האַנט פון דער השגחה, וואָס האָט אים שטענדיק זאָרגזאַם געפירט, האָט אים אָפּגעהיט פון דער גרויסשטאָטישער פּאַרוויסטונג, פון דעם ליטעראַרישן אומעט. דאָרט, אין זיין גרינער היים, אין דער שטילער קאָלאָניע, ווו ער האָט געווירקט אַלס דערציער אין פולן זין פון דאָזיקן וואָרט — האָט ער אויסגעשטראַלט זיין גייסט און געווען אַ טרייסט פאַר אַלע. ווער ס'איז נאָר עלנט געווען, וועמען ס'האָט דאָס מזל פאַרטראָגן אין זיין פרידלעך־ליכטיק הויז, דער האָט זיך צוגעטוליעט צו אים און האָט נישט געוווּסט מער קיין פאַרפרעמדקייט.

נאָך צוריק מיט יאָרן, ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערפילט דעם קאָשמאַר פון דער גרויסשטאָטישער ליטעראַרישער סביבה, און האָב זיך געראַטעוועט מיט דעם, וואָס איך בין אויף אַ פּאָר יאָר אַנטלאָפן צוריק אַהיים, — בין איך איינמאָל, אין אַ סוף זומערדיקן טאָג, געפאָרן מיט מיינעם אַ חבר פון בעלץ קיין מאַרקולעשט, צו הללסן. אין אַ ליכטיקן פאַרנאַכט זענען מיר צוגעגאַנגען צו אַן איינזאַם הויז, וואָס

איז געשטאַנען אינמיטן גרינעם פעלד, אַרומגערינגלט מיט אַ יונגן גרויסן גאָרטן. פון דער ערשטער מינוט האָב איך מיך געפילט דאָ ווי ביי מיין מאַמען אין הויז. עס איז געווען ביי מיר אַ מאָדנע געפיל: ווי איך וואָלט געווען דער בלאָנדזשענדיקער דניאל פון „אשמת שומרון”, וואָס פאַלט אַריין צום גוטן מנוחן אין זיין וואַלד־הויז צווישן די חרמונים; — ווי גלייך דער וואַנדערער־וועג איז דאָ געענדיקט און דאָ וועט מיין קראַנקער גייסט ווידער געזונט ווערן און אויפבליען אויפסניי. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם אָוונט, ווען מיר האָבן ביי אַ פויערל אין דרויסן, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געבראָטן גרינע פאַפּעשויעס פון אייגענעם גאָרטן, געזונגען, געטרוימט, געשפּאַסט. אַלצדינג, וואָס מיך האָט אַזוי שווער געדריקט איז פאַרגעסן געוואָרן אין דער קעגנוואַרט פון דעם פּאָ־מ׳ערלעכן באַלעבאָס און דער גוטער, ליבנסווירדיקער באַלעבאָסטע. מיר האָט זיך נישט געוואָלט אַוועק פון דאָרטן, פּונקט ווי זיי האָט זיך נישט געוואָלט בלייבן. מיין מזל איז אָבער געווען אַן אַנדערס.

פון דעמאָלט אָן האָב איך דאָס דאָזיקע ליכטיקע הויז נישט פאַרגעסן. יעדער גרוס פון דאָרט איז ביי מיר געווען ווי אַ זיסער קלאַנג פון דער היים, ווי אַ רוף צוריק. וויפל מאָל האָט זיך ווידער געוואָלט זיין דאָרט, ווו געענדז און הינדעלעך און קעלבלעך האָבן שפּאַצירט אין הויף — ווו דער גאָרטן האָט זיך אַלץ מער צעבליט און, ווו זיין באַלעבאָס, מ׳יט זיין גרינעם שאָטן האָט אַלץ מער געשיצט יעדן אָנגעוויטיקטן, וואָס איז אַהין פאַרטראָגן געוואָרן.

ווי אַ שטילע לעגענדע איז דאָס הויז געווען אין דער גאַנצער געגנט — ווי אַ גרינער אינדזל, אויף וועלכן עס ראַטעווען זיך אַלע שיפּסבראָכ׳יקע. אין דער צייט פון דער מלחמה און אין דער קאָשמאַרער צייט פון נאָך איר — אין מארקולעשט, און נאָכדעם אין ריבניצע, אויף די מיט טרערן אָנגעטרונקענע „ברעגן פונעם דניעסטער”, איז ער געשטאַנען אויף דער וואָך און אַזוי פיל הילף געבראַכט, אַזוי פיל מיטגעטראָגן און מ׳יטגעליטן, אַזוי פיל טרייסט און דערלינדערונג געבראַכט, אַז ס׳לאָזט זיך גאָרנישט אַלעס אַרויסשרייבן. נישט העלפן, בלייבן גלייכגילטיק, ראַטעווען נאָר זיך — אַזוי ווי עס טוען אַלע, די טויזנטער און די מיליאָ־

נען, די גוטע און די שלעכטע, דאָס האָט ער נישט געקענט. זיין פריי־הייט, נאָכדעם אפילו זיין לעבן, אַלץ האָט געהאָנגען אויף אַ האָר, און דער מענטשלעכער חוב איז געטון געוואָרן אומאויפהערלעך.

עס איז אַזוי פאַרשטענדלעך, וואָס די דאָזיקע טיף־מענטשלעכע טואונגען האָבן פאַרשלונגען די בעסטע כוחות און זיין שאפונגס־טע־טיקייט איז געווען מיט גרויסע הפסקות. דאָך, יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך צוגעכאַפּט צום שרייב־טיש אויף עטלעכע אָוונטן, האָט ער אונדז געבראַכט קלענערע און גרעסערע מתנות. זיין טאַלאַנט, אַ ריין רעאַלער, וועלכן ס׳האָבן פריער מערסטנטייל צוגעצויגן צייט־פּראָבלעמען, האָט זיך נאָכדעם אַלץ מער קאָנצענטרירט אויפן קינדער־לעבן. זיינע קינדער־דערציילונגען, מעשיות און קאָמעדיעס צייכענען זיך אויס מיט פרישן הומאָר, מיט לעבעדיקער האַנדלונג. און זיין גרעסערע דערציילונג „הנסיעה״, שטעלט מיט זיך פאָר אַ פּרעכטיקע שילדערונג פון צוויי קינ־דער־טיפּן אויפן פאָן פון אַ נסיעה־אַוואַנטורע. עס איז אַ דערציילונג, אין וועלכער דער קינסטלער מיט דעם דערציִער זענען צוזאַמענגעגאָסן. זאַפטיקע נאַטור־שילדערונגען, הומאָריסטישע דיקענס־סצענעס, — דאָס איז דעם קינסטלערס חלק. דעם דערציִער באַשעפטיקט די אידעע, פאַר־וואָס דאָס אָרעמע הפקרדיקע קינד, דער שטיפער און מזיק, איז באַגאַבט מיט אַ שאַרפער תפיסה, מיט רייכע לעבנס־קענטעניש און מיט ווונדער־באַרע פעאיקייטן, אין דער זעלבער צייט, וואָס דאָס „דערצויגענע״ באַלע־באַטישע ייִנגעלע, איבער וועלכן טאַטע־מאַמע הערן נישט אויף צו צי־טערן, איז אין פאַרגלייך מיט זיין חבר אַזאַ גאָרנישט, אַזאַ הילפלאָזע און טאַלאַנטלאָזע באַשעפעניש. עס קומט אַרויס נישט טענדענציעז, נאָר קינסטלעריש־בולט: נאָר פריי לעבן און טעטיק לעבן דערציט נאַטירלעך. כדי צו דערציען אונדזערע קינדער צו אַ פּראָדוקטיוו־טעטיק לעבן איז אומבאַדינגט נויטיק מיר זאָלן זיי אַביסל ווייניקער דערציען — אַביסל מער זיי אָנפאַרטרויען דער געטרייער נאַטור, וואָס איז די קליגסטע פון אַלע דערציִער.

***

שרייבנדיק אין איילעניש די דאָזיקע שורות, און זייענדיק זיכער, אַז איך וועל, ווי שטענדיק, דאָך פאַרשפּעטיקן און מיינע פריינט וועלן זיך שוין געוויס שאָקלען אויף די כוואַליעס פונעם „ים הגדול“ ווען דער דאָזיקער גרוס צו זיי וועט זיין פאַרעפנטלעכט, פרעסט מיך אַ שמערצלעך געפיל, וואָס איך האָב נישט געקענט זיין מיט זיי צוזאַמען די לעצטע טעג, וואָס זיי האָבן פאַרבראַכט אין אונדזער אַלגעמיינער היים. ס׳איז געוויס אַ שווער געפיל, ווען מ׳פאַרלאָזט אַ היים, ווו מ׳האָט אַזוינע טיפע וואָרצלען געלאָזט — ווו מ׳איז אַרומגערינגלט מיט אַזויפיל ליבע און צערטלעכקייט. די איינציקע טרייסט איז דאָך, וואָס זיי פאָרן אַהיים, און מיר וועלן דאָך אַלע אינגיכן זיין צוזאַמען מיט זיי. נישט אַזוי?

דאָס בעסאַראַבער יידנטום, וואָס פאַרמאָגט אַזוי ווייניק הללס׳ באַדויער איך, דעם אמת זאָגנדיק, מער ווי אים. ער איז פאַר בעסאַראַביע געווען איינער פון די געציילטע, ווי אַ ליבלעכער שמייכל אירס איז ער געוועזן, און כל־זמן ער האָט געוווינט דאָ, האָט געצויגן אַהיים, ווי צו אַ ברודער, ווי אין אַ פאָטערלעך הויז. איצט איז געבליבן אַ ליידיק אָרט — נישט אַזוי פון אַ לערער, פון אַ שרייבער און כלל־טוער, ווי דאָס וואָס איז חשובער פון אַלץ: פון אַן אומפאַרגלייכלעכן מענטשן.

# צוויי יידישע פאָלקס שרייבער

## (א. ד. ראָזנטאַל און שבתי לערנער)

ס'איז אַ פּראַסטיקער שבת־טאָג, אַ זוניקער און ווייס־באַשנייטער, ווען די בעלצער בלאָטע איז איינגאַנצן באַזיגט, אויף די שטייף־טרוקענע צווייגן פון די דורכזיכטיקע ביימער קלינגען דיווינטער־פייגעלעך, ווי גלעזערנע גלעקלעך, און די פערד וואָס שלעפּן גרינע שליטעלעך, לאָזן אַ ווייסע פּאַרע, און מענטשן איילן זיך און מונטערער, און די גאַנצע וועלט זעט שוין נישט אויס אַזוי פאַרמאַטערט. אין אַזאַ טאָג, ווען מ'איז אַלט זיבעצן יאָר, איז דער טאָג אַליין גענוג, אַז ס'זאָל מיט אַמאָל ווערן לייכט אויפן האַרצן, ווי גלייך מיט דעם דאָזיקן טאָג הייבט זיך שוין אָן, דאָס נייע, דאָס לאַנג־געוואַרטע. און ווידער הייבסטו אָן צו גלייבן אין זיך און אין דער גאַנצער וועלט, און עס ווילט זיך דאָס פולע האַרץ אויסגיסן עמעצן אַ נאָענטן, אַ געטרייען, וואָס זאָל דיך פאַרשטיין און זאָל גלויבן אין דיר, ווי דו גלויבסט אין דער גאַנצער וועלט.

גיי איך מיר אַזוי אין אַ יום־טובדיק־געהויבענער שטימונג מיט אַ פּעקל ניי אָנגעשריבענע שירים צו אליעזר־דוד ראָזענטאַלן, כדי זיך אַביסל צו פאַפּראַווען פונעם גרויסן אומעט, וואָס באַהערשט אַזוי אָפט יעדן אָנפאַנגער. ווי אַ גרייזעלע לעכצט צו טוי, אַזוי האָב איך געלעכצט צו אַ גוט אויפמונטערנדיקן וואָרט. אליעזר דוד ראָזענטאַל איז שוין אָן על־טערער שריפטשטעלער; ער האָט זיך שוין געהאַט געדרוקט אין „לוח־אחיאסף" און אין „הויז־פריינד". עס איז שוין, ווי עס איז, אַ שטיקל אחיזה. אויף זיין מיינונג שטעל איך שוין — פאָרט אָן אויטאָריטעט! — כאָטש פאַר קיין איבעריקן מבין אויף פּאָעזיע האַלט איך אים נישט...

גיי איך מיר אַזוי אויף דער דוואָריאַנסקע, וווּ ראָזענטאַל האָט דע־מאָלט געוווינט — אַ גאַס שוין מיט אַ ביימל ערגעץ־ווו, מיט גרין־גע־פאַרבטע „גאַניקעס" און מיט אַ ריח פון עק־שטאָט, און פאַנטאַזיר מיר

וועגן דעם, ווי אַזוי איך וועל אַמאָל זײַן, ווי א. ד. ראָזענטאַל און וועל זיך דרוקן אין „המליץ" און אין „לוח־אחיאסף", — אַז איך דערהער פלוצים הינטער זיך אַ באַקאַנט קול, וואָס רופט מיך אָן ביים נאָמען. איך קוק מיך אום און דערזע ראָזענטאַלן מיט זיין אייביקן בן־לויה שבתי לערנער, ביידע אָנגעלענט אויף מאַסיווע שטעקנס, שפּאַנען הינטער מיר געשמײַדיק, אויפגעלײגט, און מיר לאָזן זיך זאַלבעדריט צו ראָזענטאַלן אַהיים.

אויפן וועג באַטראַכט איך נאָך אַמאָל די דאָזיקע צוויי מענטשן, וואָס זענען מיר געווען אַזוי נאָענט אין די טעג פון מײַן פריסטער יוגנט. דאָס זענען צוויי מערקווירדיקע טיפּן, וואָס שטעלן פאָר מיט זיך פול־שטענדיקע קאָנטראַסטן, און זענען דאָך אַלע יאָרן געווען פאַראייניקט מיטן בונד פון געטרייסטער פריינטשאַפט. די דאָזיקע פריינטשאַפט זייערע פלעגט שטענדיק ביי מיר אַרויסרופן די בעסטע געפילן צו זיי ביידן. הגם זיי זענען, ווי געזאָגט, גאָר נישט געווען ענלעך איינער צום צווייטן, בילדן זיי פאַר מיר אַ האַרמאָנישע פאַראייניקונג פון צוויי מענטשן, וואָס דערפילן איינער דעם צווייטן.

ראָזענטאַל, אַ שטיקל יחסן, פון אַן איידעלער טעלענעשטער פאַמיליע, אַ ייד אַ חכם און אַ תלמיד־חכם, אַ ייד מיט אַ חתוך־הדבור, וואָס הערט זיך איין צום אָפּקלאַנג פון זיינע אייגענע ווערטער, וועלכע ער באַטראַכט גוט איידער ער לאָזט זיי אַרויס פונעם מויל, — איז אַ ניכטערער מענטש, אַזוינער וואָס האָט שוין דאָס לעבן און די מענטשן דערקענט פון פאָרנט און פון הינטן, און ווייסט שוין פון לאַנג, אַז ס'איז פע! — הבל־הבלים. דער ווילן צו ליטעראַרישן רום, צו פּאָפּולאַריטעט, איז ביי אים, קענטיק, פאַראַליזירט דורך דעם קאַלטן שכל פון אַ יידן, וואָס שטאַמט פון סוחרים און איז שוין אַליין אויך געווען אַ סוחר און שוין באַוויזן צו פטרן די עטלעכע קערבלעך. ער איז אַ רעכט ביסל פאַרביטערט, נאָר געענוג קלוג דאָס נישט אַרויסצווייזן. ער רעדט פון ליטעראַטור און ליטעראַטן מיט אַ קוים־באַהאַלטענעם בטול, נאָר אַז ער דערהאַלט פון אחד־העמן אַ פאַרבעטונג מיטצואַרבעטן אין „השלח", אָדער

אז ער לייענט מיר פאָר זיין „תורה“ אָדער זיין „אברהמ׳קע שוסטער“, ווערט זיין קול ווייכער און די אויגן באַקומען אַ פייכטלעכן גלאַנץ... צו יענער צייט איז ער האַלב סוחר און האַלב לערער, און איז אין ביידע מלאכות אַ קליינער מוצלח. ער איז אָבער, ווי אויך שפּעטער, אין די ערנסטע צייטן פון זיין לעבן שטאַרק געבליבן ביי זיין הומאָר, און אויך דאָס וואַרפט אויף אים צווישן די בעלצער שווערמוטיקע יידן אַ באַזונ־דערן חן פאַר מיר, און אַז ער קומט זיך צונויף מיט לערנערן אין פינ־קעלמאַנס בוכהאַנדלונג, און מע שמועסט מיט התלהבות וועגן רעאַליזם, מענדעלען, זאָלאַן און מאַפּאַסאַנען, וואַרפט ער שטענדיק אַריין דאָס שאַרפזיניקסטע וואָרט, וואָס קילט אַביסל אָפּ און ווירקט דאָך באַ־פרייענדיק...

אַנטקעגן אים איז לערנער, דער אייביק נאַאיווער און באַגייסטער־טער פאַנטאַסט, ממש אַ פייערדיקער באַרג. זיין ענטוזיאַזם איז נישט אויסצושעפּן. זיין רויטלעך פּנים מיט די גלאַנצנדיקע אויגן דריקן אויס אייביקן אָפּטימיזם. ער איז אַ לערער, באַלאַסטעט מיט אַ שווערער פאַ־מיליע, און קלייבט זיך אייביק אויסצוהאַלטן עקזאַמען אויף „הויז־לע־רער“; האָט שוין אויף זיין לעבן אָנגעשריבן אַ שיין ביסל לידער, דראַ־מעס, דערציילונגען און ראָמאַנען, און איין וואָרט נישט געדרוקט (זיין ערשטע געדרוקטע זאַך איז געווען די שיינע איבערזעצונג פון היינעס „מלכה שבת“, וואָס איך האָב ערשט שפּעטער מיט עטלעכע יאָר אַריינגע־געבן אין ספּעקטאָרס „יידישער פאָלקסצייטונג“, אין וואַרשע) — און דאָך פאַלט ער נישט אַראָפּ ביי זיך און אַז איך קום אַמאָל צו אים, ווערט צווישן וויינענדיקן קליינוואַרג אויפגעשטעלט דער סאַמאָוואַר און מיר טרינקען טיי און לייענען איינער דעם צווייטן אונדזערע חבורים ביז שפּעט אין דער נאַכט און קלייבן נחת איינער פונעם אַנדערן...

לערנער איז מ יי נ ע ר — פון מיין חדר. איך האָב אים האַרציק ליב און בעט גאָט ער זאָל געפונען חן אין די אויגן פון די רעדאַקטאָרן און ער זאָל שוין אַמאָל זוכה זיין צו ווערן „געדרוקט“, פונקט ווי איך בעט פאַר מיר אַליין; און דאָך אימפּאָנירט מיר מער ראָזענטאַל מיט זיין

קאַלטבלוטיקייט, — אפילו מיט זיין ביטול... איך זע, אַז ער פאָדערט אַ כך, פאָדערט וויסן, פאָדערט אַרבעט, און איז אין תוך געטריי. איך פיל אינסטינקטיוו, אַז אַזוינע ווירקן, דערציִען, מער ווי די, וואָס שטעלן זיך צופרידן מיט וויפל ס׳נישט איז.

אויך איצט, ווען איך זיץ מיט דיביידע חברים אין וואַרעם־אויס־געהייצטן צימער און לייען זיי מיט אַ נישט־זיכערער שטימע מיינע נייסטע לידער, איז ראָזענטאַל דער מחמיר. ווי שטענדיק, האָט ער אויך איצט טענות צו מיר, אַז איך בין אין מיינע שירים ווייניק קלאָר, ווייניק לאָגיש. מיט זיין לאָגיק דערגייט ער מיר שטענדיק די יאָרן. אומעטום וויל ער ס׳זאָל זיין פשט, און ס׳זאָל זיין קלאָר... איך האַלט אין איין בעטן זיך: וואָס טויג אייך לאָגיק אין שירים? הערט אייך בעסער איין, וו׳עט אייך אַלצדינג פאַרענטפערט ווערן אָן לאָגיק. נאָר האָט מען געקענט יענעם עולם, וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויף עקסטרעמען רעאַליזם אייב־רעדן, אַז ליריק איז עפּעס אַנדערש, ווי „אַרויסזאָגעכץ״?... אַ גליק, וואָס איך האָב געהאַט אויף מיין זייט דעם גוטן לערנערן, וואָס האָט די לידער נישט געלייענט, נאָר געזונגען. ביי אים איז תיכף אַלצדינג געוואָרן רעכט, און ראָזענטאַל האָט זיך געמוזט אונטערגעבן און זיך אָפּזאָגן פון זיינע לאָגישע פאָדערונגען — אַזוי אַז איך בין דאָך אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטוב דערמוטיקט און דעם גאַנצן לאַנגן וועג פון דער דוואָריאַנסקע־גאַס ביז אויף אונדזער געסל, לעבן פוילישן קאָשציאָל, געווען פאַרזונקען אין זיסע חלומות וועגן מיין ליטעראַרישער צוקונפט...

אַזוי פלעגן מיר זיך אָפּט באַגעגענען מיט ראָזענטאַלן — אין תוך פרעמדע, נאָר דאָך נייטיקע איינער דעם אַנדערן. איך האָב שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, ווי געפערלעך ס׳איז פאַר דער קונסט די קאַלטע „לאָגישע״ וועלט־אויפפאַסונג. וואָס איז געווען אייגנטלעך ראָזענטאַלן. מיט אַזאַ ביטול, מיט אַזאַ אייזיקן „שכל הישר״ קען מען זוייטער פון „אַברהמקע שוסטער״ נישט אַוועקגיין. איז אָבער דאָס ליטעראַרישע בעלץ געווען פאַרברענט נאָך עקסטרעמען רעאַליזם. קיין אַנדער קונסט האָט מען דאָרט נישט אָנערקענט. זאָלאַ איז געווען דער גאָט, און איך האָב מיך געשעמט

אויסצוזאָגן, אַז יעדער ראָמאַן זיינער, וואָס איך שטאַרק מיך און לייען איבער ביזן סוף, קאָסט מיך געזונט.

אָרעמער לערנער, ליבער ענטוזיאַסט און אייביקער שלים־מזל! דער סוף זיינער איז געווען, אַז ער האָט זיך דערשלאָגן קיין אַמעריקע, וווּ־הין ער האָט מיטגעבראַכט זיינע גראָבע העפטן מיט לידער, דראַמעס און מעשׂות. איך וואָלט ביז היינט נישט געוווּסט, וואָס מיט אים איז גע־וואָרן, ווען נישט באַסינס אַנטאָלאָגיע „500 יאָר יידישע פּאָעזיע״, וואָס האָט געבראַכט זיינס אַ ליד און דערציילט, אַז ער האָט זיך אין אַמע־ריקע געאַרבעט אין אַ שאַפּ און דרוקנדיק זיינע ערשטע לידער אויסגע־שפּיגן די לונגען און אָוועקגעשטאָרבן.

אַזוי ווי אים האָט געפעלט אַביסל דיסציפּלין פון געדאַנק, אַביסל כוח המעצור, כדי ער זאָל קענען שאַפן, — אַזוי האָט ראָזענטאַלן, דעם מענטש מיט אומגעהויער רייכע דערפאַרונגען, מיט אַ באַגאַזש פון לעבנס־קענטעניש, וואָס וואָלט געקלעקט פאַר צען בעלעטריסטן, געפעלט יענע ביסל ת מ י מ ו ת, וואָס אָן דעם ווערט מען נישט קיין דיכטער, אפילו נישט קיין דערציילער. יענע ב י נ ה ע ל י ו נ ה וואָס איז אַזוי נייטיק דעם בעלעטריסט, איז עטוואָס גאַנץ אַנדערש, ווי דער גע־וויינלעכער ניכטערער פאַרשטאַנד. ער האָט, צוזאַמען מיט לערנערן, אַרויסגעגעבן אין אָדעס אַ יידישע ביבליאָטעק און פאַרעפנטלעכט אַ בענדל דערציילונגען, געשריבן אין שאַרף רעאַליסטישן סטיל. זיי זענען, צום באַדויערן, כמעט ווי נישט באַמערקט געוואָרן.

ראָזענטאַל אָבער, וואָס איז נישט קיין דיכטערישע נאַטור, פאַרמאָגט ־אָך וווּנדערבאַרע גייסטיקע אייגנשאַפטן. ער האָט אַלע זיינע יאָרן ווי אַ שוואָם איינגעזאַפּט אין זיך שטריכן, בילדער און געשעענישן. ער האָט פיל געוואַנדערט און פיל געזען. די נאָוועלן, וואָס ער האָט פאַרעפנט־לעכט גיבן נישט קיין פאַרשטעלונג פון דעם רייכטום פון לעבנס־מאַ־טעריאַל, וואָס ער האָט אין זיך אָנגעקליבן. און אַז גאָט האָט אים גע־שטראָפט, און ער האָט מיט זיינע אויגן זיך אָנגעזען די גרויסע מאַרטי־ראָלאָגיע פון אונדזערע ברידער אין אוקראַינע און זיך אָנגעהערט וועגן

די אַלע שרעקן, וואָס דאָס בלוט ווערט פאַרקילט פון זיי, — איז ער געווען איינער פון ווייניקע, וואָס האָבן באַהערשט דעם דאָזיקן טראַגישן מאַטעריאַל און פאַראייביקט די אַלע חורבנות מיט זיין גלייכער און ער־לעכער פעדער. זיינע ווערק פון דעם דאָזיקן טיפּ ווירקן ווי אַלטע היס־טאָרישע כראָניקעס. אַזוי זאַכלעך זענען זיי און אַזוי געהיט פון מליצות און איבערטרייבונגען. זיין „מגלת טעפּליק״, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין איינעם פון די פאָלקלאָרישע זאַמלביכער „רשומות״ (רע־דאַקציע פון דרויאַנאָוו, ביאַליק און ראַווניצקי) שטעלט פאָר מיט זיך איינע פון די וווּנדערלעכסטע אַרבעטן, וואָס וועט אַלס אומפאַרגלייכלע־כער לעבעדיקער דאָקומענט און טיף־פאַרשטאַנדיקע היסטאָרישע פאַר־צייכעניש בלייבן אין אונדזער ליטעראַטור. עס לייענט זיך כמעט ווי אַ פאַרצייטיקער עפּאָס — אַזוי פיל געטרייקייט און אַזוי פיל דורכדרינג־לעכקייט פאַרמאָגט עס. און איך קען מיר נאָר פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ וויכטיקייט זיינע איבעריקע ענלעכע ווערק פאַרמאָגן.

אליעזר דוד ראָזענטאַל איז מיט אַלע זיינע דעפעקטן אַ כאַראַקטער־פיגור. אַלס מענטש און אַלס שריפטשטעלער האָט ער געגנוג טראַגיש דורכגעמאַכט זיין לעבן. זיינע רייכע פעאיקייטן האָבן נאָר אין דער לעצ־טער עפּאָכע, שוין אַלס אַלטער קראַנקער מענטש געגעבן פרוכטבאַרע רעזולטאַטן אין זיינע כראָניקעס פון חורבן אוקראַינע. מיט זיין גאַנצער פאַרביטערטקייט איז ער דאָך דורכגעגאַנגען זיין לעבן מיט יענע רואיקע טריט, וואָס זענען געאייגנט נאָר דעם אדם־המעלה. איך האָב אים קיינ־מאָל נישט געהערט זיך באַקלאָגן, האָבן טענות. ער האָט ווי אַ קלוגער מענטש אַראָפּגעשלינגען די ביטער פּילן און אויף אַלע לעבנסבאַ־ליידיקונגען געענטפערט נאָר מיט זיין שאַרפן פאָלקס־ווערטל.

איצט, אין אָוונט פון זיין לעבן, זענען די שאָטנס נאָך געדיכטער געוואָרן, און ס'איז אַזוי טרויעריק צו הערן פון דער וויטן וועגן די שווע־רע טעג, וואָס זענען אויסגעפאַלן אויף זיין עלטער, דאָרט, אין ליידיק־געוואָרענעם אָדעס, ווו ער איז פאַרבליבן איינער אַליין, עלנט און אָפּ־געריסן פון אונדז אַלע.

# פאַרשפילט

## (אַ פּסחדיקע מעשה)

— 1 —

די ערשטע טעג יום־טוב האָט מיר געהאַלטן אין איין גיין אין דער שפּיל; מיינע קעשענעס זענען אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיט ניס, און אַז איך האָב זיי שוין נישט געקענט דערטראָגן, האָב איך זיי אָנגעהויבן פאַרקויפן מיינע חברים צען אַ גראָשן, אַ גראָשן צען, און האָב אָפּגעמאַכט אַ פולע קעשענע מיט קופּערנע מטבעות. דאָס זענען געווען די אמתע גליקלעכע טעג! די קיילעכדיקע ניסלעך האָבן מיך געפאָלגט, געקאַטשעט זיך אַראָפּ פונעם רינשטאָק גלייך, גלייך אין גראָפּע אַריין, וואָס דאָרט אויבן אויפן בערגל, לעבן דער גרויסער שול; בלויז אויף מיין קוק האָבן זיי זיך געריקט פאָראויס, און ווען אפילו אַ פאַרעקשנט ניסל האָט געפּרווט זיך אַ פאַר־נעם טון אין דער זייט, האָב איך פאַרקאַטשעט אַן אויג און עס געוואָרנט: ניטע! ניטע, קליינער! אין גראָפּע, אין גראָפּע, אין גראָפּע! און איר מעגט מיר גלויבן, אַז דאָס ניסל האָט זיך געטון באַלד אַ פאַרקערעווע צוריק און איז געגאַנגען, וווהין איך האָב געהייסן. אַז אַ מענטשן גייט, איז גאָר קיין קלייניקייט נישט — קענען ניס, אַז מ׳דאַרף, בלייבן שטיין אפילו באַרג אַראָפּ.

נאָר דאָס איז געווען בלויז די ערשטע טעג פּסח. דעמאָלט האָט די זון געוואַרעמט און געשיינט אַ פאַרגעניגן; די ערד האָט אויסגעזען פריש און ווייך; אַלע מענטשן, אַלע גרעזעלעך אין פעלד — האָבן צו מיר גע־שמייכלט און זיך משמח געווען אין מיין פרייד. אַזוי איז שטענדיק, אַז אַ מענטשן גייט.

דערנאָך אָבער זענען געקומען שווערע טעג. דאָס מזל האָט זיך מיר איבערגעדרייט. די ביס האָבן זיך אַלע געעקשנט און פונקט אין יענער רגע, ווען איך האָב זיך מיט די אויגן געבעטן צו זיי, זיי זאָלן זיך מטריח זיין גלייך אין גראָפּע; גראַדע דעמאָלט האָבן זיי זיך פאַרדרייט אין אַ זייט; ווען אַלע מיינע איברים האָבן זיך געבעטן רחמים: נאָר ניט! נאָר ניט אַהין! מיט זיבן וועגן זענען זיי געקראָכן, צומאָל אפילו באַרג אַרויף, אַבי איך זאָל פאַרשפּילן. איר זאָלט גאַרנישט געפּרוווט ווערן, קינדער! אַז דאָס מזל טרעט אָפּ, קען מען גאָר קיין קלוגער נישט זיין.

— 2 —

איך וועל אייך קיין סך נישט מאריך זיין — דעם ערשטן טאָג חול-המועד בין איך אַרויס נקי, אָן איין ניסל און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה. איך בין געבליבן ליידיק וואָס ליידיק הייסט. אפילו דאָס האַרץ מיינס איז געוואָרן ווי אויסגעליידיקט. איך האָב זיך געשעמט צו קוקן מיינע חברים אין פּנים אַריין. איך האָב מיך געשעמט פאַר דער שיינענדיקער זון. איך בין געוועזן פול מיט יסורים, און זיך געשעמט מיט מיינע יסורים.

מיין מאַמע האָט מיר געגעבן אַ נייע פּאַרציע ניס, און די באָבע האָט מיר אַ חוץ געגעבן, אַז קיינער זאָל נישט זען. אָבער, אַז קיין מזל איז נישטאָ, וואָסזשע העלפט דאָס אַלעס? איך האָב ווידער געפּרוווט מיין גליק און אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך געבליבן יבש. איך ווייס נישט ווי אַזוי און נאָך וואָס, נאָר פּלוצים האָב איך אַריינגעלייגט די האַנט אין קעשענע און האָב דערפילט, אַז זי איז ליידיק ווי אַן אויסגעטרוקנטער ברונעם.

דעם גאַנצן טאָג בין איך אָפּגעשטאַנען לעבן די שפּילערס, אויך אויפן צווייטן טאָג האָב איך אויך נישט אָפּגעטרעטן פון זיי. מיט אַלע חושים בין איך געווען אַריינגעטון אין דער שפּיל. מער פון אַלץ האָב איך נישט אַראָפּגענומען דאָס אויג פון יונהן, משה בעקערס, וואָס איז אים געגאַנגען אין דער שפּיל דורך טיר און דורך טויער. ער שטייט זיך אַזוי רואיק, וואַרפט זיך די ניסעלעך און זיי פליען גלייך אין גראָפּע אַריין, פּונקט ווי

בּיי מיר, ווען ס׳איז מיר געגאַנגען. איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו האָפן. איך בין געווען זיכער, אַז ווען איך האָב עטלעכע געציילטע ניס, וואָלט איך באַלד אַלצדינגס אָפּגעוווּנען צוריק: איך האָב בחוש אַרויסגעזען, אַז איצטער, ערשט איצטער האָב איך תופס געווען דעם סוד פון דער שפּיל. ס׳איז געווען ביי מיר קלאָר ווי דער טאָג, אַז ווען איך וואַרף איצטער די ניס אין גראָפּע, וואָלט איך אַפילו איינמאָל נישט פאַרשפּילט. נאָר ווו נעמט מען זיי?

ווי איך שטיי אַזוי, פאַרזונקען אין די געדאַנקען, הער איך אַ געשריי: יונה האָט פאַרלוירן אַ פינף־קאָפּיקע מטבע, זי האָט זיך אַראָפּגעקאַטשעט, און מ׳קען זי נישט געפונען. חברה האָבן געזוכט, און אַז זיי האָבן זי נישט געקענט געפונען, איז מען צוריק געגאַנגען שפּילן. יונהן איז געגאַנגען פון אַלע זייטן און ס׳האָט נישט אויסגעמאַכט ביי אים דער שאָדן פון די פינף קאָפּיקעס.

נאָר איך שטיי נאָך דאָרט, גראבל, קראַץ און זוך. איך האָב אַליין רעכט נישט געוווּסט, נאָך וואָס איך האָב עס געטון נאָכדעם וואָס יונה האָט זיך אַליין מייאש געווען פון דער אבדה. און ווי איך שטיי אַזוי און זוך, טוט זי מיר אַ גלאַנץ אַרויס פון דעם גראָז און איך וויל באַלד פריילעך אַ געשריי טון: זי איז דאָ, איך האָב געפונען! נאָר איך בין עפּעס, ווי דער־וואָרגן געוואָרן און נישט וויסנדיק אַליין, וואָס איך טו, האָב איך באַלד אַריינגעלייגט די מטבע אין קעשענע אַריין. דאָס פּנים איז בלייך געוואָרן, די הענט האָבן געציטערט. איך האָב געוווּסט קלאָר, אַז איך טו אָפּ אַ שלעכטע זאַך, נאָר איך האָב שוין נישט געקענט טראַכטן. איך האָב גע־האָט בלויז איין געפיל: איך מוז נאָך אַמאָל פּרוּוון מיין מזל! דאָס מאָל וועל איך שוין געוויס געווינען און מיר צוריק אומקערן מיין שאָדן; און דעמאָלט וועל איך יונהן אָפּגעבן זיינס.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך צוגעגאַנגען צו דער חברה און האָב ווידער אָנגעהויבן צו שפּילן.

— 3 —

דאָס מאָל האָב איך מיך נישט גענאַרט; ס׳איז מיר אַזוי געגאַנגען אין דער שפּיל, אַז איך האָב מיך אַליין אַזוי פיל נישט גערעכט: איך האָב מיר אויסגעאַרבעט אַ האַנט, אַז איך האָב תּמיד געטראָפן וווהין איך האָב געצילט און וווהין איך האָב געוואָלט. איך האָב שוין פון פריער געוווּסט וויפיל ניס ס׳וועלן אַריין אין גראָפּע און וויפיל ס׳וועלן פאַרבלייבן פון דרויסן. איך האָב ביי מיר דאַן אין די אויגן אויסגעזען, ווי אַ קונצנמאַכער און אַזוי אויך אין די אויגן פון מיינע חברים. איטלעכער האָט געציטערט פאַר מיר, דאָך האָבן אַלע געוואָלט שפּילן מיט מיר, דעם בעל־מזל. איך האָב שוין באַלד די ניס נישט געקענט איבערציילן און די קעשענע האָט אַראָפּגעריסן פון די קלינגענדיקע מטבעות, וואָס האָט זיך אָנגעזען ביי מיר אַ מטבע פון פינף קאָפּיקעס!

און פונדעסטוועגן האָב איך מיך נישט געאיילט אומצוקערן דעם שאָדן. די קינדער האָבן געזאָגט, אַז מ׳טאָר נישט איבעררייסן די שפּיל אינמיטן האָב איך מיר געטראַכט: איך ענדיק נאָר די שפּיל, גיב איך יונהן באַלד אָפּ זיינס. כ׳האָב אפילו גערעכנט אים אומקערן צוויי מאָל אַזוי פיל, וויפל ער האָט פאַרלוירן, ווייל וואָס מער איך האָב געוווּנען, איז יונהן אַלץ געגאַנגען שלים־מזלדיקער.

פאַרנאַכט איז יונה פאַרשוווּנדן געוואָרן. אויפן אַנדערן טאָג האָב איך פאַרגעסן אין גאַנצן ענין. איך בין געווען פאַרטאַרעראַמט אין דער שפּיל, ווייל אויף דעם צווייטן טאָג איז די הצלחה מיינע געווען נאָך גרעסער, און איך בין פּשוט געווען צעמישט פון מיין עשירות. איך האָב אין יונהן פאַרגעסן, ווי אין אַ טויטן.

ערשט אויפן דריטן טאָג פאַרנאַכט, אַז דאָס מזל האָט זיך ווידער איבערגעדרייט און אין אַ פּאָר שעה בין איך אַרויס אָפּגעבערענט פון די ניס און פון מיין גאַנץ פאַרמעגן, — ערשט דעמאָלט האָב איך מיך דערמאָנט, וואָס איך האָב אָפּגעטון. דאָס פּנים האָט מיר אָנגעהויבן צו פלאַמען פאַר חרפּה; איך האָב חרטה געקריגן, וואָס איך בין באַגאַנגען. אָך, ווי גליקלעך,

## רעגנבויגן

ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען ס׳פֿאַרבלייבן מיר כאָטש די פֿינף קאַפּיקעס, איך זאָל דעם יינגל קענען אָפּגעבן זיין שאָדן און זיך אומקערן אַהיים אָן גאָרנישט אָבער כאָטש מיט אַ ריין האַרץ.

איך האָב אָבער קיין איין גראָשן מער נישט פֿאַרמאָגט, מיט טרערן אין די אויגן האָב איך מיך קוים דערשלעפּט אַהיים.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, בין איך לאַנג געזעסן אין זאַל אין דער פֿינצטער. איך האָב מיך געשעמט צו באַווייזן דאָס פּנים פֿאַרן ליכט, איך האָב מיך געשעמט צו זיצן ביים טיש מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען. איך האָב מורא געהאַט, אַז מ׳זאָל מיר נישט איבערלייענען אויפֿן פּנים מיין גרויסע שאַנד!...

# שבת אין וואַלד

— 1 —

אַמאָל איז געווען אַ ייד אין אַ קליין שטעטל, אַ ייד אַ שניידער, האָט ער געהייסן ליפּע — ליפּע דער שניידער.

איז דער דאָזיקער ליפּע געווען אַ פּשוטער ייד, קוים דאַוונען געקענט, און אַ גרויסער אָרעמאַן, נישט פאַר קיינעם געדאַכט, גאָר דאָס אָרעם שטיקל ברויט פאַר זיך און זיין ווייב נחמה מיט די קינדערלעך האָט ער פאַרדינט — צו לייטן, חלילה, נישט אָנגעקומען. פון זונטיק ביז פרייטיק, ווי גרויס די וואָך איז, פון דאָרף צו דאָרף געגאַנגען און פאַר די פּויערים געאַרבעט; געניית, געלאַטעט און איבערגעניצעוועט — קיין גרויסער איבערקלייבער איז ליפּע נישט געווען. פלעגט ער, מאָלט אייך, געווען פאַרשוואַרצט ווערן די זעקס טעג פון דער וואָך. דערפאַר אָבער, אַז גאָט האָט געהאָלפן, ס'איז געקומען פרייטיק, ערב שבת, האָט שוין געמעגט שטיין אים דאָס גרעסטע פאַרדינסט — פלעגט ליפּע דער שניידער זיך איילן אַהיים. ס'האָט געמעגט דונערן און בליצן, האָט ער געמוזט זיין אויף שבת אין דער היים, אין זיין ציכטיק שטיבל, מיט זיין ווייב נחמה און זיינע קינדערלעך, מאַכן קידוש און זינגען זמירות, ווי גאָט האָט געבאָטן. ווייל די גרעסטע מצוה ביי ליפּע דעם שניידער איז געווען ערלעך האַלטן דעם הייליקן טאָג שבת. אינעם זכות פון שבת, האָט ליפּע געגלויבט, באַשערט אים דער, וואָס לעבט אייביק, זיין ברויט אויף דער גאַנצער וואָך. האָט ער זיך פאַרגענומען איינמאָל פאַר אַלעמאָל — די דאָזיקע מצוה פון שבת אָפּצוהיטן. ווייל מיט וואָס קאָן, אין דער אמתן, גאָט דינען אַזאַ פּשוטער ייד, אַן אָרעמער דאָרף־שניידער, וואָס קען קוים דאַוונען?

איז ביי ליפּע דעם שניידער געווען שוין איינגעפירט פון אַלע יאָרן

אויפצושטיין פרייטיק אַ גרויסן פאַרטאָג און אַרויסגעבן ביז אינדערפרי די גאַנצע אַרבעט, כדי ער זאָל קאָנען באַצייטנס זיך לאָזן אַהיים אויף שבת. פון דער מינוט אָן, וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין וועג אַריין אַהיים, האָט ער שוין געפילט, ווי די זאָרגן פון דער וואָך פאַרלאָזן אים אינגאַנצן און זיין האַרץ ווערט פול מיט דער פרייד פונעם הייליקן טאָג. בפרט זומער, ווען די צייט איז שיין, די פעלדער זענען גרין און פון אַלע זייטן שמעקט און זינגט, און גאָט אַליין האָט הנאה פון זיין וועלטעלע, וואָס ער האָט באַשאַפן. דעמאָלט איז קיין גליקלעכער פון ליפען נישט געווען. ער האָט גאָרנישט געפילט די שווערקייט פונעם וועג און פון דער משא, וואָס ער טראָגט אויף זיך, און געטראַכט נאָר, וואָס גיכער קומען אַהיים און זיך צוגרייטן צו שבת. נאָר אפילו אין האַרבסט און ווינטער, ווען די וועגן זענען בלאָטיק, דער הימל איז פאַרלייגט מיט שווערע וואָלקן, די פעלדער ליגן נאַקעטע און אומעטיקע, און די וועלט שטייט און שווייגט, ווי פאַר׳אַבל׳ט, פאַלט ליפע דער שניידער נישט אַריין אין עצבות. ער טוט נאָר אַ טראַכט אַז אין דער היים האָט זיין ווייב נחמה שוין מסתמא פאַרשטעקט דעם טשאָלנט, אַרומגעוואַשן די קינדערלעך און אין שטוב איז ריין און וואַרעם, יעדער ווינקעלע זינגט — און זיין האַרץ ווערט באַלד פריילעך, און די פיס — גרינג; ער פילט שוין דעם עונג־שבת און די פרייד פון דער מצוה.

אַזוי האָט ליפע זיך אויפגעפירט אַלע יאָרן, און גאָטס ברכה האָט גע־רוט אין זיין אָרעם שטיבל. אַ גאַנצע וואָך אָפּגעלעבט מיט וואָס ס׳איז, נאָר שבת האָט דער גוטער מלאך געקוקט און געקוואָלן — דער הייליקער טאָג שבת איז קיינמאָל נישט פאַרשטערט געוואָרן ביי ליפע דעם שניידער אין שטוב.

— 2 —

מאַכט זיך אַמאָל, ווינטער, שבת־צייט, ווען די קעלטן שטאַרקן זיך, שטייט זיך ליפע אויף, ווי זיין שטייגער איז, פרייטיק פאַרטאָג, אַרבעט זיך געשמיידיק ביז אינדערפרי — די אַרבעט ברענט אים אונטער די הענט. ער וויל זיך היינט מקדים זיין, ווייל די טעג זענען איצט קליין און

דער וועג שווער. באַמערקט ער נישט, אַז די גאַנצע נאַכט האָט דער שניי געהאַלטן אין איין שיטן און אַז ס'איז אַ רחמנות אַ הונט אויף דער גאַס אַרויסצולאָזן — אַזאַ ביטערע קעלט איז אין דרויסן און, צופרידן, וואָס ער האָט אַזוי פרי פאַרענדיקט זיין אַרבעט, הייבט ער זיך שוין אָן גרייטן אין וועג.

דערווייל הייבט זיך אויף אַ מסוכנע זאַווערוכע אין דרויסן, אַ ווינט מיט אַ חשכות, אַז מען זעט די לעבעדיקע וועלט נישט פאַר זיך. עס רייסט די שטרויענע דעכער אַראָפּ פון די שטאַלן און פאַר די הייזער בלאָזט אָן אַזוינע שניי־הויפנס, אַז מען קאָן קיין טיר נישט עפענען.

קומט אַריין דער גוי פון דרויסן און זעט, ווי ליפע שטייט מיטן פּעקל אויף די פּלייצעס, פאַרטיק אין וועג אַריין — צלמט ער זיך אַזש איבער פאַר שרעק: ווי לאָזט זיך עס אַ מענטש אין וועג אַריין, אַז ס'האָט פאַר־שאָטן אַלע וועגן אין דרויסן און אַלע אומריינע רוחות דרייען זיך איצט אין פעלד? הערט אים עפּעס ליפע, אַז ער מוז זיין אויף שבת אין דער היים! זאָגט ער, אַז פאַר קיין אומריינע רוחות האָט ער קיין מורא נישט, אַז עס איז אים נישט דאָס ערשטע מאָל — ער האָט אַ גרויסן גאָט, און ער וועט אים ברענגען אַהיים בשלום. און אין האַרצן טראַכט ער זיך, אַז די מצוה פון שבת וועט אים אויך אַצינד ביישטיין, און זיין שבת וועט נישט פאַר־שטערט ווערן.

זעט שוין דער גוי, אַז ער וועט מיט אים גאָרנישט מאַכן — לאָזט ער אים גיין זיין וועג; און אין האַרצן טראַכט ער זיך, אַז דער איינגע־שפּאַרטער ייד גייט אויף אומצוקומען, ווייל דער ווינט און דער פראָסט האָבן זיך אַלץ מער געשטאַרקט איז דרויסן, און כאָטש אַ גוי, האָט ער גרויס רחמנות אויף אים. „אַ שאָד! זאָגט ער דעם ווייב, אפילו אַ ייד, נאָר אַ גאָטספאָרכטיקער מאַן אונדזער שניידער. זאָל גאָט זיך אויף אים דער־באַרעמען!"

— 3 —

דערווייל גייט זיך ליפע איינער אַליין אין וויסטן פעלד. דאָס פעקל אויף די פּלייצעס און אין דער האַנט אַ לאַנגן שטעקן, מיט וועלכן ער טאַפּט דעם וועג ער זאָל נישט אַריינפאַלן ערגעץ אין אַ פאַרשנייטן גרוב. נאָר, ווו וועג, וואָס וועג, — אַז ס'האָט פאַרשאָטן קוסט און בוים, באַרג און טאָל, און די גאַנצע געגנט הייבט מען נישט אָן צו דערקענען? הימל און ערד — איינס, און ווו דאָס אויג פאַלט — נאָר ווייס. זאָל עס זיין ערגעץ כאָטש אַ סימן פון אַ שטיין, פון אַ סלופּ, אַ פלעק פון אַ וואַלד, צי פון אַ בערגל! און דאָ בלאָזט נאָך דער אייזיקער שניי גלייך אין פּנים אַריין, שטעכט ווי מיט נאָדלען און פאַרקלעפּט די אויגן, אַז מען זעט אויף אַ שפּאַן נישט פאַר זיך. פאַלט אָבער ליפע דער שניידער נישט אַראָפּ ביי זיך און גייט זיך זיין וועג מיט גרויס בטחון. פאַרקריכט ער אין אַ טיפן גראָבן, פאַלט און ברעכט שיער נישט ריק און לענד, נאָר ער שטייט אויף נישט געשעדיקט און גייט ווייטער. ער ווייסט, אַז גאָט איז מיט אים, און וועט אים ברענגען אַהיים בשלום.

וואָס ווייטער, ווערט דער וועג שווערער. די פיס זינקען אַלץ טיפער אין די שניי־בערגלעך, וואָס פאַרשטעלן אים דעם וועג. און דער ווינט שמייסט שטאַרקער אין פּנים אַריין. נאָר ליפע שטרענגט אָן אַלע כוחות און גייט ווייטער, ביז ער קומט צו צו אַ וואַלד. ביים וואַלד בלייבט ער שטיין אַ ווײַלע און דאָס האַרץ הייבט אים אָן שטאַרק צו קלאַפּן. פון יע־נער זייט וואַלד איז באַלד דאָס שטעטל, נאָר טאָמער פאַרבלאָנדזשעט ער, איז ער אַ פאַרפאַלענער. ווייל דער וואַלד ציט זיך מיילן־לאַנג און איז גע־דיכט און פול מיט ווילדע חיות און מיט מענטשן־גזלנים, וואָס זענען נאָך ערגער פון חיות. נישט איין מענטש פון דער געגנט איז שוין אַריינגע־פאַלן אין זייערע הענט, און מען ווייסט נישט ביז איצט, ווו זייער געביין איז אַהינגעקומען.

גייט ליפע אַריין אין וואַלד מיט גרויס פּחד. גייט און קוקט זיך אום אַלע רגע, זוכט עפּעס אַ סימן פון אַ וועג; פון אַ סטעזשקע. און ס'ווייזט אויס, אַז אָט־אָט איז ער שוין פון יענער זייט וואַלד. נאָר ער גייט און

גייט, גייט און גייט — און דער וואַלד לאָזט זיך אַלץ נישט אויס. דער ווינט איז שוין אפילו געוואָרן שטילער, נאָר דער הימל לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ נידעריקער. די נאַכט רוקט זיך אָן. ליפע פילט, אַז אָט־אָט פאַלט ער אַנידער אַ טויט־מידער אין שניי און מיט אים איז אַ סוף, נאָר ער לאָזט זיך נישט אָפּ און שלאַנדערט אין טיפן שניי אַלץ ווייטער, אַלץ טיפער אין וואַלד.

דערווייל ווערט אין וואַלד אַלץ פינצטערער, אימהדיקער. די ביימער שטייען אַלע ביז אין גאַרטל פאַרגראָבן אין שניי און טוען מיט די פאַר־גליווערטע קעפּ נישט קיין ריר. אַ טרויער פאַלט אויף אַלצדינג. ליפע פלאָנטערט שוין קוים מיט די פיס. נאָר אָט זעט ער, אַז ס׳איז שוין צייט מקבל־שבת צו זיין און מ׳טאָר שוין נישט טראָגן. וואַרפט ער אַראָפּ דאָס פעקל פון די פּלייצעס און שטעלט זיך אונטער אַ בוים דאַווענען מנחה. בעט ער גאָט מיט אַ צעבראָכן האַרץ און טרערן רינען פון זיינע אויגן. — „גאַ־טעניו געטרייער! — בעט ער — טו אַזוי, אַז ס׳זאָל מיין שבת נישט פאַר־שטערט ווערן! איך, ליפע דער שניידער, דאַרף דאָך דיך שוין נישט לער־נען, ווי אַזוי!"

און פּלוצים דערפילט ער, אַז ס׳ווערט אים מיטאַמאָל גרינג דאָס האַרץ, גלייך ווי ער געפינט זיך גאָרנישט אין קיין מקום סכנה. אַ וואַרעמ־קייט צעגיסט זיך אין אַלע אברים, גלויבט ער שוין, אַז גאָט ברוך הוא האָט זיין געבעט דערהערט און ער וואַרט, וואָס מיט אים וועט געשען...

— 4 —

אָפּגעדאַווענט מנחה, הייבט ליפע אויף די אויגן און גיט אַ קוק, דער־זעט ער, ווי צווישן די ביימער לויכט עפּעס אַ פייערל. קומט אים אויס די זאַך זייער משונהדיק: פון וואַנען האָט זיך פּלוצים גענומען אַ פייערל אַהער, אַז פון זינט ער געדענקט, וווינט דאָ אין וואַלד נישט קיין לעבע־דיקער מענטש? פאַרשטייט ער שוין, אַז די זאַך איז נישט פּשוט; לאָזט ער איבער דאָס פעקל אונטערן בוים און גייט אין יענער זייט, פון וואַנען דאָס פייערל ווינקט. זעט ער, אַז דאָס פייערל קומט אים ווי אַנטקעגן, און ווי ער

האָט נאָר געמאַכט עטלעכע טריט, וואַקסט אויס פאַר זיינע אויגן אַ וווּנדער שיינער פּאַלאַץ, אינגאַנצן געבויט פון מירמלשטיין, און אַלע פענצטער באַלויכטן מיט שבת־ליכט; נאָר אַרום און אַרום איז פּוסט און ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

מיינט ליפּע, אַז ס'איז אַ חלום, און רייבט זיך די אויגן. זעט ער, אַז ס'איז פאָרט אַן אמתער פּאַלאַץ, וואָס ער האָט נאָך זיין גלייכן נישט געזען. פאַלט אים איין: אפשר וווינען דאָ גזלנים אָדער נישט־גוטע... זעט ער אָבער, אַז די ליכט ווינקען צו אים אַזוי ליבלעך, גלייך זיי פאַרבעטן אים צו זיך: קום אַריין, ליפּע דער שניידער! דאָס האָט מען אונדז צוליב דיר אָנגעצונדן — ס'זאָל דיין שבת נישט פאַרשטערט ווערן...״ נעמט זיך ליפּע אָן מיט האַרץ, עפנט שטילערהייט די טיר פונעם פּאַלאַץ און גייט אַריין.

און ליפּע דער שניידער האָט דאָרט מיט זיינע אויגן דערזען אַזעלכס, וואָס ס'האָט זיך אים קיינמאָל נישט געחלומט אפילו. ס'האָט געשימערירט אין די אויגן פון די טייערע קרישטאָלענע לייכטער און ס'איז אים פאַרגעגאַנגען דער ריח פון די טייערע מאכלים, וואָס זענען געשטאַנען אויף גרויסע טישן, באַדעקט מיט קלאָר־ווייסע טישטוכער פון די זעלטענע וויינען, וואָס האָבן געפינקלט אין די פלעשער; נאָר אַרום און אַרום איז אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

קומט ער צו אַ טיר, און גייט איבער אין אַ צווייטן חדר, זעט ער, אַז דאָ זענען די טישן פון גלאַנצנדיקן זילבער און זילבערנע שטולן שטייען אַרום זיי און אויף די קלאָר־ווייסע טישטוכער שטייען צעשטעלט די זעלטענע טייערע מאכלים און די וויינען פינקלען אין די פלעשער; נאָר אַרום און אַרום איז ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

גייט ער איבער אין אַ דריטן חדר. זענען דאָרט שוין די טישן פון לויטער גאָלד און גילדענע שטולן שטייען אַרום זיי, און די מאכלים שמעקן און די וויינען פינקלען; נאָר אַרום און אַרום איז אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

גייט ער אַזוי פון חדר צו חדר, און וואָס ווייטער אַלץ שענער. אַלץ

רייכער — ביז ער קומט צום זעקסטן חדר, אינגאַנצן באַזעצט מיט ברי־ליאַנטן און אבנים טובות, אַז עס פאַרנעמט דאָס אויג; נאָר אויך דאָ איז אַרום און אַרום אַלץ ליידיק — קיין מענטשן, קיין לעבעדיק באַשעפעניש זעט מען נישט.

בלייבט ליפע שטיין פאַרבלענדט פון דעם אַלעם, וואָס זיינע אויגן האָבן געזען. — „רבונו של עולם!" — רעדט ער צו זיך — בין איך, ליפע דער שניידער, דען ווערט, אַז מיט מיר זאָל געטון ווערן אַזאַ נס?"

— 5 —

פלוצים דערהערט ער אַזוי ווי אַ שטיל געזאַנג הייבט זיך אויף פון ערגעץ, שוועבט פון דער ווייט, און קומט צו אַלץ נענטער. און אַ געזאַנג איז דאָס — ממש כלות הנפש; לויטערע טענער טריפן אַ רגע שטיל, פאַלן ווי ווייכע טוי־טראָפּנס און צעגיסן זיך גלייך, ווי אַ לעבעדיק וואַסערל צווישן סטעפּ־גראָז. פון אַ טיפעניש הייבט זיך דאָס געזאַנג. און אָט פאַר־שפרייט זיך עס, ווי אַ מעכטיקער פויגל מיט זיינע פליגלען, איבער אַלע חדרים פונעם פּאַלאַץ און דערגרייכט אַלץ העכער און העכער. ליפע רירט שוין מיט קיין גליד נישט. דאָס זיסע געזאַנג צעגיסט זיך אים אין אַלע אברים. הייבט אים אויף און טראָגט אים אַרום, ווי אַ גרינג פעדערל. אַ חי־דוש איז אים נאָר, וואָס דער ניגון זעט אים אויס אַזוי באַקענט. ער וואָלט געקאָנט שווערן, אַז ער האָט אים שוין געהערט נישט איין מאָל אין בית־המדרש, נאָר קיינמאָל האָט ער זיין מתיקות נישט געשפּירט, ווי היינט. ער לייגט צו דאָס אויער, און אָט צעגיסן זיך, ווי אַ ריינער גאָלד־קלאַנג, אָנ־געזאַפּט מיט געטלעכער פרייד. די ווערטער: „לכו נרננה לה' — קומט לאָמיר זינגען צו גאָט!..."

און ווי ער שטייט אַזוי פאַרגליווערט, עפנט זיך אויף די טיר און אַ גרייז־גרויער זקן, אין ווייסן געהילט, קומט אַריין, דערלאַנגט ליפען אַ סי־דור און פאַרבעט אים מיט אַ ווונק, ער זאָל גיין נאָך אים. גייט ער נאָך דעם גרייז־גרויען זקן אַריין אין זיבעטן חדר, זעט ער אַ גאַנצע עדה זקנים, אַלע אין ווייסן געהילט, זייערע פּנימער לויכטן, ווי ליכטיקע זונען, און זיי

שטייען אַלע און זינגען אַ לויב־ליד דער מלכה שבת. פֿאַרשטייט שוין ליפֿע, אַז ער איז אין גן־עדן התחתון און אַז ער זעט פֿאַר זיך לויטער צדיקים, גאוני־עולם, און בלייבט שטיין ווי צוגעקלעפּט צום אָרט, שעמט זיך די אויגן אויפֿצוהייבן. „רבונו של עולם! — טראַכט ער זיך: — ווי קום איך, ליפֿע דער שניידער, אַהער?" שטייט ער אַזוי ביז נאָך קידוש. הייבן זיך אויף די זקנים פֿון זייערע ערטער, גייען צו צו ליפֿען, פֿאַרנויגן זיך פֿאַר אים און זאָגן אים פֿריינטלעך: — גוט שבת, אורח!

און רעדנדיק מיט אים אַזוי, פֿאַרבעטן אים די זקנים צום טיש, און מען זעצט זיך אַלע עסן. מאָלט אייך שוין אַליין אויס, וואָס פֿאַר אַ סעודה איז דאָס געווען, וואָס פֿאַר אַ זמירות זענען דאָס געווען! ליפֿען האָט מען אַוועקגעזעצט אויבן־אָן, נאָר ער האָט אַלץ נישט פֿאַרגעסן, ווער ער איז, און געשעמט זיך צו עסן. האָבן אים די זקנים געשטאַרקט מיט גוטע רייד און אַלץ געזאָגט צו אים:

— עס, ליפֿע, און זאָל דיר ווויל באַקומען! מיר האָבן שוין לאַנג אַזאַ אָנגעלייגטן גאַסט נישט געהאַט!

עסט ער, נאָר אַ חידוש איז אים, וואָס דער טעם פֿון די מאכלים איז אים באַקענט. ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז דאָס זענען די זעלבע מאכלים, וואָס זיין ווייב נחמה גרייט צו שטענדיק אויף שבת.

— 6 —

האָט שוין ליפֿע דער שניידער פֿאַרבראַכט אַ שבת, אויף אַלע אונ־דזערע ליבע געזאָגט! אים האָט נאָר ווי געטון דאָס האַרץ, אַז ער האָט זיך דערמאָנט אָן זיין ווייב נחמה און אָן זיינע קינדערלעך, וואָס האָבן אַ פֿאַר־שטערטן שבת איבער אים. נאָר וויבאַלד מ'האָט געמאַכט הבדלה, איז דער גאַנצער פּאַלאַץ פּלוצים נעלם געוואָרן, און ליפֿע זעט, אַז ער שטייט שוין ווידעראַמאָל אונטערן בוים, ווו ער איז נעכטן געבליבן שטיין. דאָס פּעקל ליגט אויף זיין אָרט און דער שטעקן שטייט אַריינגעשטעקט אין שניי. מאַכט ער עטלעכע שפּאַן — ווו וואַלד, וואָס וואַלד? ער שטייט שוין אין שטעטל, נישט ווייט פֿון זיין שטיבל.

אין דער היים מאַכט ליפּע אַ שוויַיג און דערציילט נישט קיינעם, ווו ער האָט פאַרבראַכט שבת, נאָר, אַז זיין וויַיב נחמה פלעגט שבת דער־לאַנגען צום טיש די שמעקנדיקע פיש און אים, ווי איר שטייגער, זאָגן:

— ס'איז שוין פיש, ליפּע — דעם טעם גן־עדן האָבן זיי!

פלעגט ליפּע דער שניידער אָפּטמאָל אַ שמייכל טון פאַר זיך און אַ זאָג טון:

— יאָ, יאָ, נחמה מיינע! איך ווייס שוין לאַנג, אַז דיינע שבתדיקע מאכלים האָבן דעם אמתן טעם גן־עדן...

און וואָס ער האָט געמיינט מיט די ווערטער, האָט קיינער אין שטוב נישט פאַרשטאַנען.

# אָוונט

דער אָוונט קומט. אַלץ קלאָרער קלינגט מיין ליד.
איך בין פון לאַנגע וועגן נאָך נישט מיד.
כ'האָב אַלץ נאָך ליב דאָס ווייכע גראָז ביים וועג,
וואָס האָט געטרייסט מיין האַרץ אין אַלטע טעג.
כ'האָב ליב דעם מערב־רוים אין רויטן בלוט
און אין די בערג דעם קלאַנג פון מיינע טריט.
דאָס ריינע ליד מיינס קלאָגט נישט און נישט עס שעלט,
נאָר איינזאַם קלינגט דאָס קול זיינס אין אָוונט־פעלד.
אַלץ רויטער בלאַנקט דער אָוונט. קילער ווערט.
כ'האָב אַלץ נאָך ליב די שיינע, ליבע ערד.
כ'האָב ליב דעם סטעפּ־טוי און דעם פרייען ווינט.
פון זיי האָב איך מיין טרויער־גאָלד געשפּינט.
נאָר שווערער ווערט מיין האַרץ פון טאָג צו טאָג.
איך ווער טאָג־טעגלעך רייכער, ווייל איך טראָג
די לאַסט פון טרויער און די לאַסט פון גליק.
נאָר אייביק דאָרשטיק בלייבט נאָך אַלץ מיין בליק.

# בענקען

אין פיל שטעט און אין מדינות
האָב איך שוין געלעבט, געליטן,
כ'האָב אָן פרייד, אָן טרויער איינע
אויף די צווייטע אויסגעביטן.

נאָר אַ שטעטעלע אַ קליינינקס
לעבט נאָך איצט אין מיין זכרון
און עס רופט אַרויס דאָס בענקען
נאָך די אַלטע קינדער־יאָרן.

ס'איז אַ שטעטעלע אַן אָרימס,
ס'האָט קיין אויסגעצירטע גאַסן;
ס'שטייען שטיבלעך נאָר צעוואָרפן,
ווייס געשמירט מיט שוואַרצע פּאַסן.

דאָרטן ווערן פרי די לאָמפּן
ביי דער נאַכט גאַנץ אויסגעלאָשן
און עס חלומט זיך די אָרימע
נאָר דער חלום פון אַ גראָשן.

נאָר דאָרט הענגט אַ בלויער הימל
און עס ווינקען דאָרט פון ווייטן
מיט אַ טונקעלן וואַלד באַקרוינטע
זונען־בערג פון אַלע זייטן.

און צומאָל, ווען איינגעבויגן
גייסטו אום אין גאַס אַ מידער,
קומט אַ ווינטעלע פון ווייטן
און דערקוויקט דיר אַלע גלידער.

זעסט פאַר דיר דאָס פעלד דאָס פרייע
און דעם גרויסן ים מיט זאַנגען
און עס כאַפּט דיך אָן אַהינצו
צו אַנטלויפן אַ פאַרלאַנגען.

און עס ציט אַ פרעמדע מאַכט דיך
צו די ווייטע, גרינע וועלטן,
לאָז דאָס ענגשאַפט מיט איר טרויער,
וווּיל די הויכע באַרג־געצעלטן.

פריי זיין, פריי זיין, נאָר דו קאָנסט ניט,
טראָגסט אויף דיר אַ שווערע משׂאָ
און מיט ווייטוט קערסטו אָפּ גיך
דאָס געזיכט פון דאָרט, דאָס בלאַסע.

נאָר נאָך שווערער איז, מיין ברודער,
אין דעם רויען שטאָט־געפּילדער
עלנט, עלנט, ס'פּרישט דיך קיינמאָל
ניט קיין ווינטל אָפּ קיין מילדער.

בלאָנדזשעסט אום אַליין, פאַרשלאָסן,
ווו אַ טיר און ווו אַ טויער,
וועמען זאָלסטו דאָ דערציילן
פון דיין בענקען? פון דיין טרויער?

ר ע ג נ ב ו י ג ן

זוכסט אַ גרעזל, אַ באַקאַנטעס,
אונטער ווו אַ פלויט אַן אַלטן,
אפשר גליט דיר ווו אַ פונק נאָך
אין דיין לעבן דאָ, אין קאַלטן.

און געפינסט נישט... גאָר פאַרגעסן
קאָנסטו נישט די מאָרגן שטראַלן.
ס׳הייבט דער האַרבסט ווינט אָן שוין בלאָזן,
ס׳הייבן בלעטלעך אָן צו פאַלן —

און דו טראָגסט אַליך טיף אַ בענקען
און אַ חלום זים און טייער
צו דער ברייטער ערד דער פרישער
צו דער גרינער ערד דער פרייער.

# טאַנץ־ליד

די גרעזעלעך בליען
אין וואַלד אַלע גלייך,
אַ קינד מוז זיין פריילעך,
צי אָרים, צי רייך.

די זון שיקט אונדז אַלע
איר ברכה, איר שיין,
צי דאַרף מען דען גיטער
אויף גליקלעך צו זיין?

די טייבעלעך ברומען
אַראָפּ פון דעם דאַך,
ווייל דעם, וואָס באַגערט ניט
קיין רייכקייט אַ סך.

ווייל דעם, וואָס פאַרמאָגט נאָך
אַ האַרץ גוט און פרום
און אויגן, וואָס קוקן
אויף קיינעם ניט קרום.

ווייל דעם, וואָס די תורה
ביי טאָג און ביי נאַכט
מאַכט לוסטיק זיין לעבן,
זיין האַרץ פריילעך מאַכט.

מיר אָבער זענען
נאָך קינדערלעך קליין
אונדז פּאַסט נאָר זיין פריילעך
און טאַנצן צו גיין.

אונדז פּאַסט נאָך זיך דרייען
ראָד אויס און ראָד איין,
אַז ווייל איז אונדז יידישע
קינדער צו זיין.

# קבר־רחל

אין נאַקעט געלן טאָג דו שטייסט פאַרטויבט אַנטשוויגן —
אַ הויפן הוילע שטיינער, אַ מדברשע רואינע.
און גלייכגילטיק פאַרשטומט אויף קעמלהאָרבן וויגן
אין הייסן זאַמד פאַרביי זיך מידע בעדואינען.
נאָר קומט די רחמימדיקע נאַכט, אַראָפּגעשטיגן,
און שטערן בליען אויף ווי גאָלדענע בורשטינען, —
ביסט דו דער ווייסער רוף צו וואָגלענדיקע ציגן,
און שטראָמען גליק פון דיר אויף אַלע וועגן ריינען.

פון ווייטן דרימלען שטיל בית־לחמס טונקלע גאַסן,
אין טוי פאַרזילבערט רוען אָליוון אויף טעראַסן,
דער טויטער סדום־טאָל ליגט אין נעפּלען טיף באַהאַלטן;
נאָר ס׳האַלטן אייביק וואַך די גרין באַצווייגטע שטערן
און רעגענען מיט פרייד און רעגענען מיט טרערן —
און ווו דו ביסט, איז דאָרט די וועלט נאָך ניט פאַרשאָלטן.

# אײדער...

אײדער גרױסע צײכנס קומען,
פּלאַטערט פֿרײד פֿון אַלע עקן.
װערט דאָס פֿעלדגעזאַנג אַנטשװיגן,
פֿאַלן קיל די בשורה־פֿלעקן.

הענגען װײַט נאָך בלאָע װאָלקנס,
טײַטלען שטיל מיט טונקלע פֿינגער.
ליגט די װעלט שױן אױסגעצױגן
און זי װאַרט אױף איר באַצװינגער.

קומען װאָלקנס און זײ גײען,
ליגט דער סטעפּ שױן גאַנץ פֿאַרסודעט.
שװימט אַ באַרג אױף, װי אַן אינדזל,
און אַ בױם באַקרײַנט, אַ בודד.

קומען װאָלקנס און זײ גײען,
און דײַן האַרץ מיט זײ קלאַפּט מונטער —
יענע ערד װאָס האָסט פֿאַרהערלעכט,
פֿרײסט זיך איצט, אָט גײט זי אונטער.

ס'איז די פֿרײד פֿון לעצטן צוזאָג,
אַלע קװאַלן רױשן העכער;
גאָטס געגנאָד און גאָטס פֿאַרדאַרבונג
פֿליסן בײדע פֿון אײן בעכער.

### ר ע ג נ ב ו י ג ן

ס'וועלן אַלע ווונדערס קומען,
ס'איז דער טאָג, דער לאַנג דערוואַרטער...
נאָר פון אונטער בלאָע שלייערס
ווינקט די אַלטע ערד שוין צאַרטער;

ווינקט די ערד, די פיל געליבטע,
אין איר פּראַכט און אין איר שענדונג, —
יענע ערד, וואָס האָסט פאַרהערלעכט,
איצטער ווילסטו איר פאַרלענדונג.

# רעגן־שטימונג

פון מאָרגן גייט דער רעגן, ס׳הערט נישט אויף,
זיין ליד אין שטרודלדאַך רוישט און רוישט אָן סוף.
עס קוקט דער גאָרטן טונקעלער, און ס׳פּאַלט
אַלץ נעענטער דער הימל אויפֿן וואַלד.

דער הויכער שוואַרצער באַרג — איך זע אים קוים,
ער שווימט — אַ גראָער פיש אין נעפּלס תהום.
דאָס פייכטע גראָז אין טיפֿן טונקל גרינט,
ביז צו דער ערד געבויגן פונעם ווינט.

און ס׳רוקט די נאַכט זיך אָן שוין אויף דער וועלט.
אַלץ טיפער בייגן זיך די זאַנגען אויפֿן פעלד.
און ענגער טוליעט זיך דאָס גראָז ביים וועג, און ס׳ווערט
אי שרעקלעכער אי היימלעכער אויף דרערד...

אָ, לאַנגע נאַכט, וואָס אַלץ פאַרדעקט און שיצט!
באַשירעם מיט דיין זיכערקייט מיך איצט;
פאַרדעק מיך מיט דיין מילדקייט און פאַרוויג,
פאַרהענג די פרעמדע ווייטקייט פאַר מיין בליק.

אָ, שענק מיר, גוטע נאַכט, דיין שוץ אַצינד!
איך בין אַן איינזאַם שטענגל אויפֿן ווינט,
פון זעאונגען געבויגן און באַשווערט,
און טוליע ווי אַ גרעזל זיך צו ערד.

# זומערטאָג

זומער קלינגט אין יונגן וואַלד.
צווישן גראָז אָן אויפהער שאַלט.

הענגט אַ ווייסע זון און פלאַמט;
כוואַליע הויערט אויפן זאַמד.

כוואַליע טוט זיך ניט קיין קער;
מיט דער זון באַלאָדן שווער

ליגט פאַרטרוימט זי און פאַרוויגט,
ווי מיין האַרץ אַצינד, באַגליקט.



# ירושלים

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס געזאַנג, טריפֿט באַלד, ווי אָנגעצונדן,
די אַלטע פּראַכט אַראָפּ פֿון אַלע גראָע שטיינער,
און גלאַנץ, וואָס איז אין טאָג, אין רוישיקן פֿאַרשווונדן,
אַנטפּלעקט אין שקיעה־פּלאַם זיך געטלעכער און ריינער.

שטאַרבט אָפּ דעם טאָגס געזאַנג, און אין דעם ליכט דעם לינדן
בליען חורבות ניי פֿאַריונגט, ווי אויפֿגעלעבטע ביינער.
און רייטלען זיך די מויערן ווי רויזן און ווי וווּנדן —
איז אייביקער פֿון דיר, און מער געבענטשט ניט קיינער!

נאָר ווען אין גאַרבנטוי דאָס ליכט פֿון מאָרגן רייצט מיך,
און, ווי אַ גרינער בוים, דער נייער טאָג פֿאַרפֿלייצט מיך, —
מיין שוימענדיקן בעכער הייב איך אים אַנטקעגן.

אוי, בשורה־לידער, קלינגט אויף אַלע ווייטע וועגן!
גלי אויף, דו רויטער טאָג, און שטייג אויף בערג פֿאַרגרויטע —
און מיט געזאַנג גיי, האַרץ, פֿאַרביי דעם טאָל פֿון טויטע!

# אויפן ים

## פראַגמענטן

— 1 —

איך ווייס נישט, צי איז דאָס געווען דאָס פרישע ווייען פונעם ים, צו וועלכן מיר האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט, אָדער דאָס זיסע גליקגעפיל, וואָס וואַכט אין אונדז אפילו ווען מיר שלאָפן, וואָס האָט מיך אויפגערירט. נאָר איך האָב מיטאַמאָל אויפגעכאַפּט זיך און בין גלייך צו צום פענצטער, ווי מורא־האָבנדיק איך זאָל עפּעס זייער וויכטיקעס נישט פאַרשלאָפן.

ס'איז געווען נאָך פאַר זון־אויפגאַנג. אַ ווילד פעלזנלאַנד איז געלעגן מיט שיטערע וועלדלעך — באַשפּרענקלט. בלוי־ווייסע מאָרגן־נעפּלען האָבן געשוועבט. נאָר דער פרעמדאַרטיקער פּייזאַזש איז געווען בולט. עפּעס קרעפּטיקס, פעלזנדיקס איז געווען אין אַלצדינג. אַפילו די קורצוווקסיקע ביימער זענען געווען ווי פון שטיין אויסגעשניצט. עס האָט געפילט זיך די נאָענטקייט פון מעכטיקע סטיכיעס.

***

מיר איז לאַנג נישט אויסגעקומען צו וואַרטן. נאָך איידער איך האָב דעם פאָרהאַנג אויפגעהויבן, האָט זיך דאָס באַרגלאַנד אין איין זייט פלוצים ווי אָפּגעהאַקט, און די אומענדלעכע ווייטקייט, באַצויגן מיט אַ בלויליכן שלייער פון וואַסער־קאָליר, האָט זיך מיט הימל־האָריזאָנט צונויפגעגאָסן. דאָס האַרץ האָט אַ ציטער געטון. עס איז געווען אַזוי ענלעך שוין צום ים, נאָר עס איז נאָך דער ים נישט געווען.

עס האָט זיך אָבער שוין געשפּירט דאָס פרייע אָטעמען, די שווערע ערד האָט שוין קיין שליטה נישט געהאַט. די נעפּלען זענען אַלץ דורכזיכטיקער געוואָרן, ווייכע וואַרעמע פאַרבן האָט אַן אומזיכטבאַרע האַנט אין יב געגאָסן, ווייכע ווילעס און טונקעלע גערטנער זענען פון דער נידער ווי אַרויפגעשוווּמען. די לופט איז געוואָרן קרעפּטיקער. אַ נייעם צוריר האָב איך אויף מיין פּנים דערפילט און מיין האַרץ האָט שוין געיובלט. דער ים, די זיסע אַדריאַ, דאָס בלויע ווונדער פון דרום לאַנד, האָט אונדז פון וויטן פון אונטער דער לעצטער נעפּל־נעץ אַ לייכט געטון.

— 2 —

געפינענדיק זיך שוין אויף דער פּרעכטיקער שיף און שאָקלען זיך באַנאַנד מיט די כוואַליעס עטלעכע שעה אונטער דעם ריינעם איטאַליע־נישן הימל מיט זיין ווייסלעכער זון, די פרעמדע, אַביסל גלייכגילטיקע זומערדיקע זון פון דרום, וואָס באַהאַלט שוין אין זיך עפּעס פון דער ווייטער מדבּרדיקער גרויזאַמקייט, — איז כאָטש אַביסל לאַנגווייליק, נאָר מ׳האָט זיין באַזונדערן חן. זיך פּלאָנטערן צווישן די פרעמדע פּאַסאַזשירן, נישט געפינעדיק נאָך דאָס ריכטיקע אָרט, טראַגנדיק אין זיך די זיכערע דערוואַרטונג אויף דעם, וואָס וועט שוין געוויס קומען אין גיכן, דאָס גליק פון ערב יום־טוב איז פאַרט דאָס שענסטע. איך ווייס נישט, ווער האָט עס אויסגעטראַכט, אַז לאַנגווייליקייט איז שמערצלעך, נאָר אין די לאַנג־ווייליקע שעהן צעבליט זיך רעכט די רויז פון אונדזער וואַקסנדיקן גליק...

וואָס קען זיין זיסער, ווי אין דער ליבער שעה פון זון־פאַרגיין זיך אומבאַמערקט אָנהויבן אָפּצורוקן פון פאָרט, אַליין נישט גלויבנדיק, אַז ס׳איז שוין די ריכטיקע שעה געקומען? עס ווערט גלייך קילער, לייכטער און דאָס האַרץ פּלאַטערט שטיל. ווי זיס עס איז די שעה פון פאַרלאָזן. קיינמאָל פרייען מיר זיך נישט אַזוי אויף דעם נייעם, ווי אויף דעם לויז ווערן פונעם אַלטן. די געציילטע מינוטן פון אונדזער לעבן, ווען דאָס האַרץ איז פריי, נאָך נישט פאַרנומען מיט גאָרנישט, — זיי זענען אפשר די בעסטע. אונדז ווערט שווער אָפּט זיך אָרומצוטראָגן מיט דעם פולן

לעבנסבעכער אין דער האַנט. פריי זיין פון אַלץ, אפילו פון דעם וואָס איז טייער, און גיין אַנטקעגן דעם אומבאַוווּסטן, וואָס וועט קומען — דעמאָלט ווערט לייכט. דעמאָלט פאַלט אַראָפּ דער שלייער פון די זאַכן, און די גרויסע וווּנדער ווערן ווידער מעגלעך.

יאָ, יאָ! מיר גייען זיי אַנטקעגן, די גרויסע וווּנדער. שוין לאַנג אַז די גרוי־ווייסע אָנגעגליטע שטיינערנע שטאָט מיט אירע פּאַלאַצן, מיט אירע הויכע ביימער־סילועטן זענען פאַרשוווּנדן. אונדזער שיף שפּאַנט מיט אַ געוואַלדיקער שנעלקייט, נאָר מיר פילן זי קוים. שטילע ים־ליידיקייט איז פון אַלע זייטן: פון מזרח, פון מערב, פון צפון און פון דרום האָט דער ים דיך באַצווינגען, און איבערגעריסן ווי אויף אייביק דעם באַהאַלטענעם פאָדעם, וואָס באַהעפט דיך מיט דער ווייטער, פרעמדער ערד. דער ים — דאָס איז די אומפאַרמיידלעכקייט, ווי דער טויט, ווי דאָס לעבן. און דעריבער ווערט מען אַזוי גיך נאָענט צו אים און מען פאַרטרויט זיך אים אינגאַנצן.

אין בין־השמשות־שיין לויפן נאָך פאַרביי אונדז אין דער ווייטקייט די פלאַכע, טרויעריקע איטאַליענישע ברעגן. אַ פייערל גיט ערגעץ אַ פלאַקער־אויף דאָרט, און ווערט גלייך פאַרלוירן. מיר זענען אַלץ ווייטער פונעם לאַנד, און מ׳זעט שוין גאָרנישט. דער בלייכער ים־האָריזאָנט רינגלט אַרום אונדז פון אַלע זייטן.

— 3 —

אין די קאַבינעס שלאָפן שוין אַלע פון לאַנג, נאָר איך שטיי נאָך אַלץ אויפן דעק און קען זיך נישט אָפּרייסן פון די ים־וווּנדער. איבער מיר הענגט נידעריק אַ גרויסער טיף־שוואַרצער הימל און אונטער מיר ליגט דער טונקעלער אָפּגרונט פון די וואַסערן. ניין, זיי שרעקן מיך נישט דיביידע אָפּגרונטן, פון אויבן און פון אונטן. זיי זענען מיט אונדז, די גרויזאַמע סטיכיעס, מיר פאַרטרויען זיך איינער דעם אַנדערן. אונדזער וועג וועט זיין מיט גליק!

דער ים ווערט וואָס אַמאָל מער פינצטער אַרום מיר. גאָר זעלטן

גיט אַ שטערן אַ גלאַנץ און פאַרלעשט זיך, גאָלד־פלעקן פאַלן דאָ און דאָרט פון דער שיף־ליכט אויף די שוואַרצע לויפנדיקע כוואַליעס און קענען איינער דעם צווייטן נישט דעריאָגן, נאָר דאָס ווינטל וואָס ווערט אַלץ פרישער און אָנגעזאָפּטער מיט נאַכט־פייכטקייט האַלט מיך אַלץ אין זיינע ווייכע אָרעמס און איך פיל מיך פאַראייניקט מיט דעם פאַר־באָרגענעם געהיימנישפולן לעבן, וואָס וועבט זיך אָן אויפהער אין דער נאָענט און אין דער ווייט.

און אפילו שפּעטער, ווען איך שלאָף שוין פעסט אויף מיין שמאָלן הענג־בעטל אין קאַיוטע, פיל איך זיך נאָך אַלץ פאַראייניקט מיט דעם אומענדלעכן ים־זיין. איך פיל יעדע כוואַליע, וואָס שלאָגט זיך אָן פון יענער זייט אין די דינע־שיף־ווענט; איך פיל יעדע באַוועגונג פון דער שיף, און מיר דאַכט זיך, אַז אפילו מיינע חלומות וויגן זיך לויט דעם טאַקט פון דעם ים־ריטם.

ווען איך שטיי אויף זענען שוין די ברעטער פון דער שיף־דעק אָפּגעוואַשן און די זון — דער פייערקאָפּ שטייט ווי אָן ארויסגעשטרעק־טער אויף דער האָריזאָנט־ליניע, אויף דער גרענעץ צווישן ים און הימל.

וווּנדערבאַר, די זון איז שוין דאָ און אויף אַ גרויסן טייל פונעם ים־פעלד ליגט נאָך דאָס וואַסער נישט באַרירט פון איר שיין. דאָרט הערשן נאָך די גרוילעכע מאָרגן־פאַרבן. נאָר דאָס ליכט קומט אַלץ נענ־טער און דאָס וואַסער גיסט זיך אַלץ מער אָן מיט בלויקייט, דער טאָג גייט מיט לאַנגזאַמע טריט און דער ים שיידט זיך ווי אָן חשק מיט די חלומות פון דער נאַכט.

— 4 —

ווי אויף לייכטע, נישט־געזעענע פליגל טראָגט זיך די שיף, ערגעץ ווייט, זאָגט מען, איז דאָ אַ גרויסע ערד מיט מענטשן, וואָס מאַטערן זיך און פּלאָגן זיך, מענטשן מיט קליינע און גרויסע השגות, וואָס לאָזן זיי קיין מינוט נישט אָטעמען פריי, און דאָ טראָגט זיך אַ שיף, אַ פרייער פויגל, און דו ווילסט גאָרנישט, און דו טראַכסט פון גאָרנישט. אין דיינע

אויגן רוט דער ליכטיקער גלאַנץ פון ים־פּלאַך און אין דיין האַרץ — זיין רו, זיין אומענדלעכקייט. גאָט האָט דאָ אויסגערופן פרייהייט און זאָרגלאָזיקייט פאַר אַלע מידע און געפּלאָגטע. דער ים, דער אייביקער אויסלייזער, האָט אונדז אונטער זיין שוץ גענומען און אונדז פון אַלעם שווערן אַרומגעצוימט מיט זיין מעכטיקן קעניגרייך.

ס'איז מיטאָג־צייט, מיטאָג אויפן ים. אויף אַ מינוט האָט די זון זיך אָפּגעשטעלט אין מיטן הימל און מיט איר גוטן אויג באַטראַכט די וועלט. מיט איר צוזאַמען דאַכט זיך, האָט זיך אַלץ אָפּגעשטעלט. די כוואַליעס ליגן ווי באַצויבערט, און ווי באַצויבערט איז אַלץ, וואָס לעבט. דער בלייך־פּנימדיקער אַראַבער פון סיריע, וואָס קערט זיך איצט אַהיים פון אַמעריקע, ליגט אויסגעצויגן אויף זיין טעפּיך מיט זיינע פאַרטרוימ־טע שיינע אויגן צום הימל. דער פאַרזאָרגטער ייד פון גאַליציע, וואָס פאָרט קיין ארץ־ישראל עפּענען אַ ביר־ברויעריי, איז געבליבן שטיין ביי דער פאַרענטשע מיט אויפגעריסענע, פאַרגאַפטע אויגן, אַליין נישט־פאַרשטייענדיק וואָס עס טוט זיך מיט אים. אַפילו דער אומרואיקער ברוי־נער גריך פון אַלעקסאַנדריע מיט די אומרואיקע אויגן, האָט אַוועקגע־לייגט נעבן זיך דעם האַרטן פייערלעכן פאַריזער הוט און זיך אויסגע־צויגן אויף אַ וויגשטול, איינגאַנצן זיך איבערגעבנדיק דער הפקרדיקער זיסקייט פון ים.

# מיין רייזע אין מצרים

## דער געטלעכער גאָרטן...

כגן ה׳ בארץ מצרים. (בראשית)

ס׳איז נאָכמיטיק.*) אונדזער שנעלצוג לויפט צווישן בלייך־געלע זאַמדן, וואַסער־זומפּן און הויך־שיטערע טייך־גראָזן. דאָס זענען די ערשטע לאַנד־בילדער, וואָס אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז, אַרויספאָרנדיק פון פּאָרט־סאַיד. עס איז נאָך דער קאַמף צווישן דעם מדבר און נילוס, צווישן בייזן, פלאַ־מענדיקן סעט און גוטן, פרייגיביקן אזיריס; און דו ווייסט נאָך נישט, ווער איז דער זיגער צווישן זיי...

אַרום מיר אין וואַגאָן איז אַ גאַנצער ערב־רב. עס וואַרפן זיך אין די אויגן עגיפּטישע פרויען פון מיטעלן שטאַנד, געהילט פון קאָפּ ביז די פיס אין שוואַרצן קאַשמיר, פון וועלכן ס׳קוקט גאָר אַרויס אַ צאַרט־בלייכער שטערן און אַ פּאָר רעטזעלהאַפטע, וואַרעם־גלאַנצענדיקע אויגן. עס פעלן אָבער אויך נישט קיין עגיפּטישע דאַמען, האַלב־אייראָפּעאיש געקליידעטע און שטאַרק דעקאָלטירטע... צעהיצטע קליינוווקסיקע גרעקן אין שטרויענע קאַפּעלושלעך שמועסן צווישן זיך, און זייער קול גייט איבערן גאַנצן וואַ־גאָן — גאָר ווי יידן, להבדיל... פעלאַכן אין ווייסע צעכראַסטעטע העמ־דער מיט עטלעכע וואַרעמע מאַנטלען איינע אויף די אַנדערע. זיצן האַלב־פאַרשלאָפענע, מיט אַ גוטמוטיקן אויסדרוק פון מידע מענטשן, און קוקן גלייכגילטיק־תמעוואַטע אויף אַלץ. אַ פּאָר לאַנג־פּנימדיקע בלייך־ברויני־קע בעדואינער, מיט פיינע קעפּ, אין צעריסענע פּאַסיקע אַבאַיעס און פאַר־שטויבטע טרוקענע שיך, שלינגען מיט די אויגן די עגיפּטישע שטאָט־

*) געדרוקט אין וואַרשעווער „מאָמענט”, אין יאָר 1924.

דאָמען, זיי ציִען אַריין די לופט מיט זייערע דינגע, ציטערדיקע נאָז־לעפלעך, און זייערע אויגן, אויסגעהונגערטע אין נאַקעטן מדבר, קאָנען זיך זאַט נישט אָנקוקן אויף דער פאַרביקער פּאַנאָראַמע פונעם ישוב־לעבן.

ווי שטענדיק, ווען איך זע פאַר מיר דאָס בונטע בילד פון אַ פּאַר־שידן־ראַסיקן קיבוץ, שטויסט מיך פון איין זייט אָפּ דער מאָלערישער מיש־מאַש, וואָס לאָזט נישט דאָס טיפּישע און אייגנאַרטיקע פון דעם פאָלק, פון דעם לאַנד — דעם אַזוי־גערופענעם „אָרט־גייסט“, קומען צום פולן האַרמאָנישן אויסדרוק, און פון דער צווייטער זייט — פיל איך מיך ווי געפאַנגען פון דעם פרייען, מענטשלעכן, גוטמוטיק־ליבלעכן, וואָס באַהערשט אַלץ, ווו די גרויסע מענטשלעכע משפּחה לעבט ענג צוזאַמען. נישט נאָר ווי אַ ייד, וואָס פילט זיך בעסער, זיכערער אויף דעם ברייטן פעלקער־שליאַך, נאָר אויך ווי אַ מענטש פיל איך מיך פרייער, באַקוועמער דאָרטן, ווו פעלקער און ראַסן באַוועגן זיך איינע נעבן די אַנדערע אין איין גרויסער ריי און קוקן זיך פריינטלעך אין די אויגן. יעדעס מאָל, ווען איך געפין מיך אין אַזאַ פעלקער־סביבה, פיל איך, אַז עפּעס ווערט קלאָרער, פאַרשטענדלעכער צווישן זיי, און אַז קלענער ווערט די אייביקע טעמפּקייט, וואָס שטעלט אויף איין פאָלק קעגן דעם צווייטן. אוי, ווי פריי, ווי לייכט עס אָטעמט זיך דאָרט, ווו ס׳איז נישטאָ דער פעל־קער־יחוס, וואָס פאַרפּעסטעט די לופט, דאָרט, ווו אַרום איין טיש זיצן די ווייטע און די נאָענטע קינדער פון דער ערד!

אויף דעם קליינעם שטח פון דעם וואַגאָן קוק איך מיט אַ וואַרעם געפיל אויף דער פריילעכער אויסמישונג פון אַראַבער, בעדואינער, ענג־לענדער, איטאַליענער און גריכן. איך פאַרשטיי נישט זייערע שפּראַכן, אָבער איך דערקען נאָכן אויסדרוק פון זייערע פּנימער, אַז אַלע פילן זיך דאָ גלייך — דער פאַרגליווערט־רואיקער ענגלענדער און דער קאָכיק־באַוועגלעכער איטאַליענער; דער האַלב־פאַרגאַפטער בעדואינער, ווי דער פעסט־שטאַמיקער הויכער סודאַנער מיטן שוואַרצן גלאַנץ פון עפּעס אַ טיף־וואַלדיקער חיה אין די אויגן. איך קוק מיך איין כמעט מיט ליב־שאַפט אין אַן עלטערן פאַרוואָרלאָזטן נעגער, וואָס זיצט אין אַ ווינקל,

אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן און שיינט אַרויס מיט זיין טונקל־קופּערנעם פּנים, מיט זיין צעפּלעטשטער נאָז, און קוקט מיט זיינע האַלב־טרויעריקע, האַלב־שמייכלענדיקע אויגן, נישט ווי אַן אַנטיילנעמער, נאָר ווי עפּעס אַ זייטיקער, אַ צושויער. איך וואָלט געוואָלט אים עפּעס זאָגן, אים אויס־דריקן מיין סימפּאַטיע, נאָר נישט האָבנדיק קיין בשותפותדיקן לשון, שמייכלען מיר נאָר איינער צום צווייטן, און מיר דאַכט זיך, אַז מיר פאַרשטייען זיך...

אונדזער צוג שטעלט זיך אָפּ אויף אַ מינוט אין איזמאַליע — אַ שטאָט, וואָס איז אויסגעבויט געוואָרן אין דער צייט, ווען מ׳האָט גע־גראָבן דעם סועץ־קאַנאַל, האָט אָפּגעלעבט אַ קורצע צייט אירע רוישיקע טעג, און איז היינט מיט אירע פּרעכטיקע הייזער און גערטנער, מיט איר גאַנצן אייראָפּעאישן גלאַנץ — האַלב־ליידיק, פאַרלאָרן. ווי אַ קליי־נער אָאַזיס באָדט זי זיך אין דער העל־ליכטיקער אַפריקאַנישער זון, אַזאַ פאַרשלאָפענע, רואיקע, נאָר אַזאַ ליידיקע פון אינעווייניק און פון דרויסן...

מיר שאָרן זיך אַלץ טיפער אַריין אין לאַנד, און וואָס ווייטער, אַלץ מער זיגט דער ליכט־טראָגנדיקער אָזיריס, דער פריינט פון די לעבעדיקע. אַ גרינע בליענדיקע ערד ליגט אַרום אונדז. טויזנטער גלאַנצענדיקע וואַסער־לעך, נילוס־אָדערלעך, שעמערירן אין די אויגן. פון צווישן הויכן גרינס קוקן אַרבעטנדיקע פעלאַכן אין ווייסע טורבאַנען; טונקל־קעפּיקע בופעל־אָקסן, מידע, גלייכגילטיקע, ווי די וואָס טרייבן זיי, שלעפּן די וואַסער־רעדער, וואָס טרינקען אָן דעם גלייכן ערד־פליין. דאָס איז ער, דער געוויינלעכער מצרים־פייזאַזש פון אייביק אָן. אָט אַזוי האָט דער זאַט־באַוואַסערטער נילוס־טאָל אויסגעזען, מן הסתם נאָך אין די צייטן פון רעמסס דעם צווייטן.

מיר דערעסט די האַלב־טונקלקייט פון וואַגאָן, מיט די אַראָפּגעלאָזטע זשאַלוזעס, און איך שטעל זיך אויף און גיי אַרויס אויף דער וואַגאָן־טע־ראַסע. ווי נאָר איך שטעק אַרויס דעם קאָפּ דורך דער טיר, כאַפּט מיך גלייך אַרום די פלאַמיק־הייסע ווינטעלעך. איך שטיי, ווי אין אַ קאַלך־אויוון, אַרומ־גערינגלט מיט פלאַמען. נאָר איך ווער גיך צוגעוווינט און דערפיל זיך פלו־צים, ווי שווימענדיק אין דער גרין־גאָלדענער שיין, פאַרוויגט און פאַר־טרוימט פון דער וואַרעמער שמעקנדיק־געדעמפטער לופט. די טויזנטער גרינ־

באַוואַקסענע אינדזעלעך אין זייערע וואַסער־ראַמען פון אונטן מאַכן ווייכער דאָס שאַרפע שניידנדיקע ליכט פון אויבן. דער פרעמדער פּייזאַזש ווערט עפּעס ווי היימיש. האָב איך אים שוין אַמאָל גישט געזען אין מיינע קינדער־יאָרן, אין מיינע קינדער־טרוימען?

ווי אַ גלאַנצנדיק צויבער־בילד ליגט דאָס לאַנד אויסגעשפּרייט אָפן אַרום מיר — קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום. יאָ, דאָס איז ער, דער „געטלעכער גאָרטן", צו וועלכן עס האָבן זיך געצויגן די אויסגעהונגער־טע פאַסטוכער־שבטים פון נאַקעטן, טרויעריקן מדבר. אַלץ אַרום מיר דאָ שפּראָצט, וואַקסט, בליט. איך פיל, ווי פאַר מיינע אויגן ציען זיך אַרויף די געוויקסן, צייטיקן זיך די פולע זאַנגען. אין דורכזיכטיקע נעפּל־שלייערס ליגט די גאַנצע ערד געהילט, און דינע, כמעט לופטיק־צאַרטער ווי די צאַרטסטע רויזן־שטענגלעך, הייבן זיך אויף פון גאָלדיקן נעפּל — סילועטן פון פּאַלמעןביימער, שאָטן־געשטאַלטן פון אַ וועלט, וואָס איז אינגאַנצן האַלב חלום, האַלב ווירקלעכקייט.

יאָ, ס'איז שיין מצרים, ס'צויבער־לאַנד, וואָס גאָט האָט עס געבענטשט. אַ פרעמד און אַן אייגן לאַנד צוזאַמען. דאָ איז די טרויעריקע קינדהייט פון אונדזער פאָלק איבערגעגאַנגען; דאָ האָבן מיר געלערנט און באַמיט זיך צו פאַרגעסן דאָס געלערנטע. די עגיפּטישע קולטור איז שטענדיק שטאַרק באַ־קעמפט געוואָרן דורך די נביאים, ווייל אין דער דאָזיקער קולטור איז גע־ווען אַן אומגעוויינלעכער צויבער פאַר יידן, דאָך איז פאַרבליבן עפּעס אַ בענקעניש צו דעם דאָזיקן שיינעם, זאַטן און מיסטעריעזפולן לאַנד אויף לאַנגע דורות, און נאָך הייגט דערשיינט דאָס לאַנד פאַר דעם פרעמדן באַ־זוכער אַזוי האַרציק, אַזוי ליבלעך, ווי אַ פאַרגעסענער חלום.

## פּ אָ ר ט ס אַ י ד

דעם גאַנצן וועג פון יפו ביז פּאָרט־סאַיד, ווען אונדזער שיף האָט זיך לייכט און ריטמיש געגליטשט ביי די ברעגעס פון אַלטן מדבר, איז אי־בער אונדזער שטילן ים־וועג געהאָנגען אַ טוי־רייכע, קיל־אויסגעשטערנטע נאַכט. מיט אָפענע אויגן זענען מיר די גאַנצע נאַכט געלעגן אויף דעם שיף־

דעק און זיך נישט געקאַנט זאַט אָנטרינקען מיט דער דאָזיקער שטערן־פּראַכט, וואָס האָט ווי אַ גרינער העראָגליפֿן־שריפט געבליט איבער אונ־דזערע קעפּ. נאָר נישט ווייט שוין צו טאָג זענען די טוי־נעפּלען מיטאַמאָל געוואָרן געדיכט און צעמישט אונדז די שטערן־העראָגליפֿן און פֿאַרשלייערט און סודותדיק געמאַכט דעם ווייט־אויסגעשפּרייטן מדבר. ס׳איז געוואָרן נישט היימלעך. איך האָב זיך אַריינגעכאַפּט אין מיין קאַבינע און איינגע־דרעמלט אַביסל. עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. אויף דער שיף איז געוואָרן אַ לעבהאַפֿטע באַוועגונג, וואָס האָט מיך גלייך אויפֿגעוועקט, און אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען אויפֿן דעק, האָט זיך אונדזער שיף לאַנגזאַם שוין דערנענטערט צום אַפֿריקאַנישן ברעג, באַגעגנט פֿון דער מאָרגנדיקער פֿריי־לינגס־זון, וואָס האָט מיט רויזן־שיין באַלעבט דעם שטילן וואַסער־שפּיגל און דאָס קליינע קאָנטראַל־שיפל מיט דעם שטייענדיקן וויס־געקליידעטן באַאַמטן, וואָס איז אונדז אַנטקעגנגעקומען פֿון האַפֿן.

איך בין געווען אַביסל באַרוישט פֿון דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט און פֿון דעם זיסן געדאַנק, אַז אָט־אָט בין איך שוין אין מצרים, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געגאַרט צו זען. נאָר וואָס טיפֿער אונדזער שיף האָט זיך אַריינגעשניטן אין האַפֿן, און נאָכדעם אין סועץ־קאַנאַל, אַלץ ניכטערער בין איך געוואָרן און אַלץ קילער האָט מיין האַרץ געקלאַפּט: איז ד אָ ס מצרים?

דער פֿאַרפֿלאָנטערטער וואַלד פֿון הונדערטער שיפֿן, וויס־געפֿאַרבטע, מיט שוואַרצע נעזער; די נאַקעטע, ווי די נאַכט טונקעלע, קוילן־טרעגער, וואָס לויפֿן ווי די רוחות איבער די שמאָלע שיף־סקלאַדעס; דער רויך, דער רעש, דער געפּילדער — אָט דער געוואַלדיקער טעמפּאָ, מיט וועלכן אַלץ ווערט דאָ געטון. דאָס איז אַ שטיקל אייראָפּע, אַ שלעכט שטיקל אייראָפּע. נאָר אָט רוקט זיך אונדזער שיף צו נאָענט צום האַפֿן, און איך דערפֿיל גלייך, אַז מיר זענען נישט אין אייראָפּע. פֿון אַלע זייטן פֿאַלן־אָן אויף אונדז יונגע און אַלטע אַראַבער, רירעוודיקע, צעכראַסטעטע, פֿאַרטאַראַראַמטע, פֿאַרהאַ־וועטע, מיט שרייענדיקע אויגן, אָנגעגאָסענע, ווי איבערגעצייטיקטע פּרוכטן, וואָס זוכן אונטער דער ערד אַ פּיאַסטער צו פֿאַרדינען, — לויפֿן, נישטערן, קריכן ווי די קעץ, אָנכאַפּנדיק זיך ביי אַ שטריק, אויף די גלייכע ווענט פֿון שיף, און לאָזן דעם אָטעם נישט כאַפּן. מיט אַזאַ לעבנס־דורשט, אַזאַ אימ־

פעט, וואָס שטייגט אומגעהויער איבער די יידישע רירעוודיקייט, שליסט אָבער אויך נישט אויס אַ מערקווירדיקע שטילקייט, אפילו פאַרטרוימטקייט, וואָס באַהערשט אָט די אומרואיקע שדים, ווי באַלד די אַרבעט איז פאַר־ענדיקט. איך באַטראַכט זיי, ווי זיי זיצן נאָכדעם אין זייערע שיפלעך, ווישן אָפּ דעם שווייס פון די פאַרברענטע געזיכטער און שטעלן־אויס די אויגן אין דער ווייטקייט, זינגענדיק זייערע טרויעריקע מאָנאָטאָנע ניגונים. איר דער־קענט זיי מער נישט: זיי זענען ווי אויסגעטון פון דער וואָכעדיקייט. זיי זע־נען שוין אַנדערע. איר דערקענט באַלד די קינדער פון אַן אַלטער מדבר־ראַסע מיט דער בענקעניש צו גרויסע, פרייע סטעפּעס, צו שטילע שטערן־נעכט און לאַנגזאַם־ציענדיקע דושנע טעג. איר דערקענט דעם פ ר ע מ ד ן וואָס איז דאָ ווי אַ גר, און זיין שורש־נשמה ליגט גאָר ערגעץ אַנדערש — דאָרט, ווו דער מדבר זינגט זיין אייביק שטיל געזאַנג...

איבערגעלאָזט מיינע זאַכן אויפן באַנהויף, לאָז איך מיך גיין איבער די פּאָרט־סאידער גאַסן, און איבערצייג זיך אַלץ מער, אַז איך בין נאָך נישט אין מצרים. די דאָזיקע גלייכע, באַשפּריצטע געסלעך מיט זייערע לאַנגוויי־ליק־בלאַנקענדיקע אייראָפּעאישע קויפהייזער, מיט די אויסגעצויגענע, זיס־לעכע לאַקייען־פּנימער, וואָס זעען־אויס ווי נאָכגעמאַכטע פיגורן פון מאָדע־זשורנאַלן — אָט די גאַנצע אייראָפּעאישע קלאָגענדיקע פּראַכט איז מיר דאָ שרעקלעך דערווידער. ניין, דאָס איז נישט מצרים! — טראַכט איך בי־טער — און מיך פאַרדריסט, וואָס כ׳האָב מיך געאיילט און ניט געוואַרט אויף אַ שיף, וואָס גייט גלייך קיין אַלעקסאַנדריע. וואָס טו איך דאָ, צווישן די דאָזיקע גריכישע, איטאַליענישע און אַראַבישע קרעמער? מיך האָט גע־צויגן אַהער דער צויבערנדיקער טרויער פון אָפּגעשטאָרבענער גרויסקייט, פון צאַרטער פאַרוועלקטער שיינקייט. פּאָרט־סאַיד אָבער ג ע ד ע נ ק ט ג אָ ר נ י ש ט ... פאַרקערט, זי נעמט זיך גאָר איבער. די פּרעכטיקע פּאַ־לאַצן, וואָס שטייען ביים קאַנאַל, קוקן מיט יונגן שטאָלץ: מיר האָבן געזיגט. און דאָס באַליידיקט אַזוי אויף דעם באָדן פון אַן אַלטער געוואַלדיקער קול־טור, ווי מצרים.

פּאָרט סאַיד פאַרקערפּערט מיט זיך די בלאַסע אויסערלעכע אייראָפּע־אישע קולטור, — די קולטור, וואָס איז נאָך טויזנט מאָל וואָכעדיקער, גייסט־

לאַזער. אַן אַריבערגעטראָגענע אַהער. אויף אַ באָדן, וווּ זי איז נישט אויס־געוואַקסן. ערשט דאָ זעט מען, ווי נישטיק עס איז אפילו די רייכסטע קולטור, ווען זי איז נישט געשאַפן, נישט צונויפגעשמאָלצן מיטן לאַנד, מיטן פאָלק, מיטן אור־גייסט פון דעם אָרט. אויסגעבויט אויף די נאַקעטע זאַמדן, לויט אַ פרעמדן מוסטער, לויט געמישטע סטילן, כאַראַקטערלאָז, אויף דער שוועל פון אַלטן מצרים, דריקט די דאָזיקע שטאָט מיט איר ליידיקייט, מיט איר עלנטער קולטור און פאַרשטעלט מיט זיך דעם אמתן עגיפּטישן פּייזאַזש, דאָס כאַראַקטער־בילד פון דער אַלטער מיסטעריע, וואָס הייסט מצרים.

איך פאַרבלאָנדזשע צו אַ הויכן געוויקסיקן ייִד מיט אַן אויסזען פון אַן אַלטן שייך, וואָס רעדט אַראַביש און מאַכט־נאָך אַלע תנועות פון אַן אַראַבער, נאָר וואָס איז באמת אַ בעסאַראַבער ייִד, אַ בענדערער, וואָס איז ערשט עטלעכע יאָר דאָ, האַלט אַן אַכסניה און מעקלערט און האַנדלט. ווי אַ געבוירענער פּאָרט־סאַידער. זיין דירה מיט הויכע טונקעלע, לייד־דיקע צימערן, מיט אַראָפּגעלאָזטע גרינע זשאַלוזן, מיט קאַלטע שטיינער־נע דילן און מיט דיוואַנעס, פאַרשפּרייטע מיט אַלטע וואָלענע בעסאַראַ־בער „קילימעס" (טעפּיכער), איז אויך עפּעס אַ מין אויסמיש פון בעס־אַראַביע מיט אָריענט, — עפּעס אַזוינס, וואָס האָט לחלוטין נישט קיין ירושה־סימנים. זיין פרוי איז אָבער אַ גאַסטפרייַנטלעכע און האָט נאָך נישט פאַרגעסן, ווי מען גרייט צו פיש בנוסח בעסאַראַביע, מיט פעפער און מיט קאַרטאָפל, ווי מ׳קאָכט עד היום אין בעלץ און אין קאַלאַראַש, און נאָך וועלכן מען מוז טרינקען אַ גלעזל רויטן וויין, אמתן „קריביץ". די פיש צו מיטאָג איז יעדנפאַלס געווען די איינציקע זאַך אין פּאָרט־סאַיד, וואָס האָט פאַרמאָגט אַביסל סטיל, כאַראַקטער...

נאָכמיטיק בלאָנדזשע איך ווידער איבער די גאַסן. איבער דער שטאָט הענגט אַ ווייסע זון. די דאָזיקע אַלטע גלייכגילטיקע זון, וואָס האָט נאָך געפּייניקט אונדזערע עלטערן, ווען זיי האָבן געבויט פּיתום און רעמסס... און כאָטש עס איז נאָך פרילינג און די זון פאַרמאָגט נאָך אַביסל מילדקייט, דאָך קלאַפּט זי אַן רחמנות איבערן קאָפּ. איך זוך עפּעס אַ דערפרישונג און פאַרגיי גראָד צו דער בלענדנדער ים־פּליאַזשע מיט

אירע פינקלדיקע זאַמדן. מיך באַגעגענען די ערשטע אַפריקאַנישע ווינטן, — פרייע, טרוקענע, איינטאָניקע, עפּעס מדבר׳שס פּילט זיך אַרײַן אין זיי. אונטער זייער אָנריר ווערט אויך דער ים ווי טרוקענער, הוילער, פרעמדער. נישט מיין ים, וואָס האָט מיך אַמאָל אַזוי גליקלעך געמאַכט... איך פיל, ווי די הויט פון מיין פּנים טריקנט, ברענט, ווי אונגעזעענע גליענ־דיקע פינגער. אַך, ווי עס בענקט זיך דאָ נאָך אַביסל גרין גראָז, נאָך אַ פרידלעכן פעלד־בילד! איך קיל מיך אָפּ אַביסל, אָפּבאָדנדיק זיך אין פלאַכן ברעג־וואַסער, נאָר דער ים איז דאָ אויך אַ המשך פון מדבר און קייקלט פויל און לאַנגזאַם זיינע בלייך־גרינע כוואַליעס אויף די פלאַ־טשיקע זאַמדן.

ווייט פאָרן האַפן, טיף איינגעשניטן אין ים, ביים אַריינגאַנג אין סועץ־קאַנאַל, שטייט דער דענקמאָל פון זיין שאַפער, פערדינאַנד דע לע־כעפס. זיין ענערגישע האַנט ווייזט קיין דרום. צו די טיפע אַמעריקאַנישע מדבריות און וועלדער, צו די ערד־ווינקלען, וואָס ליגן נאָך פאַרהוילט מיט אַ סודות־שלייער. זיין האַנט ווינקט: גייט, פאַרשפּרייט אייער מאַכט אויף די לעצטע באַהעלטענישן פון דער ערד און אין אירע לעצטע פרידן־ווינקעלעך טראָגט אייער קולטור און אייער... אומעט!

עס איז דער ערשטער דענקמאָל, וואָס איך זע אין מצרים. עס איז אויך דאָס יינגסטע, און אינגאַנצן עפּעס אַזוינס, וואָס שטעלט־פאָר מיט זיך דעם פולשטענדיקן קאָנטראַסט פון דעם גראַנדיעזן, צוועקלאָזן און דעריבער אויף אייביק מיסטיש־באַהויכטן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין דעם דאָזיקן ווונדערפולן לאַנד.

און מיר ווערט אַזוי פריילעך אויפן האַרץ, ווען איך באַגעגן מיין רייזע־חבר וואָס שרייט מיר פריילעך צו פון ווייטנס:

— מיר מוזן זיך צוטיילן. דער צוג קיין קאַירא גייט גלייך אָפּ!

און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָבן מיר שוין, גאָט זיי דאַנק, פּאָרט־סאַיד הינטער זיך. ווי זאָגט היינע אויף דער שטאָט געטינגען: זי גע־פעלט אָם שענסטן, ווען מ׳איז אויסגעדרייט צו איר מיטן רוקן.

# דער ליכטיקער טאָל

## (עמק יזרעאל)

פונקט מיט דריי יאָר צוריק, אום פרילינג, האָב איך דאָס לעצטע מאָל דורכגעשניטן דעם עמק יזרעאל. עס איז געווען דער לעצטער זיסער שמייכל פון מיין געבורטסלאַנד, און נאָך ביז היינט ווערט מיר וואַרעם אין יעדן איבר, אַז איך דערמאָן זיך יענע נישט פאַרגעסלעכע טעג.

נהלל איז נאָך דעמאָלט נישט געווען אויפגעבויט, און עין־חרוד איז נאָך אויך נישט געווען אַזוי באַפלאַנצט און באַשאָטנט, ווי היינט. נאָר פרי־לינג איז געווען, און ווו נאָר דאָס אויג איז געפאַלן, האָבן, ווי צערטלעכע געפילן, געציטערט די רויטע און ווייסע אַנעמאָנען, און דאָס גראָז האָט זיך הויך צעוואקסן, און אין נייעם בליעכץ זענען געשטאַנען אַלע ביימער. די באַן האָט זיך לאַנגזאַם געגליטשט צווישן פעלדער, פעלדער אָן אַ סוף. און עס איז געווען אַ פאָרגעפיל פון גליק, אַ פאָרגעפיל, אַז דאָ וועלן מיר נאָך נחת דערלעבן.

ווי נאָר מיר פאָרן אַרויס פון חיפה, אַזוי עפנט זיך פאַר אונדז ווי אַ ליכטיקער טויער דער גרינער, בלוי־באַנעפלטער טאָל. עס איז אַ מאָדנע געפיל — גלייך ווי מיר זענען אויף דער גרענעץ פון אַ ניי־אַנטדעקט לאַנד, פון אַ נישט־באַרירטן און נישט פאַרשוועכטן באָדן. עס איז אַ געפיל, אַז עפּעס וואַרט דאָ אויף אונדז, וואַרט לאַנג און רואיק: עס וועט נאָך קומען! עס וועט נאָך קומען! מיט אַזאַ פריינטלעכן בליק באַגעגנט ער אונדז, — דער דאָזיקער גרין־געפאַרבטער טאָל, אַזוי יונגפרוילעך זעט ער אויס, אַז דו פאַרגעסט זיינע אַלטע העלדיש־קלינגענדיקע לעגענדן, און ווילסט אַראָפּשפּרינגען פון לאַנגזאַם־גייענדיקן צוג און צופאַלן צום ווייכן, פריש־באַטויטן גראָז, און נישט געדענקען גאָרנישט, נישט געדענקען גאָרנישט;

גלייך ווי ס'איז גאַרנישט געווען דער גרויסער קאַשמאַר פון נעכטן, — און זיין אַזוי יונג, אַזוי פרייגיביק און אַזוי אייביק־פריינטלעך, ווי ער, דער ליכטיקער טאָל יזרעאל...

אין מיטאָגדיקן ליכט ליגט דער גאַנצער טאָל, ביז די נידעריקע ירדן־פלאַכן און ביז די ווייטע בלוי־פאַרנעפּלטע שאַטנס פון די גלעד־בערג, די טונקעלע באַרג־סילועטן פון רעכטס און פון לינקס ליגן ווי אויסגעצויגענע מידע חיות מיט פאַרמאַכטע אויגן... אַך! אַזוי זיכער זעט דאָ אַלצדינג אויס. אַז מיך פאַרדריסט, פאַרוואָס האָב איך נישט גענומען מיין לייכט פּעקל אויף די פּלייצעס און נישט דורכגעשפּרייזט דעם גאַנצן עמק כדי צו פילן אונטער די פיס יעדן טריט, פון יעדער זאַמדעלע פון זיין וואַרעמער, געבענטשטער ערד.

נישט ווייט פון דער ליניע אַרבעט אַ קליינע גרופּע אויף דער ליכטיקער שאָסיי־סטעזשקע, וואָס האַלט שוין ביים פאַרענדיקן זיך. עס זענען יידישע בחורים און יידישע מיידלעך, וואָס שטייען און זיצן אָנגעבויגן איבער דער אַרבעט, מיר באַגריסן זיי פון ווייטן מיט אונדזערע טאַשן־טיכלעך, נאָר זיי שטייען ווי פריער איינגעבויגן איבער די שטיינער־הויפנס. באַוועגן זיך נישט.

וואָס מערער די זון לאָזט זיך אַראָפּ און די ווינטלעך ווערן קילער, אַלץ צערטלעכער ציטערן די ווילדע מאָן־בלומען און די איינזאַמע גראָזן און קוסטעס, און אַלץ מערער ווערסטו באַהערשט כמעט מיט אַ שמערצלעך באַפעל פון ליבע צו דער דאָזיקער ערד, און דיך פאַרדריסט, וואָס די באַן האָט אָנגעהויבן צום ירדן אַראָפּ זיך באַוועגן אַלץ שנעלער, און לאָזט נישט דאָס אויג געגוג רוען אויף די אָוונטלעכע הייליקע פעלדער.

וואָס מער די זון לאָזט זיך אַראָפּ אַלץ שטרענגער און בולטער זעען אויס די טונקעלע באַרג־שאָטנס. קאָנסט קיין אויג נישט אַראָפּלאָזן פון רונד־געוועלבטן תבור, וואָס באַגלייט דיך אין גאַנצן עמק מיט אַ קילן בליק פון אַ מתבודד, וואָס פאַרשפּרייט רו און איינזאַמקייט אַרום זיך. מיר שניידן זיך אַלץ טיפער אַריין אין טאָל, אַלץ ווייטער פון אים, נאָר קוקסט זיך אום — ער שטייט נאָך אַלץ אַזוי נאָענט, גלייך ווי ער באַוועגט זיך מיט אונדז צוזאַמען.

ווייניקער פילסטו די גלבוע־בערג, וואָס ליגן רעכטס און באַהאַלטן זיך ווי איינער הינטער דעם אַנדערן; נאָר קוים האָסטו זיי באַמערקט, ציען זיי זיך מיט דעם טראַגישן סוד, וואָס איז צעגאָסן איבער זייערע פעלזן־שפּאַלטן. נישט קיין טוי און נישט קיין רעגן זאָלן אויף אייך פאַלן, איר בערג אין גלבוע! האָט זיי דער דיכטער אַמאָל פאַרשאָלטן; נאָר זיי שיצן דעם טאָל און די ליבע פעלדער פון עין־חרוד, ווו עס זינגען אַלטע קוואַלן און יונגע הערצער, בענטשן זיי, באַפלאַנצט און באַבליט זאָלט איר ווערן, איר פעלזנדיקע בערג אין גלבוע!...

ביים רויטלעכן שקיעה־שיין בליצן אויף אין אונדזערע אויגן, ווי גרויסע הערלעכע געוויקסן, די ווייסע געצעלטן פון נהלל און פון עיר־חרוד. איך זע פון ווייטן, ווי די אַרבעטער קערן זיך לאַנגזאַם אַהיים. אַ וואָגן, געשפּאַנט צו צוויי פערדות, באַוועגט זיך לאַנגזאַם צווישן הויכן פאַרווילדעטן גראָז. עס באַפאַלט מיך אַזאַ רו ביים דאָזיקן איינפאַכן בילד און עס ווילט זיך בעטן לאַנג און האַרציק פאַר אייך אַלע, איר וואָס באַ־פלאַנצט און באַבויט דעם ליכטיקן טאָל יזרעאל!

# בײַ דער הײליקער וואַנט

די וואַנט שוין ווידער אַ געשענדעטע. פיל איך דאָ, פון דער ווײַטנס, איר אָנגעשטרענגטן בליק, דעם טויזנט־יעריקן שטומען בליק, וואָס פרעגט ווידער און מאָנט און רופט צוריק און לאָזט נישט רוען —

דעם טויזנט־יעריקן שטום־רײַדנדיקן בליק!

אָט פיל איך אַ לײַכטן באַריר. ווי אַ וואַרעמער שאָטן פאַלט אויף מיר, און ערגעץ פון דער טיפעניש קוועלן אויף טרערן און געזאַנג.

***

איך געדענק דעם טאָג אין כסלו, ווען איך בין דאָס ערשטע מאָל גע־קומען צו איר.

פרײַטיק פאַרנאַכט איז עס געווען. וואַרעמע וואָלקנס האָבן זיך גיך און ערנסט געטראָגן איבער דער באַרגיקער ירושלים און אַ פרײלעכער ווינט האָט געבויגן די רוישנדיקע אַלטע ביימער אויף די גערוימטע הויכ־קייטן פון דער נײַער שטאָט, אָבער אין די שמאָלע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט, דורך וועלכע איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אויפן וועג צו דער וואַנט, איז ווי שטענדיק, געשטאַנען אַ פאַרביקער געמיש פון געוויקסיקע אַראַבער און מאָגערע אַראַבישע פרויען אין בלויע אָפּגעבליאַקעוועטע קליידער; באַ־שטרײַמלטע ייִדן, מיט גלאַנצנדיקע איבערציערס ווי בגדי־מלכות אויף די אַקסלען, און קלײנע אַלטע פרויען, ווי נישט־דערוואַקסענע מײדעלעך, מיט סידורים אין די הענט, האָבן רײַענווײַז זיך שטיל געטראָגן אײנע נאָך די אַנדערע, אַלץ נידעריקער אַראָפּגעלאָזט זיך אויף די שטײנערנע טרעפּ און אַלץ טיפער אַרײַן אין די טונקעלע לאַבירינטן; אָבער דער שטראָם האָט

אַליין געפירט און מ׳האָט נישט באַדאַרפט פרעגן, וווּהין צו גיין — און קיינער האָט נישט געבלאָנדזשעט.

דער וועג צו דער וואַנט האָט זיך ווי אַ לעבעדיק וואַסער דורכגעשניטן אין דער אַלטער פאַרשאָטענער שטאָט.

וואָס ווייטער, אַלץ פאַרקרימטער און שמאָלער זענען דאָ געווען די דורכגאַנגען; אָבער מיט אַמאָל האָבן מיר זיך אויפגעהויבן אויף טרעפּלעך און עס איז ליכטיקער געוואָרן אין די אויגן און ווידער האָבן מיר זיך אַראָפּ־געלאָזט, און די פיס האָבן זיך מיט אַ מאָדנער לייכטקייט אַ טראָג געטון, ווי שטענדיק, ווען מיר זענען שוין נאָענט צום ציל. און די טויער־וואַנט האָט גלייך אַ שימער געטון, הויך און קרעפטיק, פאַר אונדזערע דורשטיקע אויגן.

אין דער נידער האָט זיך געהערט אַ געמורמל, ווי דער רויש פון לע־בעדיקע וואַסערן. מיר זענען געשטאַנען ביים כ ו ת ל מ ע ר ב י.



און נאָך וועגן אַ נאַכט ביי דער וואַנט געדענק איך — איינע פון די וווּנדער־נעכט פון מיין לעבן.

פרילינג איז געווען אין יהודה. אין די געזימסן פון די אַלטע שטיי־נערדיקע ווענט האָבן אין אַלע ווינקלען פון די גאַסן ווייסע בלומען צעבליט זיך און מיט יונגן חן באַצירט די רויע נאַקעטקייט פון דער אַלטער שטאָט. דער גרויסער ליכטיקער הויף אויפן הר־הבית איז געווען גרין באַוואַקסן, הויכע גראָזן האָבן פריילעך געפלאַטערט צווישן די אַלטע רואינען און מצבות פונעם הר־הזיתים.

גליקלעכע האָבן מיר דעם גאַנצן פאַרנאַכט אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די ריין־געפלאַסטערטע גאַסן, וואָס ציען זיך אַרום דער אַלטער מויער, און פון דער ערנסטער קילער וויאַ דאָלאָראָזאַ אַרויס צום ליכטיקן קדרון־טאָל מיט די זילבער־גרויע איילבירט־ביימער, און ביים בליענדיקן שיין פון דער פולער לבנה, וואָס איז געהאַנגען איבער די זאַפטיקע פעלדער פון השלוח־טאָל האָבן מיר זיך אומגעקערט ליכט־זאַטע, רוישיק־פריילעכע אַהיים.

אָבער ווײַבאַלד מיר זענען צוגעקומען ווידער צו דער אַלטער מויער, וואָס האָט געוואָרפן שווערע שאָטנס אַרום זיך, זענען מיר אַלע מיט אַמאָל פאַרשוויגן געוואָרן, און יעדער מיט זײַן גליק אויפן אָרים, האָט איבער־געריסן דעם לײַכטן, שפּילעוודיקן שמועס מיט זײַן באַגלײטערן.

אַ טרויער האָט זיך איבער אונדז אַלע אַראָפּגעלאָזט, און קיינער האָט נישט געוווּסט פון וואַנען ער איז געקומען.

— מיר זענען נישט ווײַט פון דער וואַנט — האָט פּלוצים אַ זאָג גע־טון די ייִנגסטע פון די פרויען, און אויף אַ מינוט האָט אַ לײַכט געטון איר בלאָנדער קאָפּ פון דער לבנה־שײַן, וואָס האָט זיך דורכגעריסן ערגעץ דורך אַ שפּאַלט אין שמאָלן געסל. מיר האָבן הײַנט צופיל געלאַכט און געשטיפּט: לאָמיר גיין זי איבערבעטן.

דאָס ליבע מיידל האָט געטראָפן אונדזער אַלעמענס געמיט, און מיר זענען שווײַגעוודיק אַוועק אין דער ריכטונג צו דער וואַנט.

גאָר אַן אַנדערע דערשײַנט פאַר אונדזערע אויגן אין יענער פרילינג־נאַכט דאָס שטרענגע אוראַלטע הייליקטום.

ווי פאַרזונגט פון דער פולער לבנה האָט די וואַנט פון אויבן ביז אַראָפּ שעמערירט ווײַס, ווי אַן אָפּגעקאַלכטע, און די אַלע צווײַגן און געוויקסן, וואָס שפּראָצן אַרויס פון אירע שפּאַלטן, זענען געהאנגען אומבאַוועגלעך אין דער רײנער לופט. און קלאָר איז אַלץ געוואָרן! ווי פרײַנדלעך אָפן האָבן די שטײנער־מאַסיוון געהויערט! ווי גלײַך ס'איז אַלצדינג פרידלעך און זיכער געלעגן. דער שטײן־געפלאַסטער אונטער אונדזערע פיס האָט העל געגלאַנצט, און מיר זענען אַלע געשטאַנען, איטלעכער מיט זײַן זיסער לאַסט אויפן אָרים, אַנטקעגן דער וואַנט און אַן ווערטער געבעטן מחילה פאַר אונדזער גליק, פאַרן גליק פונעם   א יי נ צ י ק ן ...

און די וואַנט האָט שעמערירט פון אויבן ביז אַראָפּ, אַ ווײַסע, אַ באַ־נײַטע אין דעם לבנה־ליכט, און מילד אויף אונדז געקוקט.

און זיך נישט געבייזערט...

***

## דעגנבויגן

וווינענדיק אין ירושלים, פלעג איך ליב האָבן ערב־שבת פאַרנאַכט צו שטיין אויף דעם קליינעם פּלאַץ, וואָס ביים גרויען טורעם פון דער דוד־פעסטונג און פון אַ ווינקל צוזען ווי יידן איילן זיך מקבל־שבת זיין ביים כותל.

עס איז אַ בילד, וואָס איז מיר איינגעבאַקן אין הארץ.

שבת אין ארץ־ישראל איז צוויי מאָל הייליקער. שבת ביי דער וואנט איז אַ דרייפאַכיקע קדושה.

עס איז דאָס אָרט, ווו די הייליקייט איז נישט איבערגעריסן געוואָרן. ווו עס איז געבליבן דער לעצטער משמר.

פון וואַנען „די שכינה האָט זיך קיינמאָל נישט גערירט".

קוק איך פון מיין ווינקל ווי יידן, אָפּגעוואשענע, שבתדיק געקליידעטע, לויפן, לייכט איינגעבויגענע, מיט אַ ברען אין די גלוסטיקע אויגן, אַראָפּ. פול מיט בענקשאַפט איילן זיי זיך, ווי גלייך זיי טראָגן אָנגעזאָפּענע בעכער מיט ליבשאַפט און האָבן מורא, זיי זאָלן נישט פאַרגיסן אַ טראָפּן אויפן וועג, זיי זאָלן פול נישט דערטראָגן זייער גאַנץ הארץ צום ז י־כ ע ר ס ט ן א ָ ר ט.

דאָרט, ווו ס'ווערט גאָרנישט פאַרלוירן.

***

מיט מיר גייט מיין פריינט, דער דיכטער פון יידישן שטייגער, וועמען די ליבע צו סטיל, צו הארמאָנישער גאַנצקייט האָט פרי אומגעקערט צום אַלטן, צו די פאַרלאָזענע נעסטן.

זיינע אויגן באַגלייטן מיט אַנטציקונג די דאָזיקע שבת־געקרוינטע יידן, וואָס לויפן דורך די פינצטערע געסלעך פון דער אַלטער שטאָט און פאַרשפרייטן אַרום זיך ווי ליכטיקע פונקען.

מיר האַלטן זיך אָן זייערע טריט, ווי שיצנדיק זיך אין זיי, און מיר פילן, ווי עס שטראָמט פון זיי וואַרעם־ליכט אויף אונדזער טונקעלן, גאַס־לאָזן וועג.

און נאָך איין פאַרטאָג ביי דער וואַנט — ווען איך האָב דערפילט איר

לעצטן צויבער. אַ שווערע שלאָפלאָזע נאַכט האָט געטונקלט הינטער מיר.
„אַלע גוטע מלאכים האָבן מיך פאַרלאָזן"...

פרי האָבן מיך אויפגעוועקט די אומרואיקע גלאָקן. די לעצטע שטערן האָבן זיך שוין הילפלאָז געטונקט אין מאָרגן־נעפל. אָבער די בלייכע הימל־ראַנדן איבערן הר־הזיתים, וואָס לעשן זיך נישט אויס אינגאַנצן פון שקיעה ביז זון־אויפגאַנג, האָבן זיך שוין באַפארבט מיט אַ קוים־באַמערקטן צערט־לעכן פורפור.

מיר איז געווען טויט־שווער אויפן האַרץ. איך האָב נישט געקאָנט מער איינליגן אויף מיין געלעגער, און בין אַוועק בלאָנדזשען איבער דער איינזאַמער, מענטשן־ליידיקער שטאָט.

אויפן הויכן „רוסישן הויף" איז געהאנגען אַ בלייכע לבנה און אַ מאָרגן־ווינטל האָט לייכט באַוועגט די ביימער, און מיך פריש אויפגעמונ־טערט.

איך בין אַרויס אויף דער יפו־גאַס. אונטער מיר האָבן מיינע טריט גע־קלונגען מיט יענעם סודותדיקן טיפן קלאַנג, וואָס לאָזט נאָך זיך דעם ווונ־דערלעכן ווידערקול פון אַלטע פעלזנדיקע יחוס־שטעט.

נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון, וווהין איך גיי, האָבן מיך מיינע פיס אַליין געטראָגן אַראָפּ, צום כותל מערבי.

ווען איך בין אָנגעקומען אַהין, איז נאָך אַלצדינג געווען איינגעהילט אין מאָרגן־דעמערונג. די שטיינער האָבן ווי שטיל געטרערט, און די אַלטע געוויקסן אין די שטיינער־שפּאַלטן האָבן אַראָפּגעהאנגען עצבותדיק, פאַר־טאָגיק.

נאָר איך האָב זיך גלייך דערפילט געשטאַרקט. איך האָב מיין מידן קאָפּ אָנגעלענט אויף די גלאַטע טרערן־געוואַשענע שטיינער און לאַנג זיך איינגעהערט אין זיי און הילף געבעטן אין מיין פאַרווירונג.

לאַנגזאַם בין איך געגאַנגען צוריק אַרויף, אַלע מאָל זיך אָפּגעשטעלט, און געפילט האָב איך הינטער זיך ווי אַ שטאַרקע פעסטונג, וואָס שיצט אויף יענע, וואָס שטייען אין דרויסן...

# בית־לחם

— א. —

נישט לאַנג האָט נאָך איבער די דעכער פון ירושלים הילכיק געקלאַפּט מיט גרויסע טראָפּנס דער פרילינג־רעגן און אָפּגעשווענקט די פלאַטשיקע פעלזן, וואָס ציען זיך ווי אַנטבלויזטע ערד־אָדערן צווישן די ווילדע קוסטעס פון הויף, און נאָס געמאַכט די אָרעמע אייזעלעך, וואָס האָבן אונ־טערן רעגן־גוס אויסגעזען נאָך קלענער און קלאָגעדיקער מיט די צוריק־געצויגענע קעפּ און אויסגעצוואָגענע איטשקעס. נאָר דאָס איז געווען נישט מער, ווי אַ פריילעכער מלקוש־שפּאַס, וואָס איז געווען אויסן נאָר אונדז אַביסל איבערשרעקן מיט די לייכטע שטיפעריש וואָלקנדלעך און נאָך טונקעלער מאַכן דאָס ווילדע גרינס, וואָס האָט זיך אַזוי צעוואקסן אין קדרון־טאָל די לעצטע טעג. אויף אַ מינוט זענען זיך צעלאָפּן די לוסטיק־ברומענדיקע טויבן און דערשראָקענע געקוקט מיט אַראָפּגעלאָזטע פליגלען פון אונטערן דאַך, און נאָך איידער מיר האָבן זיך אומגעקוקט, האָבן זיי שוין ווידער אַ פּאַטש געטון מיט די פליגל, אַ לאָז געטון זיך אין דער זוני־קער לופט, און פון די נאָענטע גערטנער האָבן זיך אַ טראָג געטון די ריי־חות פון בליענדיקע פרילינג־ביימער.

אַז איך בין אַרויסגעגאַנגען, איז נאָך איבער דעם מצפה־באַרג גע־האָנגען אַן אָנגעברוגזטע לילא־טונקעלע כמאַרע; נאָר אירע אונטערשטע רונדן זענען שוין געווען אָנגעגאָסן מיט גאָלד און דער דרום־הימל איז געווען אינגאַנצן בלוי. איבערן מאַרק, וואָס לעבן דעם דוד־טורעם, האָבן זיך געטראָגן שאַרפע ריחות פון גרינס, וואָס די אַראַבער האָבן דערלאַנגט זייערע אויסגעהונגערטע בהמות.

מיר געפינען באַלד אַ פּאָר אויסגעצירטע אייזעלעך מיט חנעוודיקע

זאָטעלעך, באַהאָנגענע מיט פאַרביקע סטענגעס, וואָס נעמען אונדז מיט גרויס גלייכגילטיקייט אַרויף אויף זיך. און לאָזן זיך מיט דער זעלבער גלייכגילטיקייט גיין אויף דעם זאַמדיקן פייכטן וועג. דער אייזלטרייבער, אַ פאַרטראַכט אַראַביש בחורל פון די גלעד בערג מיט אַ פּאָעטיש־פאַרחלומטן אויסזען, שפּרייזט נאָך גלייכגילטיקער נאָך זיינע בהמות און שטופּט זיי פויל הינטער. קיין שטאַרק רירעוודיקע בריה איז דאָס קלאָר נישט, נאָר מיר אייגנטלעך געפעלט די אַלגעמיינע קאַלטבלוטיקייט. דער וועג קיין בית־לחם איז נישט קיין לאַנגער, איילן זיך האָב איך נישט צו וואָס, און איך לאָז מיין אייזל גיין ווי אים אַליין געפעלט.

די גאַסן פון ירושלים זענען נאָכן רעגן נאָך ליידיק. נאָך שטילער און פאַרטראַכטער ווערט אַרום אונדז, ווען מיר קומען צו די גרינע בערג־לעך פון רפאים־טאָל. דאָ פילט זיך שוין די פאַרלאָזטקייט. די שמאָלע סטעזשקעס, וואָס שלענגלען זיך דאָ, זעען אויס ווי פאַרגעסענע, ווי גלייך קיין מענטשן־פוס קומט אַהער נישט, און עס גלויבט זיך די אויגן נישט, ווען מען זעט דאָס פריילעך־גרינע גראָז, וואָס ציטערט לעבעדיק צווישן די שטיינער.

— ב. —

נאָר אָט זענען מיר שוין אויפן גלאַטן ווייסן שאָסיי, וואָס ציט זיך ווי אַ ליכטיקע סטענגע ביז בית־לחם. אויך דאָ באַגעגענען מיר זעלטן וועמען עס איז. מיר באַוועגן זיך אַלץ לאַנגזאַם, פאַרטראַכט. קיין הויך וואָרט ווערט נישט גערעדט. קיין ליד ווערט נישט געזונגען. אַ שטילקייט נידערט אַראָפּ און הענגט איבער אונדז — יענע זוניקע שטילקייט, וועל־כע ס׳דערפילט יעדער, וועמען גאָט האָט באַגליקט צו טרעטן צווישן די דאָזיקע הייליקע בערג.

וואָס פאַר אַ זיסער וועג איז די קליינע שטרעקע פון ירושלים ביז בית־לחם! גרין און יום־טובדיק איז דאָ די ערד. אַ ליכטיק־טיפער הימל איבער אונדז, און מיט ווילגערוך שמעקן די בליענדיקע גערטנער, ווי פאַרכישופטע פון דער דאָזיקער שטילקייט, ווי אָפּגעזונדערטע פאַר זיך

אַליין. אָט באַווייזט זיך פון צווישן דיביימער אַן עלטערער מענטש. דער ווייס־גרויער קאָפּ אַנטבלויזט אונטער דער זון און די אויגן אַזוינע רואי־קע, גוטמוטיקע, ליכטיקע... ער באַגריסט אונדז און איך פיל נאָך לאַנג הינטער זיך זיין פריינדלעכן בליק.

ווי שטיל און לויטער און מאַמע־ווייך איז די לופט דאָ! ווי וואַרעם און רחמימדיק לייגן זיך אויף אונדז די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער פרילינג־זון! אין שטילן גאָלד ליגן אַרום די פרידלעכע באַרג־פעלדער, איינגעהילט אין די נידעריקע בלייך־גרינע אדר־זאַנגען. ווי איינזאַמע טעמפּלען שטייען די הייזער צווישן די אַלטע, געדיכטע גערטנער. איינ־געהאַלטן דערטראָגט זיך דאָס פייגל־געזאַנג פון די גערטנער־טיפענישן. עס פילט זיך די נאָענטקייט פון הייליקער ערד, פון נישט־געזעענע גייס־טער.

רעכטס, אין מערב ליגן איילבירטן־וועלדלעך אין גאָלד־בלויען אָוונט־נעפּל; דאָרט פילט זיך דאָס באַהאַלטענע לעבן. בליענדע דערפער, פעל־דער ליגן אין שאָטן פון אַלטע ביימער, געשיצט פון דעם געפערלעכן צו־ריר פון דער מדבר וואָס לויערט אין דער נאָענט. נאָר לינקס ווייט ביי די מואב־בערג, קוקט פרעמד און קאַלט דאָס טויטע אויג פונעם ים־המלח ווי אַ בליק פון י ע נ ע ר ז יי ט, ווי אַ ווינק פון אַן אַנדער וועלט, וואָס באַגלייט אונדז לאַנג און שטום אויף דעם ליכטיקן וועג פון בית־לחם.

— ג. —

ביים זאַמדיקן וועג, ווו עס ציען זיך לאַנגזאַם די קעמל־קאַראַוואַנען פונעם ווייטן נגב, און טויזנטער פרעמדע, גלייכגילטיקע גייען פאַרביי, שטייט איינזאַם און אַנטבלויזט פאַר יעדן אויג אַ פּירקאַנטיקער בנין מיט אַ ליכטיקן געוועלב פון אויבן — דאָס אָרט, ווו דער הונגעריקער פאָלקס־דמיון האָט אויפגעזוכט דעם רו־פּלאַץ פאַר דער ליבער מאַמע רחל... ווי טרויעריק זעט ער אויס נאָקעט ליגט דער וועג דערביי. דער שטיינערנער צוים האַלב צעשטערט. קיין שאָטן באַשיצט אים נישט, קיין זאָרגזאַמע האַנט באַפּוצט אים נישט. נאָר אינעווייניק ברענען שטענדיק טאָג און

נאַכט, די שטילע ליכט, און אין דער דאָזיקער אַלטער יידישער דרויסנ־דיקער נאַקעטקייט ליגט אַזויפיל אָפּגעהיטער טרויער, אַזויפיל רירנדיקע האַרציקייט.

נאָך פון ווייטנס האָב איך אים אין זיין הייליקייט געזען, איינגע־הילט אין אַ דינעם נעפּל פון גאָלדיקן שטויב, און דאָס האַרץ אין מיר האָט אַ פלאַטער געטון פון ליבע און רחמנות. ווי אַ היימישער גרוס, ווי אַ וואַרעמער רוף איז ער מיר געווען, און איך האָב געאיילט צו אים, פאַר־שעמט און פאַרשולדיקט. אַ לאַנגע צייט האָב איך שטום און פאַרטרויערט געבלאָנדזשעט אַרום אים און גערופן דעם זיסן שאָטן און געבעטן צו אים. די ווילדע גראָזן, וואָס וואַקסן ביים צוים, האָב איך געגלעט, און אויף יעדן גרויען שטיין פון צווישן די הויכע דערנער־געוויקסן האָט מיין אויג מיט ליבשאַפט גערוט. אויפן ווייכן זאַמד האָב איך געזוכט אירע טריט און צום שטילן גערויש פון די בוים־צווייגן האָב איך פאַרנומען און אַן ווער־טער געבעטן, און מיין האַרץ האָט פון ליבע און רחמנות געפלאַטערט.

ווי מיט ליכטיקע ליילעכער פאַרשפּרייט זענען אַרום מיר געלעגן די אָוונט־פעלדער. צווישן די מאַסלינע־וועלדלעך, וואָס האָבן זיך געטוליעט איינס צום אַנדערן, האָט לאַנגזאַם און פאַרזיכטיק געוועבט זיך די נאַכט. פון די ווייטע מואב־בערג אין מזרח מיט זייערע פרעמדע סודותדיקע קלופּטן ביז אין דעם נאָענטן מדבר־יהודה מיט זיין וואַרעמען אָוונט־טרויער איז דאָס לאַנד אַרום מיר געלעגן אין געטלעכער רו. און נאָר איך אַליין האָב נאָך לאַנג געבלאָנדזשעט אַרום דעם הייליקן קבר און צום ליבן שאָטן זיך געטוליעט און אָן ווערטער געבעטן, פאַרשעמט און פאַר־שולדיקט.

— ד. —

ווי אויפגעכאַפּט פון אַ טיפן חלום האָב איך נאָכדעם געריטן קיין בית־לחם. די זון איז שוין געווען פאַרשוווּנדן, נאָר די לופט איז געווען נאָך ריין און דורכזיכטיק, און בית־לחם מיט אירע טונקעלע גערטנער און ווייסע הייזער־סילועטן איז געלעגן אָפן און געצויגן צו זיך מיט אָוונטלע־כער גאַסטפריינדלעכקייט.

דער וועג איז דאָ געוואָרן באַלעבטער. עס האָבן זיך באַוויזן די הויכע שלאַנקע טעכטער פון בית־לחם מיט זייער הויכן קאָפּ־שמוק, מיט די אָפענע ראָזיקע פּנימער און גרויסע שטראַלנדיקע אויגן, אין וועלכע עס שפּירט זיך אַ פרעמדע, נישט־אָרטיקע שיינקייט. עס זענען די טעכטער פון די אַמאָליקע צלם־טרעגער, און עס פילט זיך ד'ער צונויפמיש פון פרעמדע ראַסן־בלוטן, וואָס שאַפט שטענדיק אַ רעטזולהאַפטן געפערלעכן רייץ... זיי זעען אויס דאָ ווי פון דער פרעמד פאַרטראָגענע, הערלעכע געוויקסן, און מיר באַגלייטן זיי לאַנג מיט אונדזערע פאַרוואונדערטע בליקן.

ווען מיר קומען אַריין קיין בית־לחם, איז שוין דער קורצער בין־השמשות פאַריבער, און איבער די שמאָלע שטיינעריקע גאַסן גלאַנצן גרויסע קילע שטערן. אַ ווינטל כאַפּט זיך אויף אָוונטלעך־מונטער, און די אַראַבער, וואָס זיצן קופּקעלעך־ווייס, כמעט אונטער די פיס אונדזערע, הילן זיך פעסטער איין אין זייערע ברייטע אבאיעס. אַלצדינג אָטעמט פריש אין דער דאָזיקער באַרגיקער נאַכט־קילקייט, און עס ווילט זיך דאָ אין דער דאָזיקער שטיינערנער, זיכערער שטאָט, אָפּשטייגן, רוען און פאַרגעסן אין אַלץ...

נאָר אָט קומען מיר אָן אויף דעם גרויסן אָפענעם פּלאַץ, וואָס פאַר די הייליקע קריסטלעכע דענקמעלער. דאָס ווינטל בלאָזט דאָ העפטיקער און די פינצטערניש ווערט געדיכטער. עס הייבט זיך אָן פילן דער גייסט פון דער נוצרישער לעגענדע, און כאָטש די ליכט אין די הייליקע בנינים ברענען פון ווייטן מיט אַ רויטן פריילעכן פלאַם, הייבסטו מיטאַמאָל אָן דערפילן, ווי פרעמד און עלנט ביזט דאָ — אין דער יוגנט־שטאָט פון דיין פאָלק, איבער וועלכער ס'האָט אַמאָל די פרימאָרגן־זון פון זיין געשיכטע אַזוי שטראַלנדיק אָנגעהויבן לייכטן.

אונדזער אָנטרייבער גיט עסן זיינע אייזעלעך, און איך לאָז מיך פון דעם רויט־באַפלעקטן נוצרישן פּלאַץ אַראָפּ צו די שאָטנדיקע גערטנער, וואָס אָטעמען מיט וואַרעמע נאַכט־ריחות ביז צום עק פון פעלז, וואָס הענגט איבער דעם פאַרנעפּלטן טאָל.

וואָס ווייטער איך גיי, אַלץ טונקעלער און סודותדיקער ווערט אַרום

מיר און אַלץ ליבער נעמען מיך אַרום די געדיכטע גערטנער, און די נאַכט הילט איין מיך שיצנדיק פון אַלע זייטן, אַזוי אַז איך פאַרגעס, ווער עס רינגלט מיך דאָ אַרום, און ווידער אַמאָל ווילט זיך מיר אויסציען זיך אויף דער דאָזיקער פרידלעכער שמעקנדיקער ערד, און נישט טראַכטן גאָר־נישט, און נישט געדענקען גאָרנישט, נאָר פילן דעם צויבער פון דער ערד, — די ערד פון מיינע עלטערן, וואָס האָט מיך ווידער אויפגענומען אין איר שויס...

נאָר אָט הייבן אָן די ווייטע גלעקער רופן צו דער נאַכט־מעסע, און רייסן איבער דעם פרידלעכן געוועב פון מיינע געדאַנקען און ווידער דער־פיל איך, אַז די דאָזיקע ערד איז מיר פיינדלעך־פרעמד, און אָטעם אָפּ פרייער, ווען איך זיץ שוין ווידער אויף מיין אייזעלע און לאָז זיך צוריק מיטן וועג, וואָס איך בין געקומען.

— ה. —

אין טיפע און שווערע שאָטנס איז די ערד געלעגן. די מויערן און טעמפּלען זענען ווי איינגעשלונגען געוואָרן אין תהום פון דער נאַכט, און די נישט־לאַנג פריילעכע גערטנער האָבן טרויעריק געמאַכט הערן זייער אַלטן נאַכטלעכן גערויש, באַהאַלטן דאָס פּנים האָבן די ווייטע בערג, ווי גרויסע, שווער־באַלאָדענע חיות געהויערט, און לינקס איז אומהיימלעך געלעגן דער טאָל פונעם ים־המלח אין זיין אייביקער פאַרוויסטקייט.

אומווילנדיק האָב איך מיין פּנים אומגעקערט צוריק, דאָרט ווי אין ווייטן שאָטן־געוועב האָט נאָך שטיל געלויכטן דאָס ווייסע געוועלב. עלנד און איינזאַם איז דאָס הייליקטום געלעגן. קיין ליכט, קיין פייערל האָט נישט געשראָקן דאָס פינצטערניש, וואָס איז געשוועמען איבער די פעל־דער. און נאָר די אומצאָליקע גרויסע פרילינג־שטערן, וואָס האָבן ווי העל־גרינע בלומען־קרענץ, איינס נאָכן צווייטן אויפגעפלאַקערט אין טונקעלן הימל־סטעפּ, האָבן פון אַלע זייטן מיט ליבשאַפט געשיקט זייערע זילבער־נע שיין אויף דעם קליינעם הייזל, וואָס איז איינזאַם ווי פאַרוואָרפן גע־לעגן צווישן די פעלדער פון בית־לחם.

# ים און באַרג

## (פראַגמענטן פון אַ בילדער־בוך)

— א —

## ים־קינדער

ביז אין טיפן האָריזאָנט, ווו די פאַרבן זענען אומבאַשטימט פאַר־וועבט אין אַ זיסן האַלב־נעפּל, בלויט דאָס וואַסער און גרינט און טונקלט. דער ים מיניעט זיך, פרייענדיק זיך אויף זיין פילבאַרביקייט. ער טרעט אויס די דאָזיקע איין־פאַרביקע סטעזשקעס און איז זיך אַליין משיג־גבול, ווייל ער איז צו גרויס, כדי זיך איינצושליסן אין איין פאַרב, אין איין ריטם. ווייל איז דעם אויג, וואָס באַגרייפט די דאָזיקע פילטאָניקייט, — וואָס כאַפּט אויף אין דעם שטענדיקן און געזעצלעכן די פריילעכע די־סאָנאַנסן.

אָט דאָס איז ים — אַן אייביקער ווירוואַר און געמיש, און דאָך: איין האַנט, אַ קרעפטיקע און נישט געזעענע באַהערשט דאָ אַלע סטי־כיעס, — זי צעשיידט און זי פאַראייניקט זיי אומבאַמערקט ווידער.

גוט איז די וואַסער־זעאונג פאַר אויג־מידע, פאַר האַרץ־מידע. דער בלויער וואַסער־פליין, אָט די פריי־אויסגעשפּרייטע אומענדלעכקייט, פאַרשלינגט אַלצדינג, איז אַלצדינג מבטל אין זיך — מאַכט אַלצדינג פאַרגעסן. אָבער וואַסער ציט נאָך מיט מער קראַפט קינדער, די, וואָס האָבן נישט וואָס צו פאַרגעסן — אָט די אַלע, וואָס האָבן פיינט דאָס שווערע און גרויע און אָפּגעשלאָסענע פון דער יבשה. עס הערשט אַ גע־היימער בונד צווישן די דאָזיקע קליינע חברה־לייט און צווישן די גרויסע

וואַסערן, און ווי נאָר זיי קומען אין זייער געבענטשטער נאָענטקייט, מאַכן זיי גלייך יד־אחת: מען באַווייזט, ווי אין אַ געוועט, ווער ס'איז מער פאַרשייט — ווער ס'קען מאַכן גרעסערע קונצן.

די גרויסע קוקן מיט פאַרדעכטיקע, דערשראָקענע אויגן אויף די כוואַליעס־רייען, וואָס שוימען און שפּרינגען איינער די אַנדערע אויף די פּלייצעס, גענענענדיק קוקן זיי ברוגז אויף דעם שוימענדיקן אומגעהויער, וואָס בריקעוועט ווי אַ צעווילדעוועט פערד פון אַנהויב פרילינג, און לאָזט קיין פוס נישט אָוועקשטעלן זיכער.

אָבער די קליינע, וואָס האָבן אים נאָך נישט געזען רוענדיק, זענען זיכער, אַז דאָס איז די טבע זיינע — נישט צו רוען, און אַז אים פּאַסט גאָרנישט אַנדערש צו זיין. ווי נאָר זיי דערשפּירן ביים אַראָפּגאַנג דעם ריח פון זיינע זאַלצן און זיינע פייכטע גראָזן, קאָן מען זיי שוין נישט אויפהאַלטן אין זייערע קליינע וועגעלעך, צו וועלכע זיי זענען צוגעבונדן מיט לעדערנע פּאַסקעס. און ווו נאָר מען לאָזט זיי סוף־כל־סוף אַראָפּ אין וואַסער. קלאַפּן זיי חבריש מיט זייערע קליינע הענטלעך אויף די פריי־לעכע כוואַליעס, לאַכן־מיט און שטיפן־מיט צוזאַמען. ס'זאָל זיין געווען־דעט אין זיי, וואָלטן זיי זיך אַזוי געפליעסקעט אָן אַ סוף, און אַז די מאַמעס ווילן זיי אַרויפברענגען צוריק אויף דער יבשה, שטעלן זיי זיך אַקעגן מיט אַלע כוחות, און דער גאַנצער ברעג־רוים ווערט פול פון זייער געוויין און פּראָטעסט־געשרייען.

אָט אַזוי וואַקסן ביי אונדז וואַסער־לוסטיקע, כוואַליעס־קרעפטיקע האָפן־קינדער — אַ נייער ים־שטאַם, וואָס זיינע פיס וואַקלען זיך נישט ביי יעדן כוואַליע־אויפברויז. געזונט זאָלט איר זיין, מיינע קליינע וואַ־סער־יאַטן, איר, וואָס האָט כורת־ברית געווען אויף אייביק מיט דער רוי־שיקער און שרעקן־פריילעכער סטיכיע!

ר ע נ נ ב ו י נ ז

# א ב אַ ג ע ג ע נ י ש

— ב —

ס׳האָט נאָך דער ערשטער י ו ר ה נישט דורכגעשטורעמט די אָנגעגליטע לופט, און דער ים איז שוין תשרי׳דיק בלוי, תשרי׳דיק אָנט־פּלעקט. אַנדערש ציט דאָס שוין האַרבסטיק־דורכזיכטיקע וואַסער, די האַרבסטיק־ווייסע ברעג־זאַמדן. וואָס קילער דער ים אָטעמט, אַלץ ווייניקער קומען די באַשעפטיקטע מענטשן אים צו באַלעסטיקן. נאָר צוויי־דריי פינטעלעך באַוועגן זיך איבער דער גרינער וואַסער־פלאַכקייט, און ווערן בטל אין דער מאָסלאָזער ברייטקייט. נאָר נאָך איינע פון די באָדנדיקע פרויען, נישט געזעטיקט פון זוניקייט, אַנטפּלעקט ווי אַ פרוכט, וואָס איז נאָך נישט אינגאַנצן צייטיק, אירע ברוסטן, די איינציקע העלע פלעקן אויף איר ברוין־ראָזן לייב, און גיט זיך איבער מיט קינדישער ליידנשאַפטלעכקייט דער ברענענדיקער שפע, — וואָס פליסט ברייט און לאַנגזאַם אין דער מיטיקדיקער וועלט־פאַרגעסנקייט.

נאָך אַ קורצער ווײַלע, — און דער ברעג איז אינגאַנצן ליידיק. ערשט דעמאָלט פילן זיך די כוואַליעס ווי דערמוטיקט, און זיי גלייכן אויס דאָס צעטראָטענע זאַמד, גלעטן צערטלעך די גרינע פעלזן, — און די וועלט קוקט זיך פריידיק אום, זעענדיק, אַז קיינער שטערט נישט.

דעמאָלט באַווייזט זיך אָט דאָ, וווּ נישט לאַנג האָבן מענטשלעכע אויגן אומעטום געגנישטערט, דער פיש־יעגער. זיינע פאַרביקע קורצע פליגל פלאַטערן אין דער אָנגעגליטער לופט, און נאָכדעם, ווי ער דרייט זיך עטלעכע מאָל אַהין און צוריק איבער דעם ברייטן וואַסער־פעלד און אַנטפּלעקט נישט קיין קאַפּ חיונה אין זיינע דורכזיכטיקע וואַסערן, פאַלט ער אַ מיד־אַנטוישטער צו צום הויכן פלויט פון באָד־פּלאַץ און זאַמלט, האַלב פאַרמאַכט די אָנגעשטרענגטע שאַרפע אויגן, נייע קרעפטן אויף נייע וואָגלענישן.

און דער איינזאַמער מענטש, וואָס האָט פריידיק דערשפּירט דעם ערשטן האַרבסטיקן פלאָטער, שפּירט נאָך, זיצנדיק אויפן ראַנד פון אַ

האַלב־פאַרזונקענעם פּעלז, יעדע באַוועגונג פון דעם פרעמדן פויגל מיט ליבשאַפט, מיט חברישער באַזאָרגטקייט. וואָלט ער נאָך נענטער געווען דעם דערשראָקענעם וואַסער־פויגל, וואָלט ער אים געהאַט מיט וואָס צו טרייסטן. ער וואָלט אים דערציילט, אַז אויך ער פלאַטערט שוין טעג און יאָרן איבער אַלע אָפּגרונטן, אַז אויך זיין אויג איז שוין מיד, און זיין האַרץ איז נאָך אַלץ פאַרהונגערט, ווי געווען. ער וואָלט אים איינגערוימט, אַז אויך זיין נעץ, וואָס נישטערט אין אַלע וואַסערן, האָט זיך שוין טויזנט מאָל אומגעקערט ליידיק און ער פאַרטרויט זיך נאָך אַלץ די פאָרכטיק־צויבערנדיקע טיפקייטן...

באַדויערנדיק אַזוי זיך און זיין וואָגלענדיקן חבר, האָט דער מענטש נישט געשפּירט, אַז זיין אויסגעשפּרייטע נעץ איז נישט ליידיק, — דען זיין אויג האָט דורשטיק געטרונקען די ווונדער־פאַרבן פון דעם פּרעכטיקן וואַסער־פויגל, זיין רוקן, וואָס איז באַדעקט מיט טונקל־גרינעם גאָלד, די הנעוודיק רויטע פּינטעלעך אויף זיין האַלדז. ער האָט זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם קליינעם פאַרביקן פויגל מיט דעם שוואַרץ־קרעפּטיקן לאַנגן שנאָבל, וואָס האָט אַזוי נישט געפּאַסט דעם קינדיש־צאַרטן, כמעט פּירקאַנטיקן קערפּערל. אָבער איינזאַפּנדיק אין זיך די אַלע פאַרבן און באַוועגונגען, האָט ער, צו זיין באַדויערן, דאָך דערשפּירט, ווי אומגעהויער רייכער ער, דער זעער, איז פון זיין חבר; דעם געזעענעם.

דעמאָלט איז דעם מענטשנס פרייד פאַרשטערט געוואָרן, דען ער האָט דערשפּירט די אייביקע מחיצה צווישן דעם, וואָס זעט, און דעם, וואָס ווערט געזען...

— ג —

# הר־תבור

ווו איך זאָל מיך נישט אַ קער טון, בלאָנדזשענדיק איבער דעם פאַרביק־ליכטיקן פליין פון עמק, שפּיר איך שטענדיק זיין ערנסטן באַרג־קוק, שטום צו מיר געווענדעט. וווהין איך זאָל נישט גיין, ציען זיך צו מיר זיינע ריינע ליניעס, שטרענגע און פריינטלעכע, נאָענטע און ווייטע.

ווי אַ רעטעניש, נאָך נישט געלייזט .ווי אַ טעמפל, נאָך נישט באַטראָטן, און לאַנג, אַז איך טרוים צו באַצווינגען זיין אָפענע פאַרבאָרגעניש. אָבער איך קום נאָענט צו אים, און גיי שטענדיק ווייטער. גוט איז, וואָס מיין פוס האָט נאָך נישט באַרירט זיינע ברויך־רויטע הויכקייטן, און אין זיין שטרענג־פריינטלעכן בליק איז נאָך באַהאַלטן דער צ ו ז אָ ג אויף טעג, וואָס וועלן קומען.

גרינג און צערטלעך שווימט ער אין דער בלויקייט פון טאָג, ווי אַ לייכטער וואָלקן, וואָס טויכט־אויף פון דער ים־טיפקייט — ווי אַ ברייט־בלעטערדיקע בוים־קרוין, וואָס האָט פלוצים אויפגעשפּראָצט ביי נאַקע־טע וועגן. דער טאָג האַלט אים לייכט אין זיינע אָרעמס און דאָס ליכט צעשמעלצט אים צומאָל כמעט אינגאַנצן. אַלע מאָל איז ער דער זעלבער און דאָך, ווי אַן אַנדערער. אָט אַנטפּלעקט ער זיך, און אָט שוועבט זיין שאָטן האַלב־פאַרשלונגען איבער גרויסע ווייטקייטן.

גאָר נישטאָ קיין קרעפטיקערס פון אים אין דער נאַכטיקער צעמי־שונג, ווען די פינצטערניש קלאַמערט זיך איין, ווי אַ ריזיקער רייטער, אין זיין פאַרפלאָנטערטער טשופּרינע. ביינאַכט הויערט זיין מאַסע שווער און אויסגעגאָסן, באַהערשנדיק די פאַרלאָזענע ערד, און געטלעכע זיכער־קייט רוט צווישן זיינע אַקסלען. דיין אויג באַהעפט זיך אָן אים, ווי אָן אַן איינציק איבערגעבליבענעם שוץ־פעלז קעגן אַלע אָפּגרונטן. ווי אַלע וועלט־וואָגלער זענען אין זיין רואיקן שויס באַהאַלטן, און קליינע כיתות פון בלאַנקענדיקע שטערן, ווי ווייסע זילבערנע פייגל, וואַכן פלאַטערנדיק אים צוקאָפּנס...

# קהלת

## (איינלייטונג צו אַ גרעסערן עסיי)

עס איז ווי אַ גרויס אומפאַרשטענדלעך רעטעניש. אָט דאָס קליינע וווּנדערבאַרע ביכל, וואָס שטייט אַזוי איינזאַם־פרעמד צווישן די אַנדערע שווער־פאַרנעפּלטע, בייז־קולותדיקע ביכער פון דער ביבל. עס פאַרמאָגט אַזוי פיל באַהאַלטענעם וויי, אַזוי פיל פאַרשוויגענע שרעק, אַז וויפיל עס איז דאָ אַרויסגעזאָגט, שיינט צו זיין נאָר אַן אָפּקלאַנג, נאָר אַ פאַרבלאָנדזשעטער אויסשריי פון אַ ווייטער, טיפער מדבר־נאַקעטקייט. פון דעם ערשטן ט ר י א ו מ פ י ר נ ד י ק ן אויסרוף וועגן דער הבל־הבלימדיקייט פון אַלץ, אַן אויסרוף, וואָס טויט שוין ממילא אָפּ יעדן גיפט און מאַכט ווייכער יעדע פאַרביטערטקייט, ביז די עלעגיש־רואיקע לעצטע אַקאָרדן, די שטילע קלאָג־ווערטער פונעם מענטשן אויף זיין אייגענעם אומפאַרמיידלעכן חורבן, — קלינגט אַרויס צו אונדז אַ נשמה, וואָס פאַר איר ליגט די וועלט אין איר נאַקעטער קלאָרקייט; אַ נשמה, וואָס וואַרט שוין אויף גאָרנישט און האָט אייגנטלעך קיין טענות נישט צו קיינעם, נאָר שווער באַלאַסטעט מיט נסיונות און מיטן געזאַנג פון בינה עליונה, צעוואָרפט זי אויף אירע זאַמדיקע וועגן די געלייטערטע גאָלד־קערנער פון איר טרויעריקן רייכטום — אפשר וועט עמיצן דערפון לייכטער ווערן, אפשר וועט איר אַליין גרינגער ווערן דערפון.

עס בלייבט דאָך אַ זעלטענע דערשיינונג אין דער שאַפונג פונעם אַלטן יידישן גייסט. הייבן מיר נאָר אָן צו לייענען אָט דאָס זעלטענע בוך, ווערן מיר גלייך געפאַנגען פון דעם אוראַלטן ריטם מיט זיין פשטות, מיט זיין קלאָרקייט און מיט זיין געטלעכער רו. ווי אין יעדער אַנדערער ביבל־שאַפונג, שפירן מיר גלייך איבער די אומהיימלעכע ווערטער יענעם

װאַרעמען אָטעם פון נאַטור־טרייהייט, פון געטלעכער נאַענטקייט, װאָס מאַכט לינדער דעם גרױסן טרױער, װאָס איז אַזױ שװער צעגאָסן איבער דעם אײביקן יידישן בוך. הערן מיר זיך אָבער איין אין די דאָזיקע װייך־קלינגענדיקע װערטער, פאַרגעסן מיר באַלד זייער אַלטע אָפּשטאַמונג. מיט אַמאָל פאַרשװינדט דער תהום פון טױזנטער יאָרן, װאָס טײלט אונדז אָפּ פון דעם דאָזיקן בוך, און מיר מיינען, אַז דאָ רעדט צו אונדז אײנער אַ נ אָ ע נ ט ע ר , אַן אײגענער, — אײנער, װאָס איז װי מיר, שױן גע־גאַנגען פאַריתומט איבער גאָטלאָזע װעגן און האָט זײן שװער געמיט אױס־געגאָסן נישט פאַר גאָטס שטול, נאָר פאַר גלייך, װי ער, פאַריתומטע מענטשן.

צװישן די ביבל־ביכער איז דאָס, אָן אַ ספק, דאָס נאָענטסטע פאַר דעם מענטשן פון אונדזער צייט. עס איז אַ מאָדערנע שאַפונג לױט זײן איב־האַלט, און נאָך מער אפשר — לױט דער גרױסער קולטור פון זײן סטיל. אַזױפיל זעלבסטװירדע, אַזױפיל שאַרפזיניקייט מיט פשטות צוזאַמען, אַזױ קענען אַרױסזאָגן אַלצדינג און נישט צופיל באַטאָנען, אַזױ קענען איבער־ראַשן, נישט האָבנדיק קײן כונה צו איבערראַשן — װײזט אױף הױכן, טיף־אַריסטאָקראַטישן גײסט. מיט אַזאַ שפּראַך רעדן צו אונדז נאָר די ראַפּי־נירטסטע, די קולטור־איסטניסים פון אונדזער צייט. דאָס, װאָס ס'פײניקט אים, דעם גרױסן אומבאַקאַנטן פון פאַר טױזנטער יאָר, פײניקט אױך אונדז ביז היינטיקן טאָג און װעט אפשר נישט אױפהערן צו פײניקן דעם מענטש־לעכן גײסט ביז אײביק. און דאָך, װי פאַרפײנערט און דין־געשליפן עס איז נישט דער דאָזיקער געלײטערטער סטיל, פאַרמאָגט ער דאָך נאָך אַלץ טיף באַהאַלטן אין זיך עפּעס פון יענעם ערשטן, נישט־געריריטן כח, װאָס װײזט, אַז זײן שאַפער איז נאָך נישט אין גאַנצן, װי מיר, אָפּגעריסן, פון יענעם האַרטן, יהודה־פעלזנדיקן אור־גײסט פון דער ערד.

דאָס, װאָס מאַכט פון דער דאָזיקער שאַפונג אַן אײביק פּראָבלעם, איז זײן נגיעה אין פאַרשײדענע װעלטן, דאָס געהערן אונדז און דער אור־צייט צוזאַמען. אַזױ קלאָר איז עס, אַזױ בוגרותדיק־אײנפאַך און פאַר־שלאָסן אין קנאַפּע װערטער. זײן פשטות איז אָבער נישט, װי אין די אַנ־דערע תנ"ך־ביכער, די פשטות פון פרימיטיװ, די שפּראַך פון אַ האַלב

מִדבר־פֿאָלק, וואָס איז נאָך נישט אויפֿגעגעסן פֿון פֿאַרשווענדעריש רייכער קולטור. נייך, די פּשטות פֿון קהלת איז דער אויסדרוק פֿון אַ ב אַ־פּ ו יי ט ן גייסט, וואָס האָט מיט זיין אייגענעם ווילן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם איבעריקן באַלאַסט פֿון פֿאַרשאָלטענע אוצרות. ער איז פֿון די, וואָס האָבן זיך אומגעקערט צום פֿאַרלאָזענעם קוואַל. עס איז די פּשטות פֿון די ל ע צ ט ע. די לעצטע פֿון זייער צייט און די ערשטע פֿון אַ וויטער עפּאָכע אין דער צוקונפֿט. זיי שרייען שוין נישט, ווייל זיי ווייסן, אַז ס׳איז נישטאָ צו וועמען; זיי באַצירן שוין נישט זייער שפּראַך, ווייל זיי ווילן זיין נענטער, טרייער ז י ך — עס גייען זיי ווייניק אָן די אַנדערע. זייערע ווערק זענען זייערע ודוי־ביכער. ווער ס׳איז זיך מתוודה, דער קערט זיך ממילא אום צום ערשטן אויסדרוק, איידער ס׳איז נאָך אויפֿגעשטעלט געוואָרן אַ פֿרעמדע מחיצה צווישן גייסט און מענטשן. ווי קלוג דער מחבר פֿון „קהלת" איז נישט, האָט ער דאָך פֿיינט צו חכמהנען זיך. ער איז נישט קאַלט, אָבער זיין וואַרעמקייט איז אַ באַהאַלטענע. ער איז נישט גלייכגילטיק, אָבער ער רעדט אַזוי, ווי איינער, וואָס האָט שוין די גרויסע לעבנסשטורעמס געלאָזט ווייט הינטער זיך.

און דאָס אייגנטלעך איז די ליניע, ווו ער צעשיידט זיך מיט די אַלטע נביאים. יענע קומען אָנגעלאָדן מיט אינעווייניקסטן פֿייער, וואָס האַלט זיך אין איין רייסן אַ ר ו י ס. דאָרט איז דער אָנפֿאַל, די אָפֿענסיווע. דאָרט ווערט קיינער נישט געשוינט — נישט דער מענטש און אפֿילו נישט גאָט אַליין. דאָ האָט מען צו קיינעם קיין טענות נישט. צו גאָט אפֿשר נאָך יאָ; נאָר צום מענטשן, צום שוואַכן מענטשן, וואָס איז אַזוי אומגעלומפּערט אַוועקגעשטעלט אין דער דאָזיקער אומגעלומפּערטער וועלט — צו אים האָט מען דאָ געוויס קיין טענות נישט. דאָס גאַנצע בוך איז נאָר אַן אויסדרוק פֿון ווייטיק, אַ שטילער פֿאָרוואורף פֿון אַ ב אַ ל יי ד י ק ט ן גייסט — אָפּטמאָל אָבער אויך אַ באַהאַלטענער מ י ט ג ע פֿ י ל אָט דער דאָזיקער אומגעלומפּערטקייט, וואָס האָט נישט קיין תקנה, און וועלכע עס איז גלייך צומאָל אין גאַנצן נישט צו באַמערקן, כדי מען זאָל קענען אַביסל געניסן פֿון דעם, וואָס איז נאָך איבערגעבליבן... אָט דער ע פּ י ק ו ר ע א י ז ם, וואָס רייסט זיך אָפּטמאָל קוים באַמערקט אַרויס, איז אפֿשר דער באַהאַל־

טענער לייט־מאָטיוו פון גאַנצן בוך. ער ווערט אָבער דערשטיקט דורך דעם געוואַלדיקן מאָראַל־געפּיל, וואָס איז דאָך דאָמינירנדיק. די געדאַנקען בייסן צו שטאַרק, אַז מען זאָל קענען רואיק געניסן... אָט דער גרויסער טעות, די „שגגה שיצאה מלפני השליט״, — ווער עס האָט זי נאָר א יין מאָל דערקענט, דעם איז שוין דער בעכער אויף אייביק פאַרגיפטעט. דערפאַר טענהט ער דאָך ביטער: „אשר עשה האלהים את האדם ישר, והמה בקשו חשבונות רבים״. עס העלפט שוין אָבער נישט. דער מחבר פון „קהלת״ קען נאָך בענקען צו „גלייכגילט״; זיין שטאָלצער גייסט אָבער, וואָס שטרעבט צו אמת, איז שוין פאַרקרומט אויף אייביק...

זיין צעריסנקייט אָבער מאַכט אים אַזוי נאָענט, אַזוי מענטשלעך פאַר אונדז. ער איז דאָס קראַנקע אייניקל פון די קרעפטיקע נביאים־גייסטער. ער וויל, ווי זיי, קומען אונדז צו הילף — אַביסל טרייסטן, אַביסל היילן, אַביסל גרינגער מאַכן. ער גלויבט אָבער נישט, אַז מען קען דאָ עפּעס אויפטון. „דען אַלץ, וואָס גאָט טוט, דאָס וועט בלייבן אייביק; דעם קען מען גאָרנישט צוגעבן, פון דעם קען מען גאָרנישט אַוועקנעמען״. און אָט דאָס מאַכט אים אַזוי טרייסטלאָז, דאָס מאַכט זיין עלנד אַזוי אויסגאַנגלאָז. און אפשר נעמט זיך פון דעם אויך די גרויסע רואיקייט, וואָס שוועבט איבער זיינע ביטערע לעבנס־מסקנות. אויב מען קען דאָ גאָרנישט מתקן זיין, צו וואָס־זשע זאָלן מיר זיך ערגערן, וואָס וועט אונדז העלפן דער פּראָטעסט־געשריי?

קהלת איז נישט קיין ר י כ ט ע ר פונעם לעבן; ער איז אפשר מער דער ע ד ו ת, וואָס פאַרצייכנט, וואָס ק אָ נ ס ט אַ ט י ר ט די זאַכן. דאָס איז אַ מין געדאַנקען־עפּיקער, וואָס דערציילט אונדז, אויף וואָס פאַר אַ וועלטל מיר לעבן, ווי שיין עס גייט דאָ אַלצדינג צו. געוויס איז ער נישט קיין קאַלטער צושויער. ער דערציילט, כדי ער זאָל קענען אָטעמען דאָ. ער פאַרשטייט שוין אָבער צופיל, ער ד ע ר ק ל ע ר ט אונדז שוין צופיל. „אויב דו זעסט, ווי מען באַרויבט דעם אָרימאַן, און מען באַגזלט דאָס געריכט און די גערעכטיקייט, ה אָ ס ט ו ז י ך נ י ש ט ו ו אָ ס צ ו ו ו נ ד ע ר ן״. וווּנדער זיך נישט! אָבער ווער

עס וואונדערט זיך אויף גאָרנישט, דער קען שוין נאָר באַדויערן, אָבער נישט באַשולדיקן.

די נביאים האָבן זיך שוין דווקא יאָ געוווּנדערט. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, נישט גע וואָלט פאַרשטיין. זיי האָבן גאָרנישט באַרעכטיקט. זיי האָבן די וועלט נישט אָנערקענט. דערפאַר זענען זיי געווען אַזוי אומרואיק; דערפאַר זענען זיי קיינמאָל נישט געווען קיין עדות, נאָר די ריכטער און די געריכטעטע צוזאַמען. אין קהלת איז שוין דאָס אַלטע הייליקע פייער געווען אַ סך אָפּגעקילט, הגם פאַרלאָשן אינגאַנצן איז עס נאָך נישט געווען. לויטערער איז דער פלאַם געוואָרן ווי ער איז געווען. קהלת ברויזט שוין נישט; ער פאַרשטייט שוין צופיל, כדי צו געוואַלדעווען. אָבער דער אוראַלטער גייסט פון די אַמאָליקע העברעער, דער קרעפטיקער רוף, וואָס האָט גאָט געוועקט און די וועלט נישט געלאָזט איינשלאָפן, איז שוין געווען געבונדן. דער לייב איז געוואָרן אונטערטעניק און אַנטשוויגן געוואָרן איז דער בריל פון דער מדבר.

# װעגן דער שעפֿערישער קריטיק

— 1 —

דער קאַמף צװישן דער קונסט און דער קריטיק איז דער אײביקער קאַמף צװישן דעם אינסטינקט און דער קולטור. די קונסט איז אַן אינדי־װידועלער כּוח, אַ בלינדער אױסברוך: אַ נױטיקער באַדינג פֿאַר איר איז די אַבסאָלוטע פֿרײהײט. צװישן איר און דער נאַטור איז נישט פֿאַראַן קײן שײדװאַנט. זי גײט צו גלײך; די גאַנצע װעלט איז איר צענטראַל־פּונקט. די קריטיק איז די קולטור — דער באַגרעניצטער כּוח, דער דיס־ציפּלינירטער; זי לײגט דורך אַ װעג — דעראָבערט דורך באַװוסטזײַן. די טראַגישע זײַט פֿון קריטיק איז װאָס װען זי דערגרײכט איר אמתע פּאָ־טענץ װערט זי אױך — אינדיװידואַליסטיש, אינסטינקטיװ — קונסט. זי נױטיקט זיך אױך דאַן אין אַבסאָלוטער פֿרײהײט, און אַנשטאָט צו װײַזן בולט איר אָביעקט, איז זי געצװוּנגען אַרױסצושטעלן זיך, די פּערזענ־לעכקײט פֿונעם קריטיקער. דער שעפֿערישער קריטיקער איז אױך אַ קינסטלער. כאָטש זײַן רשות איז מער באַגרעניצט. ער איז אָפּהענגיק פֿון אַנדערע, אָפּהענגיק מיט ליבע, מיט גוטן װילן; אָבער אין דער צײַט װאָס די „אַנדערע“ באַפֿרידיקן נישט, פֿאַרפֿולט ער די לײדיקע בלױזן. די פּער־זענלעכקײט פֿונעם שעפֿערישן קריטיקער זוכט זיך תּמיד אַן אױסגאַנג; זי קען נישט װערן אַלײן אַן עיקר. דער קריטיקירטער איז מער נישט װי אַן אָנלען, אַן אױסגאַנגס־פּונקט. װאָס קרעפֿטיקער עס װערן די פֿליגל בײַם קריטיקער, אַלץ העכער הײבט ער זיך אױף און דערװײַטערט זיך פֿון זײַן באַזע. אָבער אױב דער כּוח פֿון דער באַזע פֿילט זיך נישט אין זײַן פֿלי, דאַן פֿעלשט דער קריטיקער אין זײַן שליחות. די דיסציפּלין איז נישט בלױז דעם קריטיקערס פֿליכט — זי זאָגט עדות אױף זײַן קראַפֿט, די

דאָזיקע אונטערוואַרפונג איז, ווי געזאָגט, אַן אונטערוואַרפונג פון ליבע. די דאָזיקע ליבע צווינגט טיילמאָל דעם קריטיקער צוצוגעבן עפּעס צו זיין העלד, אים צו שטיצן; אָבער סיי דער דאָזיקער צוגאָב ווי אויך זיין שטיצן דעם קינסטלער זענען אים נישט געקומען אַלס אומזיסטיקע געשאַנקען — זיי זענען שטענדיק דער אָפּקלאַנג פונעם קינסטלערס קראַפט, ווען אפילו אין פאַרבינדונג מיטן קריטיקערס קראַפט. יעדע שעפערישע קריטיק איז נישט מער ווי דאָס אָפּהילכן פון אַ צוזאַמענשטויס צווישן צוויי אינדיווידועלע כוחות, וואָס האָט געבוירן אַ דריטן כוח. קריטיק וואָס האָט נישט געבראַכט אויף דער וועלט אַזאַ דריטן כוח, האָט גאָרנישט געבראַכט.

— 2 —

קלאָר, אַז אין קריטיק וועגט איבער די קולטור, פּונקט ווי אין קונסט וועגט איבער דער אינסטינקט. אמת, אַז דער קינסטלער קען נישט ווערן גרויס, אויב די קולטור פון דער עפּאָכע איז פרעמד זיין גייסט. ער מוז זי דערקענען ווען אַפילו אויך כדי ער זאָל קענען קעמפן קעגן איר, זי מבטל צו זיין, זי באַנייען. אָבער דער קריטיקער מוז זיין דער וואָס ה ע ר ש ט איבער איר. זיין ראָל איז צו זיין דער פאַרמיטלער צווישן דער קולטור און דער קונסט, — אויפצודעקן דעם נויטווענדיקן ווידערשפּרוך צווישן זיי און אויך מאַכן שלום צווישן זיי. די קונסט איז אין גרעסטן טייל קאָנסערוואַטיוו: אָבער אויך דאַן ווען זי באַשיצט די פאַרגאַנגענהייט, טראָגט זי שוין אין זיך די קערנדלעך פון דער צוקונפט. די קריטיק דאַרף אויפדעקן אָט דעם ריס, — איבערוועגן לויט איר ווילן. זי איז דער רעגולאַטאָר. זי גראָבט דורך דעם קאַנאַל פאַרן שטראָם געדאַנקען פון דער עפּאָכע. די קונסט איז די שפע פונעם כאַאָס; די קריטיק, אַלס אַ מער דיסציפּלינירטער כוח, שטעלט פעסט, אָרדנט איין, באַצייכנט. אָבער זי וועגט איבער מיט איר כוח. דער קינסטלער ווערט מיטגעריסן מיט אַלע ווינטן. די קריטיק טיילט אָפּ, דערגענצט, — קאָנצענטרירט די פונקען אויפן געדאַנק פון דער צייט. גרויסע קריטיקער ווירקן טיילמאָל מיט דער הילף פון דער קונסט מער ווי די קונסט גופא. זיי ברענגען צו דער

אַ נ ט פ ל ע ק ו נ ג  פונעם פאַרבאָרגענעם ווילן וואָס ריזלט אין איר. דער קינסטלער און דער שעפערישער קריטיקער העלפן זיך אַרויס איינס ס׳אַנדערע, דערגאַנצן איינס ס׳אַנדערע. זייער שעפערישער כאַראַקטער איז אַנדערש ביי יעדן פון זיי ביידע, אָבער ביידע טוען זיי איין שליחות. דורך זיי ביידע ווערט אויפגעזאַמלט דאָס פאַרמעגן פון דער אומה: ביידע ברענגען זיי אַרויס דעם פּרצוף פון דער תקופה. און אויב אין אונדזער צייט איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן די ווירקונגס־קראַפט פון דער ליטעראַ־טור, איז אָפּגעשוואַכט געוואָרן דער קשר צווישן איר און דעם פאָלק, איז מעגלעך אַז דאָס קומט נאָר דערפון וואָס מיר האָבן נישט קיין גרויסע שעפערישע קריטיק, אַזאַ וואָס אַנטפּלעקט דעם צעוואָרפענעם ווילן, וואָס ווייסט ווי באַליבט צו מאַכן, צו  פ אַ ר ט י פ ן  און  ב אַ ט אָ נ ע ן  ד ע ם  ו ו י ל ן,  דעם דאָזיקן אַלגעמיינעם געדאַנק, וואָס יעדע ליטע־ראַטור טראָגט אין זיך.

— 3 —

דער קריטיקער אַלס באַזונדערער שעפערישער טיפּ וועט געוויס נאָך אַ סך יאָרן אינטערעסירן די קונסט־פּסיכאָלאָגן. כל זמן ער איז געווען „אַ מענטש פון גראַמאַטיק" אָדער „אַ געזעצגעבער פון שיינקייט", און האָט מער געהערט צום טיפּ פילאָזאָף — האָט ער באַשטימט „געזעצן" און „טעאָריעס", וועלכע יעדער פרייער קינסטלער האָט איגנאָרירט און האָט מיט פאַרגעניגן מבטל געווען, ווען ער האָט נאָר געקענט. אַצינד, ווען מיר דאַרפן מער נישט קיין טעאָריעס און געזעצן אין דער קונסט. זוכן מיר אינעם קריטיקער קודם־כל  ש אַ פ ו נ ג ס ־ ק ר אַ פ ט.  מיר ווילן אַז די קריטיק זאָל אונדז עפּעס  צ ו ג ע ב ן,  זי זאָל עפּעס אַריינברענ־גען. אָן צווייפל אַז שרייבן קריטיק וועגן פּאָעזיע קענען בלויז יענע, וואָס זענען אַליין נאָענט צום שפּע־קוואַל. איכל נישט זאָגן אַז זיי דאַרפן אַליין זיין פּאָעטן; אָבער עכטע באַגייסטערונג פון פּאָעזיע קען נישט זיין אַליין פּאָעזיע. שמעלצן גאָלד קען בלויז דער פלאַם. בלויז ווען עס באַהעפטן זיך די דאָזיקע צוויי עלעמענטן, שאַפן זיי עפּעס אַ  ד ר י ט ן.  אַן אַנ־

דער מין קריטיק שטעלט בלויז אויף אַ מחיצה און כמעט שטענדיק איז גלייכער ווען זי קומט נישט איידער יאָ.

איך זאָג נישט: דער קריטיקער־קינסטלער, נאָר: דער קריטיקער־שעפער. עס איז שוין צייט, מיר זאָלן זיך באַפרייען אויך פון דעם שאַבלאָן: די שאַפונג אַנטפּלעקט זיך נישט נאָר אין דעם וואָס איז אָנגענומען פאַר קונסט. עס זענען פאַראַן היסטאָריקער און ויסנשאַפטסלייט וואָס זענען נישט ווייניקער „שעפער" פון אַ סך קינסטלער. עס זענען אויך פאַראַן קריטיקער — וואָס זענען אויף זייער געביט שעפער און קינסטלער. מיין געדאַנק איז: יעדע קריטיק וואָס שאַפט נישט קיין נייע קולטור־ווערטן איז איבעריק: און יעדע זאַך וואָס איז איבעריק שטערט, ליגט ווי אַ שטרויכל־שטיין. אַזאַ קריטיק ברענגט אַריין דעם אָפּפאַל אין דער קולטער, שוואַכט זי אָפּ. ווי גאָרנישט איז דער שאָדן פון דער שלעכטער פּאָעזיע קעגן דעם שאָדן פון פאַלשער קריטיק. זי דערווייטערט טיילמאָל גאַנצע דורות פון הויכע קולטור־ווערטן. זי איז, לויט אירע השגות נאָענט צום המון און פאַרמערט דאָס אָפּגעטעמפּטקייט און די פאַרווירונג אין דער וועלט פון גייסט.

— 4 —

כמעט יעדער גרויסער קינסטלער איז אויך באַשאָנקען מיט אַ טיפן קריטישן חוש, און ער שאַפט ממילא אויך וויכטיקע קריטישע ווערטן. בלויז די באַהעפטונג פון נאַטור כוחות מיט קולטור באַשאַפט דעם גרויסן קינסטלער. עס איז אַ צווייפלהאַפטע מעלה פאַר אַ קינסטלער, ווען זיין דענקונגס־קראַפט און זיין קריטישער חוש זענען נישט מער ווי מיטלמעסיק. אַזעלכע קינסטלער זענען שטענדיק צו באַגרעניצט, און מיט זייער גאַנצער שלימות, פילן מיר שטענדיק זייער שוואַכקייט ווען מען דאַרף אַרומנעמען, דעראָבערן דעם אייביקן כאַאָס. די ריזן פונעם רענעסאַנס זענען כמעט אַלע געווען אוניווערסאַליסטן. לעסינג, געטע, שילער און הערדער זענען געווען רייך אין קולטור און גרויסע קריטיקער אין אַזאַ מאָס ווי זיי זענען געווען אויסגעצייכנטע קינסטלער. די קריטיק איז די

דערפֿאַרונג־פּרוכט פֿונעם גרויסן שעפֿער, — דער דין וחשבון וואָס ער מאַכט פֿון זיין שאַפֿונג, איז בלויז די ווילדע צווישן אונדז זעען אַ פֿעלער אין אַ קינסטלער ווען ער פֿאַרנעמט זיך אויך מיט קריטיק. די קריטישע אַרבעטן פֿון בערדיטשעווסקין, ביאַליקן און פֿרישמאַנען זענען שאַפֿונגען נישט ווייניקער פֿון אַ סך פֿון זייערע קונסט־ווערק.

אָבער דער קריטיקער מוז נישט דווקא זיין אַ קינסטלער. דער שע־פֿערישער קריטיקער האָט אין זיך אָן ספֿק אויך פֿונעם כוח פֿון אַ קינסט־לער, ווען ער גופֿא איז אפֿילו נישט קיין קינסטלער. אויך ער שאַפֿט מיט אינדוקטיווע און רעדוקטיווע מיטלען אין איינער און דער זעלביקער צייט. דאָך איז אָן צווייפֿל די פּ אַ ר א יי נ י ק ו נ ג אָן אַנדערע. דער קינסטלער איז טיילמאָל ענג און באַגרעניצט. ער קען אפֿשר נישט זען „דאָס גאַנצע“, כדי ער זאָל בעסער זען „די טייל“ — ווען אפֿילו דאָס איז אויך נישט פֿאַר אים קיין איבעריקע מעלה. אָבער דער קריטיקער וואָס איז נישט באַשאָנקען מיט אַ טיפֿן אַרומנעמענדיקן קולטור־געפֿיל, איז נאָר פֿעאיק צו פֿאַרווישן און דעגראַדירן קונסטווערטן. דער קינסטלער און דער קריטיקער זענען צוויי פֿאַרשידענע טיפּן פֿון שעפֿער. דער קינסטלער דאביוועט דאָס גאָלד אין דער ערדס פֿינצטערע געדערים, — ער איז דער אַנטפּלעקער. די קריטיק איז די פֿרייד פֿון אַנטפּלעקונג. אָבער דער צד השווה צווישן זיי ביידע איז וואָס ביידע דאַרפֿן אויפֿכאַפּן אין יעדער דער־שיינונג, דעם עיקר און זי באַפֿרייען פֿונעם טפֿל. אָט דער איז אין אַל־געמיין דער יסוד און ערשטער באַדינג אין יעדער שאַפֿונג — אַ קינסט־לערישער אָדער פֿילאָזאָפֿישער. דער שעפֿערישער קריטיקער פֿאַרמאָגט אין זיך די מדה פֿונעם קינסטלער: אויך ער זוכט שטענדיק צו באַטאָנען דאָס כאַראַקטעריסטישע, צו זען דאָס בלייבנדיקע און פֿאַרשווייגן דאָס צייט־ווייליקע, דאָס דורכסנדיקע. בלויז אַ שעפֿערישער קריטיקער איז פֿעאיק אויפֿצודעקן די פֿערזענלעכקייט פֿון אירע פֿיל גלגולים — פֿעסטשטעלן דעם כאַראַקטער, דעם טיפּ־קינסטלער, אים אָפּטיילן פֿון אַלע וואָס זענען ענלעך צו אים. דאַקעגן, די פֿאַרמאַלע קריטיק, — זינקט אין אַ ים „פֿאַר־גלייכן“ און „גזרות שוות“ און שלעפּט אַראָפּ מיט זיך דאָס פֿאַרמעגן פֿונעם קינסטלער אינאיינעם מיט זיין כאַראַקטער.

— 5 —

איך אנערקען, ווען אמת אפילו נישט מיט קיין איבעריקן חשק, אויך די אויסטייטשערישע קריטיק. איך וועל נישט לייקענען: איך האָב מורא פאַר די פּירושים אין דער קונסט. זיי געבן כמעט שטענדיק די קופּערנע פּרוטות אנשטאָט די גאָלדענע רענדלעך. אין פּאָעזיע איז אין תוך נישטאָ וואָס צו קאָמענטירן. דער קאָמענטאַר שטעקט אין איר גופא. אין דער מאָס וואָס מען קאָמענטירט איר — ליידיקט מען איר אויס, פאַרווישט מען אירע באַזונדערע אייגנשאַפטן: דער קאָמענטאַר גיט אָרעמע סכעמעס אנשטאט דער פּאָעטישער שפע. די דיכטונג איז פאַרשטעלט אויף וויפיל דאָס לעבן גופא איז פארשטעלט. איר אומבאַשטימטקייט איז איר קאָמענטאַר. אָבער אין תוך קומט זי דאָך כמעט שטענדיק צו דערקלערן, אויפצודעקן — צו דערנענטערן דאָס ווייטע, צו פאַרקערפּערן דאָס אַבסטראַקטע. די פּאָעזיע איז די איינציקע פּאָפּולערע ליטעראַטור, ווען אפילו זי זעט אונדז אויס צו זיין פאַרשטעלט. יעדע אנדערע פּאָפּולאַריטעט איז נישט מער ווי אירע אַן אימיטאַציע. אויך די אויסטייטשערישע קריטיק ווערט שעפעריש בלויז דאָרט ווו זי פאַרטיפט מיט אירע קאָמענטאַרן, פאַרשטאַרקט און וועבט ווייטער דעם שאַפונגס-פאָדים — דאָרט ווו זי פאַרשטאַרקט איר אויסדרוקס-קראַפט, דאָרט ווו זי באַנייט איר. בלויז אַזאַ קריטיק הויבט אויך אויף מיט זיך די פּאָעזיע און ווערט אַליין אַ שאַפונגס-ווערט. אַן אַנדערע אויסטייטשערישע קריטיק פאַרקלענערט אין גרעסטן טייל די צורה פון דער פּאָעזיע. זי ציט דורך דעם קעמל דורכן לעכל פונעם קליינעם געדאַנק, דעם באַגרעניצטן. דעריבער איז זי אַזוי געפערלעך. זי איז זייער לייכט. זי באַפרייט פון דענקען. זי פאָדערט ווייניק און גיט נאָך ווייניקער. קריטיק וואָס פאַרטיפט, וואָס באַצווינגט, אַזאַ וואָס שטעלט ברייטע טריט אינאיינעם מיטן קינסטלער, און טיילמאָל אויך פאַרן קינסטלער — וואַרפט אָן אַ אימה אויפן המון, אַזוי ווי די קונסט גופא. אויך זי גיט בלויז דעם וואָס איז פעאיק צו נעמען. אָבער דער פוילער לייענער איז דווקא דאַנקבאַר יענע וואָס זענען נישט קיין סך העכער פון אים

גופא — יענע וואָס פּאַסן אויף בלויז דאָס קלענסטע און נידערן אַראָפּ די קונסט ביז צו זיין השגה. נישט איינמאָל איז אונדז אויסגעקומען צו זען, אַז ריזן פון געדאַנק ווערן פאַרנאַכלעסיקט צוליב זייער גרויסקייט — און זייערע קליינע מפרשים ווערן נתעלה לגדולה. דורך דעם פאַרוי־כערטן גלאָז איז לייכטער צו זען די זון איידער צו קוקן איר גלייך אין פנים אַריין.

— 6 —

דעריבער איז נישטאָ קיין מער פאַרפירערישע זאַך און וואָס מאַכט שטרויכלען אין דערציאונג און אויך אין דער קריטיק (וואָס איר ציל איז כמעט שטענדיק אויך אַ דערציערישער) ווי דאָס איבעריקע אויסטייטשן, באַזונדערס אין פּאָעזיע. מען דאַרף נאָר זיך אומקערן צו זיי און זיי אי־בערלעבן, זיי דערפילן, און נישט אָנהויפּענען פירושים אויף זיי. יעדער מין פון אזא קריטיק פאַראַרעמט די קונסט דורך דעם, וואָס זי וויל אויפּ־דעקן די אַבסטראַקציעס, וואָס דער קינסטלער פאַרבאַרגט כדי אויסצו־דריקן די שפע און רייכקייט פונעם לעבן. יעדע אבסטראקציע איז מטושטש. דער סקעלעט פון יעדער שאַפונג איז איינער און דער זעלביקער. בלויז דער לעבעדיקער אָטעם, די הויט און דאָס פלייש באַשטימען איר כאַראַקטער, אויסטייטשונג אָן אויסדרוקס־קראַפט און אָן אויסדרוק־נייקייט פאַרצאַמט נאָר דעם וועג. זי איז מגלה צוויי שפאַן און פאַרשווענדט דעם אינער־לעכן כוח.

בלויז אַן אויסטייטשונג, וואָס אין איר איז פאַראַן אַ מין ק אָ נ ק ו ר־ ר ע נ ץ מיט דער פּאָעזיע באַשאַפט נייע קולטור־ווערטן. אַזעלכע זע־נען געווען טען, עמערסאָן, קאַרלייל. זיי זענען אַליין געווען מענטשן פון כוח און מענטשן פון ווילן; זיי זענען געווען קינסטלער אויף זייער שטיי־גער. זיי זענען נישט געווען בלויז אויסטייטשער, נאָר אויך א ו י ס־ ב ר יי ט ע ר ע ר. זיי האָבן אַריינגעבראַכט און נישט פאַרשווענדעט. זיי האָבן געוווסט מצמצם צו זיין, צו קאָנצענטרירן דאָס פאַרמעגן פונעם שעפער אין געציילטע קרישטאָלן. זיי האָבן נישט אָפּגעשוואַכט די קול־

טור דורך אַריינגיסן אַ פּליסיקייט אין איר, נאָר האָבן זי געקרעפּטיקט און פאַרפולקאָמט צוגעבנדיק איר פון זייער כוח און זייער ווילן.

די אויסטייטשונג פון דער קונסט איז שטענדיק עפּעס וו יי ג י־ ק ע ר פון דער קונסט; אַ טרעפּ נידעריקער פון איר. און מיר זאָגן ביי יעדער שאַפונג: מיט אַ טרעפּ העכער! אויך פון אויסטייטשונג פאָדערן מיר דאָס זעלביקע. בלויז דורך שטייגן דעראָבערט מען. סתם אויסטייטשן שאַפט ס'רוב די פעלערהאַפטע אויפפאַסונג ,די אומקלאָרע — די האַל־ בע אויפפאַסונג, וואָס איז ערגער פון גאָר קיין אויפפאַסונג. אין יעדער נאַטירלעכער אויפפאסונג פון דער קונסט איז פאַראַן עפּעס אַ גאַנצקייט, עפּעס אַן אָרגאַנישער אמת, יעדער איינער זעט אין איר וואָס ער איז פע־ איק צו זען. די אויסטייטשונג מיט שלעכטע מיטלען פאַרשטעלט זי נאָר. זי איז עס די וואָס שאַפט די פּלאַפּלער וועגן דער קונסט. די כלומרשטע „מבינים", וואָס וועגן זיי האָט פּושקין געזאָגט: „וועסט הערן דעם אור־ טייל פונעם נאַר". יעדע באַרירונג פונעם קינסטלער מיט אַזאַ קריטיק פאַרגיפטעט די פרייד פון זיין שאַפן און פאַרהאַסט זי אויף אים.

— 7 —

דעם שעפערישן קריטיקער, דעם פריינט פון קינסטלער, וועסטו דער־ קענען נישט בלויז אין זיין כוח, אין זיין טאַלאַנט, — אין דעם וואָס ער אַליין איז דער מענטש פון שפע, נאָר אויך אין זיין ותרנות, אין זיין קע־ נען געבן, באַטיילן אַנדערע פון דעם וואָס איז זיינס. דער קריטיקער וואָס איז אָרעם אין מיטלען שלעפּט אַראָפּ דעם קינסטלער צו זיין הויך; דער שעפערישער קריטיקער נישט נאָר וואָס ער הויבט זיך אויף מיט אים, נאָר ער דערהויבט אים מיט זיין אייגענעם כוח. ער גיט שטענדיק צו א יי ג נ ס צום קריטיקירטן — דעם קליינעם און גרויסן גיט ער צו פון זיין עשירות, ער מאַכט אים שטאַרקער דורך פאַרטיפערן זיינע געדאַנקען, דורך באַטאָנען זיינע העלדן, דורך דעם פאַרשטיין אויך דעם מקור פון זיינע שוואַכקייטן. ער דערנענטערט אים צום גייסט פון דער צייט, דורך דעם אַנטפּלעקן אין אים נישט נאָר דאָס וואָס וואָלט געווען געקענט זיין

אין אים לויט די כוחות וואָס זענען איינגעשלאָסן אין זיין שאַפן. ער נעמט ביי אים גאָרנישט צו. פאַרקערט, ער ציטערט איבער אים, באַשיצט אים און רוט נישט ביז ער פאַרזינקט אַליין נישט אין אים, אַבי ער זאָל אים נאָר דערהויבן.

אַזאַ קריטיקער איז נישט בלויז דער דערציער פונעם דור — ער איז זיין שטיצער און וווילטוער; ער קערט אים אום ווערטן, וואָס זענען פאַרלוירן געגאַנגען, ער טרייסלט אָפּ דעם שטויב פון זיינע אַלטע אוצרות. ער איז דער היטער פון דער נאַציעס פאַרמעגן, דער וואָס פרייט זיך אויפצודעקן, אויפצוזאַמלען אַלע אירע פאַרשטויסענע און פאַרוואָרפענע שאַפונגען.

שעפערישע קריטיק איז דאָס דאַנק־געפיל צום קינסטלער, צום זשעני פון דער אומה. זי איז די ליבע וואָס אַנטבלויזט. עס זענען געווען אַזעלכע וואָס האָבן געזאָגט אַז אין קריטיק איז נאָר פאַראַן אַ ווערט צו דעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן פון ליבע, אָדער פון שנאה. איך מיין דאָ נישט די גרויסע שנאה, די שנאה פונעם שעפער צום גולמישן און דעם אָפּגעטעמפּטן אין מענטשן. אויך זי איז שעפעריש נישט ווייניקער פון דער ליבע. אָבער די ליבע אַנטפּלעקט שטענדיק דאָס וואָס א י ז ד אָ, און די שנאה — דאָס וואָס א י ז נ י ש ט אָ. קלאָר אַז אין קונסט אינטערעסירט אונדז דער „נישטאָ" אינגאַנצן נישט; און אַ קריטיקער וואָס לאָזט אונדז הערן דאָס וואָס ס׳נישטאָ אין קינסטלער, זאָגט אונדז גאָרנישט. דער שעפערישער קריטיקער גייט נישט צו צו באַשולדיקן אָדער מלמד זכות זיין, ווי עס טוען געשמאַקלאָזע, נאָר צו דערגרונטעווען דעם כאַראַקטער פון שעפער — און דאַן וועט אַלץ פאַרענטפערט ווערן און עס וועלן אויך פאַרשטאַנען ווערן די „פעלערן". אָבער דאָס קענען פעסטשטעלן דעם כאַראַקטער פון אַ קינסטלער דאָס אַליין איז שוין קונסט, און ס׳רוב קריטיקער ווילן די לייכטע אַרבעט — צו מאַכן אַ גאָרנישט פון אַ „יש".

— 8 —

די שעפערישע קריטיק איז אַלזאָ אַ ד אַ נ ק ־ א ו י ס ד ר ו ק. אומזיסט וועט איר דאָס זוכן אין דער קריטיק וואָס פּלפּולט זיך. די לעצ־טע האָט נישט פאַרוואָס צו דאַנקען. זי לעבט דאָך נישט פון דער קונסט — זי האָט נישט קיין הנאה. פאַרקערט, זי געפינט איר באַפרידיקונג דווקא אין דעם, וואָס דעקט אויף עפּעס אַ פעלער. דערמיט ווייזט זי איר „סופעריאָריטעט“, אַזוי צו זאָגן, איבערן קינסטלער. איר איז פרעמד די פרייד פון זיך איבערגעבן, די הנאה פון זיין אונטערטעניק דעם כוח פון שעפער. זי טראַכט שטענדיק נאָר פון זיך.

דער שעפערישער קריטיקער האָט אַ פּאָזיטיווע באַציאונג צו יעדע עכטע, קינסטלערישע דערשיינונג. און ס׳איז בלויז אַ בטלנישער באַגריף די טענה וואָס מען האָט צו אים אַז ער שעצט קינסטלערישע כוחות, וואָס זענען פאַרשידן איינס פונעם אַנדערן. אַזאַ קריטיק פרייט זיך אויף יעדן כוח, וואָס האָט אַ גאַנצן כאַראַקטער — אַלצאיינס, צי איז ער נאָענט אָדער ווייט. פאַר איר איז דער עיקר די אינדיווידועלע אַנטפּלעקונג, אַלץ וואָס קומט צום אויסדרוק. דער נאָענטער איז איר ליב, אָבער עס טרעפט אַז דווקא דער ווייטער רייצט איר מיט זיינע פרעמדע צויבערן. מ׳קען ליב האָבן מאַפּו, דעם גאַנצן עפּישן קינסטלער, און צו דער זעלבער צייט נאָך מער ווערן געפאַנגען פון גאָרדאָנס גרויזאַמער און קרעפטיקער האַנט. אָט די איז די מדה פון אַ קינסטלער — מיטגעריסן צו ווערן מיט די כאַראַק־טעריסטישע דערשיינונגען. דאָ ציען נישט צו דער אינהאַלט און נישט די פאַרב, נאָר דער גרויסער אויסדרוק, דער פענאָמען, די טיפּישע דער־שיינונג. ווער עס איז נענטער און ווער עס וועט אונדז טרייסטן ווען מיר ליידן פון שלאָפלאָזיקייט — דאָס איז אַ פראַגע, וואָס אינטערעסירט לחלוטין נישט. אַלס אַ תרופה צו שלאָפלאָזיקייט איז מעגלעך בעסער צו לייענען שערלאָק־האָלמעס איידער שעקספּירן. די גרויס־קונסט פאָדערט דעם וואַכן גייסט. און מענדעלע און פרץ, מיט אַלע זייערע ווידערשפּרוכן, געבן ביידע דעם, וואָס קען נעמען און וואָס וויל נעמען. און ווער איז נענ־

טער, דאָס וועט נישט אונטערשיידן קיינער אויסער אַ קריטיקער וואָס איז געקומען פון דרויסן און איז געבליבן פון דרויסן.

— 9 —

איך ווייס נישט וואָס קען באַוועגן דעם קריטיקער צו שרייבן, אויב נישט דאָס דאָזיקע געפיל פון דאַנקבאַרקייט, די דאָזיקע שאַפונגס־פרייד, וואָס יעדע קונסט ברענגט מיט זיך. איך בין מודה אַז כמעט אַלץ, וואָס איך האָב אויף מיין לעבן אויף דעם געביט אָנגעשריבן איז בלויז געווען אַ דאַנק־אויסדרוק, אַ האַרציקע ברכה דעם שעפער. איך שטעל מיר נישט פאָר איך זאָל זיך מיט עמיצן קענען פאַרנעמען אויב איך האָב נישט קיין אינערלעכע באַציאונג צו אים — אויב איך בין אים נישט שולדיק עפּעס. אָט דער איז דער קוואַל פון דער שולד. אויב אַ דיכטער האָט מיר פאַרשאַפט עטלעכע מאָמענטן פון גליק און באַגייסטערונג, אויב ער האָט אין מיר אויפגעוועקט ליבע צו קונסט און אַ דראַנג צו שאַפן, איז מעגלעך איך זאָל פאַרמאַכן די אויגן אויף זיינע גאַנצע זאַכן און זאָל זיך גריבלען אין אַלטן ברוכוואַרג צווישן זיינע אוצרות, כדי אַרויסצושטעלן דווקא דעם טפל, דאָס צופעליקע — דעם פּסולת, וואָס מוז זיך געפינען כמעט אין יעדער שאַפונג? אויב אַ קריטיקער טוט אַזוי, איז עס אַ סימן מובחק אַז ער האָט קיין באַציאונג נישט צום שרייבער, אַז ער האָט קיינ־מאָל אים נישט איבערגעלעבט — אַז ער טוט בלויז אַ ליטעראַרישע מלאכה. איך וויל נישט זאָגן אַז די דאָזיקע זענען דווקא ענגהאַרציקע און נישט פאַרגינער; וואָס כ׳וויל זאָגן איז אַז זיי האָבן איינפאַך קיין כוח נישט אויפצוהייבן, צו שטעמפּלען כאַראַקטער־מטבעות. צו באַיאָען — הייסט כלל נישט צו זינגען תהלות ותשבחות. צו באַציען זיך פּאָזיטיוו הייסט צו קענען שילדערן, דעפינירן דעם טיפּ. זיך באַציען פּאָ־זיטיוו — איז אַ פליכט צו זאָגן עפּעס וועגן שרייבער און נישט אים אָפּ־פּטרן מיט אייניקע ביליקע באַמערקונגען, אָדער זיך אָנכאַפּן אין אייניקע דרוק־פעלערן כדי דער קריטיקער זאָל קענען אַרויסווייזן זיין חריפות. די חריפות וועט קומען צום אויסדרוק אויב ער וועט זיך קענען פונאַנדער־

קלייבן אין דעם צעוואָרפענעם פאַרמעגן פונעם קינסטלער; אויב ער וועט לייגן אַ ציגל צו אַ ציגל און אויפשטעלן אַ בנין; אויב ער וועט קענען אין מיטן פון די פיל געשטאַלטן און גלגולים פון זיין שאַפונג אַנטפּלעקן דעם  א יי נ ע ם.  דעם שטענדיקן, אָבער דערצו, ווי כ׳האָב שוין געזאָגט, פאָדערט זיך כוח, פאָדערט זיך ליבע — און זיי פעלט אין גרעסטן טייל ביידע זאַכן.

דאָס טעמפּקייט אין דעם אַלעם איז באַזונדערס זייער טענה, אַז דאָס באַיאָען מצד דעם פריינטלעכן קריטיקער קומט פון „ווייכהאַרציקייט“ אָדער פון „כאַראַקטערלאָזיקייט“; און דאָס וואָס זיי באַרויבן דעם קינסטלער דורך זייער נישט פאַרשטייען אים און דעם פעלן פון באַציאונג, דאָס וואָס זיי שטעלן אים אַרויס ווי אַ ליידיקע כלי, ווייל זיי קענען נישט באַנעמען זיינע כאַראַקטער־שטריכן, אויפהייבן אים מיט איין פעסטן שווונג — אָט דאָס הייסט ביי זיי „מוט“. יעדעס מאָל, וואָס איך טראַכט וועגן קריטיקער פון דעם מין, דערמאָן איך זיך אינעם באַקאַנטן וויץ וועגן יענעם יידן, וואָס איז געפאָרן מיט אַ פאַלשן פּאַס, און ווען דער פּאָליציאַנט האָט אים געפרעגט ווי ער הייסט, איז ער געוואָרן צעטומלט און האָט אויסגעשטאַמלט: יענער און יענער — בין איך אוודאי נישט...

אויך זיי קענען נאָר זאָגן אויף זיכער וואָס דער קינסטלער איז נישט...

— 10 —

דער שעפערישער קריטיקער גיט צו צום קינסטלער פאַרמעגן אויך זיין אייגן פאַרמעגן, פונקט ווי דער קעגנערישער קריטיקער גיט אים צו זיין דלות. אויף וויפיל דער ערשטער איז מוסיף, אויף אַזוי פיל נעמט דער צווייטער אַראָפּ. אָבער דאָ קען מען פרעגן, צי איז דער דאָזיקער  צ ו ג אָ ב  ווינטשנסווערט פאַרן קינסטלער, צי מאַכט ער נישט אַ פּגימה אין זיין געשטאַלט.

מיר שיינט, אַז שעפערישע קריטיק מיינט די פאַראייניקונג  פונעם קריטיקער מיטן קריטיקירטן. עס איז אוממעגלעך צו רעדן וועגן קונסט

עס זאָל זיך נישט דערהערן די שטים פון דעם, וואָס רעדט און נישט דער־זען די פאַרב פון דעם, וואָס רעדט. אויב דער קריטיקער איז אַ פּערזענלעכ־קייט, וועט מען בהכרח דאָס פילן אין אַלץ. איך ווייס נישט צי ס׳איז אַ מעלה אָדער אַ חסרון; בלויז דאָס ווייס איך, אַז אַנדערש קען נישט גע־מאָלט זיין אַזאַ קריטיק. אויף אַלץ וואָס אַ מענטש לעבט איבער, מוז ער אומבאַדינגט איבערלאָזן זיין שטעמפּל. אויב איך רעד וועגן אַ קינסטלער, רעד איך שוין וועגן מיר. אַבסאָלוטע אָביעקטיוויטעט וועט דערשטיקן דעם גייסט פון דעם, וואָס רעדט, און דאַן וועלן פעלן ביידע — דער קינסטלער ווי דער קריטיקער.

אָבער ס׳איז אַ טעות צו מיינען, אַז דער קינסטלער פאַרלירט דורך דער באַהעפטונג פונעם קריטיקערס פּערזענלעכקייט. דעם קינסטלער אין זיין לויטערקייט קענען מיר משיג זיין נאָר דורך זיין קונסט אַליין — ווען עס איז קיין אַנדער מענטש נישטאָ ביי אים. אין דער קריטיק זוכן מיר ביידע — דעם קינסטלער און דעם קריטיקער. אין די העלדן פון עמערסאָנען, קאַרליילען און רענאַנען זעען מיר עמערסאָנען, קאַרליילען און רענאַנען. נישט ווייניקער ווי מיר זעען די קינסטלער וועגן וועלכע עס ווערט גערעדט. אָבער דעם כ ו ח פון די דאָזיקע קינסטלער, דעם עצם פון זייער ווירקונג, פילן מיר דווקא אין דער דאָזיקער שעפערישער קריטיק. מיר זעען ווי אַזוי דער דאָזיקער כוח ו ו י ר ק ט אויף דער אַנדערער פּערזענלעכקייט, ווי אזוי ער באַפרוכפּערט זי, וועקט אין איר אויף נייע עמאָציעס. מיר דערקענען די שפע דורך דער ווירקונג, די גבורה דורך דער מאַכט, וואָס זיי איבן אויס אויף אונדז. די אייגנשאַפט פון דער דאָזיקער ווירקונג ווערט דווקא דערקענט, ווען זי גייט דורך דעם קאַנאַל פון דער שעפערישער קריטיק. די ברכה פונעם קוואַל פילן מיר, ווען ער גייט דורך און טרינקט אָן פרוכטבאַרע ערד, און נישט ווען ער ווערט איינגעזונקען צווישן די זאַמדן פון דער וויסטע...

— 11 —

פון דעם געזאָגטן ביז איצט קען מען ציִען אַ נישט ריכטיקן שלוס. אַז דער שרייבער האָט בדעה צו דערווייזן אַז ס׳איז קיין אָרט נישטאָ פאַר נעגאַטיווער קריטיק. יעדער, וואָס טראַכט אַזוי, באַגייט אַ טעות. אַלץ וואָס ס׳איז דאָ געזאָגט געוואָרן איז מכוון בלויז קעגן דער אָרימקייט פונעם געדאַנק און דער שוואַכער תפיסה פון דער גרעסטער טייל פון אונדזער קריטיק. די קאַלטקייט אין דער אַלגעמיינער אָפּשאַצונג, דער קאָנווענציאָנעלער ליגן הערשט אין יעדן ווינקעלע. עס זענען פאַראַן צוויי אָדער דריי צו וועלכע מען באַציט זיך אַמווייניקסטנס מיט רעספּעקט — אָבער נישט מער. אין דער באַציאונג צו אַנדערע איז דאָס אויך נישטאָ. די קריטיקער, חוץ געציילטע אויסנאַמען, האַלטן אפילו נישט פאַר זייער חוב צו קענען די שרייבער וואָס זיי קריטיקירן. קיינער פילט נישט זייער פּראָגרעס, זייער שטרויכלען, זייער באַנייען זיך. עס הערשט אַבסאָלוטע פוילקייט צו ארבעטן. נאָר זייער זעלטן דערקענען מיר לויט דער קריטיק, אַז דער קריטיקער איז, ווייניקסטנס, בקי אין די ווערק פונעם שרייבער, וועגן וועלכן ער רעדט. אויך די טרחה איז איבעריק, דאָרט ווו קיינער זעט נישט, איז נישטאָ קיין אחריות־געפיל, און דער קריטיקער קען אַרויסטראָגן אַן אורטייל ווי עס ווילט זיך אים. עס איז נישט מיין זאַך אַצינד, אָבער איך וואָלט געקענט ווייזן הונדערטער קוריאָזן אויף דעם דאָזיקן פאַרוואָרלאָזטן ליטעראַרישן געביט, אויף וועלכן קיינער האָט זיך ביז איצט נישט אומגעקוקט. די זעלבסט־זיכערקייט פון יעדן עם־הארץ מאַכט געשמאַקלאָזע אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן ניט קיין יסוד, נישט וויכטיק צו גוטן אָדער צו שלעכטן — און קיינער קוקט זיך נישט אום אויף דעם אומרעכט און דעם בולטן שקר. די גרעסטע טייל לייענער, און צום באַדויערן אויך די שרייבער, שענקען נאָך אויפמערקזאַמקייט די אַלע פּלאַפּלערייען נאָר צוליב דעם אינטערעס, צי האָט דער קריטיקער געלויבט, אָדער געטאַדלט דעם שרייבער, צי האָט ער געזאָגט „יאָ“ אָדער „ניין“, גלייך דאָס גיט עפּעס צו — אָדער עס נעמט עפּעס אַראָפּ.

די כונה איז געווען צו באַטאָנען דעם געדאַנק, אַז אין דער קריטיק

ווילן מיר בלויז פילן דעם קינסטלער דורך דעם קריטיקערס פאַרמיטלונג, און אַז אַזאַ קריטיק ווערט בלויז באַשאַפן דורך דעם מענטשן פון גייסט. דער יושר איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, און רעספּעקט איז אויך אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, ווען מיר האָבן צו טאָן מיט אַן עכטן מענטשן פון גייסט. די קריטיק איז נישט קיין אורטייל, נאָר אַ מיט־שאַפונג. ווער עס לעבט מיט עפּעס אַ שאַפונג, וועט אונדז גוט שילדערן, ווי אַזוי זי האָט געווירקט אויף אים, וואָס זי האָט אים געגעבן, וואָס האָט זי געוועקט אין אים. אויב ער לעבט נישט מיט איר, זאָל ער שווייגן. אונדז אינטערעסירט כלל נישט צו הערן זיין פּסק. אויב ער האָט קיין כוח נישט צו רעדן וועגן קונסט (און אָן כוח קען מען דאָס נישט), זאָל ער רעדן מיט זיין חבר ביי אַ גלאָז טיי, און אים זאָגן וואָס ער וויל. די כאַפּנדיקע און אויבערפלעכלעכע רעצענזיע — איז די חרפּה פון דער מאָדערנער קולטור. ווער עס ווייסט נישט ווי אַזוי די דאָזיקע מלאכה ווערט געמאַכט, קען זיך נישט פאָרשטעלן צו וואָס פאַר אַ ציניזם דער דאָזיקער קריטיק־געביט האָט דערגרייכט. ביי אונדז שרייבט מען כמעט נישט קיין רעצענזיעס. דערפאַר זענען די גרעסטע טייל קריטישע אַר־בעטן נישט מער ווי כאַפּנדיקע רעצענזיעס. קיין וווּנדער נישט, וואָס זיי האָבן אַראָפּגעוואָרפן די ווערט פון דער קריטיק אויף אַזאַ מדרגה, אַז זי איז כמעט געוואָרן אַ זידל־וואָרט. די שרייבער געבן איר נישט צו קיין ווערט, און זי איז געוואָרן פאַרהאַסט אויך פאַר די וואָס האָבן איר אָפּגע־טיילט פון זייער כוח און טאַלאַנט.

— 12 —

אָבער קעגן דער עכטער נעגאַטיווער קריטיק האָבן מיר קיינמאָל נישט געקעמפט, באַזונדערס, ווען זי קומט אין נאָמען פון נייע קונסט־ווערטן, אין נאָמען פון אַ נייעם ווילן. אַזאַ קריטיק איז אַ ברכה. און ווען אַפילו זי שלעפּט מיט אין דעם אומברענגענדיקן שטורעם, וואָס קומט מיט איר אויך די פּולקאָמע קינסטלער. זי מעג. אויך זי שאַפט, זי באַרייכערט אונדז. זי איז מבטל צוליב אַ נייער באַיאַאונג; זי באַנייט די קולטור; זי

טראָגט זיך דורך ווי אַ שטורעם־ווינט און טרייסלט אָפּ דעם שטויב פון אַלטקייט. זי וועקט נישט אויף קיין קעגנערשאַפט, אויך ווען זי טוט ווי. זי רוימט אָפּ דעם וועג פאַר נייע קונסט־ווערטן. דאָס פייער מאַכט נישט קיין אונטערשייד: עס פאַרברענט אַלץ. אָבער דערלאַנגט אונדז פייער, — נישט קיין רויכערנדיקע האַלאָוועשקעס!

אַזאַ קריטיק איז נישט נאָר מותר: זי איז נויטיק. די קריטיק פון דעם קינסטלער קומט כמעט שטענדיק אויפצוהאַלטן, צו דערמוטיקן. דער קינסטלער גופא איז בטבע זייער קאָנסערוואַטיוו. אַלץ, וואָס איז אַריין אין זיין שאַפונג־קרייז, ווערט ממילא מער וויפיל עס איז אין דער ווירקלעכקייט. דאָס איז דער צוגאָב פון קינסטלער, וואָס האָט אים גע־שטאַרקט און באַפעסטיקט מיט זיין כוח. די וועלט ווערט אויסגעלייזט דורך זיין נייעם אויסדרוק. דער קינסטלער שעצט אַלץ, וואָס איז גאַנץ לויט זיין כאַראַקטער — צי ס'איז גוט אָדער שלעכט. יעדע קונסט באַ־רעכטיקט; דעריבער איז איר ווירקונג קאָנסערוואַטיוו. זי וואַרפט אַ נייע שיין אויף אַ וועלט, וואָס איר צייט איז שוין אַריבער; און וואָס ס'האָט אויפגעהערט צו לעבן, הייבט אָן לעבן מער אינטענסיוו אין דער קונסט. אָט די איז די געפאַר פון דער קונסט. זי טוליעט זיך צום אַלטן, צו דעם וואָס עקזיסטירט. זי איז לויט דעם עצם פון איר נאַטור נ י ש ט ־ ר ע ־ וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר. זי האָט ליב די צורות, וואָס זענען געקומען צו אַ פולשטענדיקן אויסדרוק, און ווען אפילו עס איז געקומען זייער צייט זיי זאָלן אַוועק פון דער וועלט. זי גייט חרוב מאַכן און אין דער אמתן, האַלט זי גאָר אויף. (מענדעלע, פרץ, ביאַליק, בערדיטשעווסקי). דער קינסטלער מאַכט נישט חרוב, זיין מיסיע איז צו באַנייען. דורך דעם פאַקט אַליין, וואָס ער שילדערט די דאָזיקע וועלט, דאַרף מען שוין זיך באַציען צו אים פּאָזיטיוו.

קומט דער קריטיקער און ער איז פּטור פונעם יאָך פונעם עבר און פון דער לאַסט פונעם עבר און ברענגט מיט זיך דעם דורשט צו אַ נייער עקזיסטענץ. ער קען מבטל זיין, אויסרייסן; ער לעבט נאָר מיט זיין נייעם געדאַנק. דער איז אין תוך דער אמתער קריטיקער — וועמענס געדאַנק איז ל ו י ט ע ר, ווער עס איז אָפּהענגיק בלויז פון אידעען. עפּעס איז

פאַראַן אין אים פונעם נזיר. דערמיט אונטערשיידט ער זיך פונעם קינסט־לער, וואָס איז מער אָפּהענגיק פון די געשטאַלטן, וואָס גלייבט מער אין זאַכן ווי זיי זענען. דער קריטיקער איז דער ווידערשפּעניקער. ער האָסט יעדע פאַרפרוירנקייט, יעדע פאַרשטיינערטקייט — ער איז דער, וואָס דערפילט דער ערשטער די איינגעשרומפּנקייט וואָס דערנענטערט זיך. ער איז דער פּיאָנער פון דער קולטור, וואָס האַלט אין ווערן. און ווייל ער איז אַ פרייער, האָט ער נישט קיין מיטלייד אויף דעם, וואָס איז פאַרמשפּט אויף אונטערגאַנג. ער טראָגט אין זיך דעם נייעם געדאַנק, וואָס פאַר־ברענט ווי פייער די דערהרגעטע דורך דער שווערד. גוט איז וואָס ער איז נישט קיין קינסטלער; גוט איז וואָס ער איז בלויז אַ פאַרניינער. ער משפּט נישט בלויז אַנדערע; ער משפּט אויך זיך אַליין. ער איז אויך מוותר, ווי יעדער שעפער. ער איז מוותר אויף דער קולטור, פון וועלכער ער ציט יניקה. ער לעבט אין דער הערשאַפט פון גייסט. ער זאָגט אָן דאָס אָנקומען פון דער נייער קולטור, וואָס ווען זי וועט קומען וועט זי מעגלעך אויך אים פאַרצערן. די „נייעסטע" קולטור ווערט דאָך שטענדיק געבויט אויפן יסוד פון דער אַלטער, און זי נעמט שפּעטער נקמה פון די פאַר־ניינער, אַ גרויזאַמע נקמה. אָבער דאָך ווערט ער פאַררעכנט צווישן אירע בויער.

דער דאָזיקער קריטיקער פאַרניינער, וועלכן מיר וועלן באַגעגענען מיט אַ ברכה — דער, וואָס ווערט פאַרברענט אין זיין פייער, דער וואָס קען נישט אַנטלויפן פון די קולות פון מאָרגן, וואָס רופן אים און דער־שיטערן אים אָן אויפהער. ער איז דער געפייניקטער, יעדער פאַרניינער איז אַ געפייניקטער. ער איז דער היפּך פונעם קינסטלער, וואָס טראָגט אין זיך רו און גליק. ער בלייבט „קרח" פון אַלע זייטן. זיין הונגעריקער, פינצטערער בליק, דרינגט נאָר אַריין אין ווייטן זונאויפגאַנג.

אַזאַ קריטיק ווערט נישט באַשאַפן דורך פאַרביטערטע נפשות, וואָס שטופּן זיך מיט קולי קולות צו פאַרכאַפּן אַ ווינקעלע, און אויך נישט דורך די נעבעכדיקע, וואָס געפינען אַ באַפרידיקונג אין דעם, וואָס זיי אַנטדעקן פעלערן אויך אין אַנדערע. זי ווערט באַשאַפן דורך קרעפטיקע, דורך מענטשן פון טאַלאַנט און ווילן. זייער אמת איז זייער פאָכענדע שווערד.

זיי מעגן זינדיקן אפילו קעגן גלענצנדע קינסטלער. זייער ווייטיק באַרעכ־טיקט זיי. אַזעלכע זענען ביי אונדז געווען ברענער, בערדיטשעווסקי; טײַלמאַל — אויך פרישמאַן*) עס זענען פאַראַן נאָך ווייניקע, זייער ווייניקע. אין דער רוסישער ליטעראַטור איז פיסאַרעוו געווען פון דער משפחה. אויך לעסינג קען מעגלעך צוגערעכנט ווערן. זיי האָבן געצונדן און האָבן געלויכטן: זיי האָבן נישט געטשאַדעט. זיי האָבן צעוואָרפן כדי צו בויען; און זיי האָבן באמת אויך געהאַט כוח נישט בלויז צו צעוואַרפן, נאָר אויך צו בויען.

פון די ביידע ווערט געבויט די שעפערישע קריטיק — פון די דאָ־זיקע באַיאָער און די דאָזיקע ניין־זאָגער. זי ווערט געשאַפן דורך שעפע־רישע מענטשן און ניט פון פען־מענטשן; דורך מענטשן פון ווילן און ניט מומים־זוכער. זייער אויסגעשפראָכענער סימן: טאַלאַנט — טאַלאַנט און פעאיקייטן. יעדע אַנדערע קריטיק איז נישט מער ווי ליטעראַטור פון אַ נידעריקן און אַ סך ערגערן מין.

*) ס'איז וואַרשיינלעך אַז דער מחבר רעדט נאָר וועגן דער העברעאישער ליטע־ראַטור־קריטיק, נישט אויך וועגן דער יידישער.

די רעדאַקציע.

# יידישע דערציאונג

דאָס, וואָס טאָלסטאָי איז געווען אַזאַ קעגנער פון דער הייג־טיקער אייראָפּעאישער שול און איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַ געוועג־לעכער פויער־יונג וואָס האָט קיינמאָל קיין שולע נישט באַזוכט, ווייסט פיל מער, און דאָס וואָס ער ווייסט איז פיל נייטיקער, פיל פּרוכטבאַ־רער פון דעם, וואָס עס ווייסט אַ שילער פון אַ מאָדערנער שול, ווייל דאָס וואָס דאָס דאָרפס־קינד קען, איז גרינטלעכער, זיכערער, אָרגאַנישער ווי די איבערפלעכלעכע קענטעניש, מ׳שטייגס געזאָגט, פון דעם שטאָט־קינד, וועלכן מ׳האָט קינצלעך אָנגעשטאָפּט מיט אַלע „שבע חכמות״ צו וועלכע ער האָט מערסטנטייל קיין שום אינטערעס נישט געהאַט און צו וועלכע ער בלייבט אָן אינטערעס — און וועלכע ער באַזיצט טאַקע נישט, ווייל אַ מענטש באַזיצט נאָר דאָס, מיט וועלכן ער איז גייסטיק און פּראַק־טיש געבונדן — אָט דער דאָזיקער געדאַנק, וואָס זעט אונדז אויס צו זיין אַביסל פּאַראַדאָקסאַליש, נאָר וואָס איז אייגנטלעך טיף באַגרינדעט פאַר דעם, וואָס האָט אויפגעפאַסט די גאַנצע אַבסורדישקייט פון דער מאָדער־נער שול, ווייזט אויף וויפיל טאָלסטאָי איז נישט נאָר אין זיין מאָראַלי־שער לערע, נאָר אויך אין זיין אָריגינעלער דערציאונגס־קאָנצעפּציע, גע־ווען נאָענט צום יידישן גייסט און דורכגעדרונגען מיט זיינע וויכטיקסטע פּרינציפּן.

דאָס יידנטום האָט, אין קעגנזאַץ צו דער גריכישער וועלט, וואָס האָט אייגנטלעך די ערשטע כמעט קולטיווירט בילדונג אַלס אַ גייסטיקן ספּאָרט, זיך שטענדיק פּיינטלעך באַצויגן צו יעדער מין באַלאַסט פון תורה, וועלכע האָט נישט קיין פּראַקטישע, אָדער עטישע פאַרווענדונג. דאָס יידנטום, וואָס אַנטפּלעקט זיך פאַר אונדז פון אייביק אָן נאַאיוו און רייף צוזאַמען, האָט נישט סובל געווען דעם גאַנצן פלאַנטער פון דער

גריבלישער פילאָזאָפיע. זי האָט נישט ליב געהאַט צוצוגיין צו גאָט מיט הינטערוועגן און מיט איבער־הסברות; זי האָט געשטרעבט אויפצופאַסן זיין וועזן — און דאָס איז געווען ביי איר אויך וועלט־וועזן — נישט מיטן מוח, ווייל זי האָט געפילט, אַז דאָס וועט נישט געלינגען; נאָר מיטן האַרץ, מיט דער ליבע, מיט דעם אינערלעכן ברען, וואָס נאָר ער אַנט־דעקט אונדז די טיפסטע געהיימנישן פון דער וועלט. דעריבער זענען אי־רע וועגן, אירע דערציאונגס־מיטלען געווען די קלאָרסטע, די קורצסטע, די איינפאַכסטע. איר לעבנס־לערע האָט זי מערסטנטייל אויסגעדריקט אין די קורצסטע אַפאָריזמען, וואָס זענען מיט זייער פשטות, מיט דעם וואַרעמען לעבנס־אָטעם וואָס זיי גיבן אַרויס, געבליבן אייביק און האָבן מיט דער צייט אָפּגענומען די וועלט, בעת די טיפזיניקע גריכישע פילאָזאָפיע איז אין בעסטן פאַל געבליבן דער קנין נאָר פון יחידים.

דאָס יידנטום האָט נישט פאַרטראָגן דעם וויסנשאַפט־ספּאָרט, הגם זי אַליין האָט טייער געהאַלטן „תורה לשמה", נישט ווייל ס'איז נאָך געווען צו פּרימיטיוו און ווייניק קולטורעל, נאָר ווייל דאָס יידנטום האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז יעדע וויסנשאַפט, וואָס איז נישט אַרויסגע־רופן געוואָרן דורך די נויטווענדיקסטע מענטשלעכע באַדערפענישן, איז אין גרונד גענומען נ י ש ט ־ מ אָ ר אַ ל י ש. דאָס יידנטום, וואָס האָט טיף מיטגעפילט דעם צער־האדם, וואָס האָט שטענדיק געשטרעבט צו פאַרגרינגערן, קומען צו הילף דעם פאַרלוירענעם מענטשן, האָט מיט עקל געקוקט אויף די אַלע גייסטיקע שפּילערייען, וואָס האָבן נישט קיין דירעקטע שייכות צום ע י ק ר, צו דער מענטשלעכער טראַגעדיע. דעם יידנטום איז געווען טיף־דערווידער יעדער מין אומזיסטיקע פאַר־שווענדונג פון כוחות — הן פיזישע, הן גייסטיקע; זי האָט פיינט געהאַט יעדן מין ספּאָרט. זי איז געווען אַ פאַרביטערטע קעגנערין פון דער גריכי־שער גימנאַסטיק, ווייל דאָס האָט נישט דערצויגן דעם מענטשן צו ערנסטער הומאַנישער האַנדלונג, צוגעוויינענדיק אים צו פאַרווענדן די טייערע מענטשלעכע קרעפטן נישט אויף די צרכי־האדם, נישט אויף צו פאַרגרינגערן עמיצן, נאָר סתם פון פאַרגעניגן וועגן. נאָר אפשר נאָך מער איז איר געווען פרעמד די פאַרווענדונג פון גייסטיקע קרעפטן אויף דעם,

וואָס האָט איר געשיינט צו זיין נישט וויכטיק, נישט לעבנסנייטיק — נישט ערנסט. די אַלע טיפזיניקע קלאַסישע קאָנצעפּציעס וועגן דער וועלט, דעם קאָסמאָס, דעם חומר היולי און א. וו. און א. וו. וואָס גיבן נישט קיין ענטפער אויף דעם וויכטיקן, וואָס פייניקט דעם מענטשן ,האָבן ביי איר אויסגעזען ווי אַן אומזיסטיקער און דורך דעם אויך שעדלעכער צייט פאַרטרייב, פאַר מח־גימנאַסטיק, וואָס דריקט מיט זיך אויס שפּאָט און גלייכגילטיקייט צו די מענטשלעכע ליידן.

דעריבער איז דאָס יידנטום קיינמאָל נישט געקומען צו אַזאַ גייס־טיקער ירידה, ווי די, וואָס די גריכן האָבן דערגרייכט מיט זייערע סאָ־פיסטן. דער סאָפיזם איז אייגנטלעך געווען דער דירעקטער פועל יוצא פון דעם אַנטימאָראַלישן גייסט, וועלכער האָט באַהערשט זייער גאַנצע פילאָזאָפיע און וויסנשאַפט ביז סאָקראַטן, דער סאָפיזם האָט נאָר דערפירט ביזן אבסורד דאָס, מיט וועלכן ער איז שוין געווען אין זיין מהות דורכגעדרונגען.

אויך דאָס יידנטום האָט מיט דער צייט פאַרלוירן די געזונטע, טיף־עטישע באַציאונג צום לערנען. שוין אין די צייטן פון תלמוד, באַזונדערס אין די שפּעטערע עפּאָכן, האָט דער פלפול פאַרטונקלט די קלאָרע, קריש־טאָל־לויטערע מענטשלעכקייט, מיט וועלכער איר גייסטיקע קולטור איז באַלויכטן. נאָר די עכטע יידישע דערציאונג איז שטענדיק געווען אַ קאָנ־צענטרירטע. זי האָט, אַזוי אָדער אַנדערש, געשטרעבט צו אַן עיקר. זי האָט קיינמאָל נישט דערלאָזט פאַרשווענדן קיין כחות אומזיסט. זי איז דערי־בער אין איר טיפסטן וועזן געבליבן די גרעסטע קעגנערין פון דער הײַנ־טיקער שול, וואָס נעמט כלומרשט אַרום אַלעס, נאָר וואָס גיט אייגנטלעך גאָרנישט גאַנצעס, אָרגאַנישעס — דאָס, וואָס ס׳זאָל זיין כדאי צו טראָגן מיט זיך, היטן און טייער צו האַלטן, ווי אַזוינס, אויף וועלכן מען קען זיך שטיצן אין בייזע שעהן.

די נייע אייראָפּעאישע שול, וואָס האָט אייגנטלעך געוואלט באַ־גליקן דעם מענטשן, נישט באַגרענעצן אים, חלילה, מיט קיין זאַך, וואָס קען אַנטוויקלען זיין גייסט און ברייטער און טיפער און שענער מאַכן זיין וועלט־אויפפאַסונג, איז באַגאַנגען דעם גרעסטן פעלער מיט דעם וואָס

זי האָט געגלייבט, אַז דאָס אַלעס קען מען מ ע כ אַ נ י ש איבערגעבן, אַז ס׳איז נאָר גענוג די אַלע שיינע זאַכן צוצולייגן אויף פּראָגראַם־טע־לערלעך, כדי דאָס קינד זאָל געבן אַ לעק פון יעדן געריכט און זאט ווערן. זי האָט נישט גענומען אין אַכט, אַז דער מענטשלעכער גייסט איז באַ־שרענקט, און אַז צופיל איז צומאָל נאָך ערגער ווי צו ווייניק.

די נייע פּעדאַגאָגיע האָט געגלויבט, אַז די שולע דאַרף נישט געבן קיין פולשטענדיקע ידיעות — זי דאַרף נאָר ו ו ע ק ן דעם אינטערעס צו זיי, אַרויסרופן אַ הונגער צו זיי, און מיט דעם איז שוין איר זאַך אָפּ־געטון. דאָס איז אייגנטלעך ריכטיק. די וועגן אירע אָבער ברענגען גראָדע צום היפוך — נישט קיין הונגער צו וויסן רופט אַרויס די היינטיקע שו־לע, נאָר אַן ע ק ל צו וויסן. הונגער צו וויסן וואָלט זי געוועז בכוח צו וועקן, ווען זי זאָל געבן נאָר דאָס וויכטיקסטע, און זאָל עס געבן ג ר י נ ט ל ע ך. אַ מענטש, וואָס קען איין זאַך גרינטלעך, שפּירט נאַ־טירלעך אַ באַדערפעניש צו קענען אויך די איבעריקע. די אייראָפּעאישע שולע אָבער שאָפט ביים קינד די שעדלעכע אילוזיע, אַז ער קען שוין אַלצ־דינג. זי שלאָגט אָפּ דעם אַפּעטיט ווייטער צו לערנען, צו דערגרונטעווען ביזן סוף.

די נייע אייראָפּעאישע שול איז נישט נאָר פרעמד דעם יידישן גייסט; זי שטייט אין שאַרפסטן קעגנזאַץ צו זיינע בעסטע דערציאונג טראַדיציעס, וואָס האָבן נישט איבערגעטראָגן קיין גענאַרעריי, וואָס האָבן שטענדיק געשטרעבט צו גרינטלעכקייט, צו פאַרטיפונג — צו ערנסט. דער גרעסטער אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דער נייער יידישער דער־ציאונג, איז געווען דאָס, וואָס איבערגייענדיק פון אירע פאַרעלטערטע אָפּגעלעבטע חדר־מעטאָדן, האָט זי זיך אָנגעשלאָגן אין דער אייראָפּע־אישער שול, וואָס האָט אויסגעאַרבעט א ו י ס ט ר ל ע ך אַ גלײַכאַרטיקן סיסטעם, נאָר וואָס איז אינערלעך אַזוי פאַרפלאָנטערט, אַז אונדזער עפּאָ־כע רייסט פון זיך שטיקער אַרויסצוקריכן פון אים — און קען נישט.

עס איז קיין ספק נישט, אַז ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען מען וועט אויף דער איצטיקער שול קוקן, ווי אויף דער באַרבאַרישסטער, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט. מענטשן וועלן דאַן נאָר באַוווּנדערן, וואָס איז אַן

עפּאָכע פון גרויסער קולטור האָט אייראָפּע זיך דערפירט צו דער גרעס־טער דערציאונג־פּאַרווירונג. די מעטאָדן פון מיטלאַלטער ווען אויסזען אַ סך הומאַנער, צוועקמעסיקער, ווי די איצטיקע. דעמאָלט האָט מען גע־שלאָגן מיטן קאַנטשיק; איצט קאַליעטשעט מען מיט „קולטור".

די וויכטיקסטע פּראָבלעם פון אונדזער נייער שול איז די באַפריי־אונג פון די אבסורד־פּראָגראַמען פון דער אייראָפּעאישער שול. זאָל זיין זיי זענען „פּעדאַגאָגיש", זיי זאָרגן פאַר דער אַלזייטיקייט פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג, און מיר זענען אַזיאַטיש־באַשרענקט. אין דער באַשרענקטקייט ליגט אָבער אונדזער אַלטער זין פאַר אמת, פאַר ערנסט — פאַר זעלבסטשטענדיקייט!

# צווישן העברעאיש און יידיש

מיר איז נישט לייכט זיך  נ י ש ט  צו באַטייליקן אין אַזאַ זשור־נאַל ווי „די גאָלדענע קייט“, און אויך שווער זיך יאָ צו באַטייליקן אין אים. עס איז צו ווינציק נאָר  ל פ נ י ם  עפּעס פאַרעפנטלעכן אין אַזאַ זשורנאַל וואָס איז מחייב  א י כ ו ת.  און אויך אַ דבר של ממש אין זינען פון  כ מ ו ת.  אָבער איך, מיר אַלע, זענען איבערגעלאָדן מיט חובות, אַזוי אַז יעדער טאָג פון ארבעט, וואָס ווערט הײַנט געטון, איז שוין פון לאַנג געגומען אין באַטראַכט: ארץ־ישראל מיט אירע טויזנטער הצטרכותן לאָזט אונדז נישט פריי אָפּאָטעמען — געבענטשט זאָל זי זיין דערפאַר, וואָס זי פאָדערט אַזוי פיל פון אונדז אַלעמען! עס איז נישט אַזוי לייכט זי צופרידנצושטעלן... וואָס אונדז גיט זיך איין דורכצופירן, איז נאָר אַ טראָפּן אַנטקעגן דער גרויסער אַרבעט, וואָס איז נייטיק פאַר איר קולטורע־לער פאַרמירונג.

און ס'איז אַ בושה צו זאָגן: מיר דאָ זענען שוין נישט  ב כ ו ח  צו שרייבן יידיש פּולקלאַנגיק, פולפאַרביק, ווי עס שרייבן די גרויסע פּאָעטן און פּראָזאַאיקער פון דער היינטיקער יידישער ליטעראַטור. דאָס איז די סיבה, וואָס מיינע לעצטע זאַכן אין יידיש זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן נאָך מיט יאָרן צוריק, און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט דערפילן דעם ווילן פון מיינע פריינט אין אַמעריקע, כאָטש אַמאָל אין אַ יובל זיין אַ גאַסט אין זייערע צייטשריפטן. מיר ווייקן זיך דאָ אין אַ העברעאישער אַטמאָס־פער און זי פאַרשלינגט אונדז, ווי אַ סטיכיע, וואָס מיר קאָנען שוין אוי־סער איר נישט אָטעמען.

דאָס זאָל כאָטש עטוואָס דערקלערן די דערווייטערונג אפילו פון די, וואָס האָבן שטענדיק געוווסט ווי אָפּצושאַצן די פאַרוואָרצלונג פון אונ־דזערע גרויסע קלאַסיקער אין ביידע שפּראַכן. אָבער זיי האָבן געקאָנט זיין

גרויסע מייסטער אין יידיש און אין העברעאיש, זיי האָבן געקאָנט אָרגאַ־
ניש באַהעפטן ביידע שפּראַכן, ווייל יעדער באַזונדער האָט זיך דערגאַנצט
מיט די אייגנשאַפטן פון דער אַנדער שפּראַך. אַזאַ שרייבער ווי מענדעלע,
איז געווען בכוח די טיטאַנישע אויפגאַבע געניאַל צו לייזן, ווייל ביידע
שפּראַכן צוזאַמען האָבן אין אים פולסירט מיט דער זעלבער קראַפט. מענ־
דעלע האָט געהאַט רעכט זיך צו באַטראַכטן ווי אַ „יהודי היהודים“, ווייל
אין אים, ווי אין זיין תלמיד שלום־עליכם (צו אים קאָן מען נאָך צוגעבן
אַזוינע, ווי ביאַליק, שניאור, בערקאָוויטש), איז דאָס יידישע וועזן נאָך
נישט געווען צעטיילט, צעשפּליטערט. די גרויסע מייסטער האָבן געקאָנט
דעמאָלט זיך אויסלעבן גאַנץ נאָר אין ביידע שפּראַכן צוזאַמען, ווייל זיי
זענען ריטמיש און אינהאַלטלעך געווען איינס. אפילו ת פ י ל ו ת זע־
נען אויף אַזוי פיל געווען העברעאיש, אויף וויפל זיי זענען געווען יידיש.
און וואָס איז געווען אַ פּסוק פון תנך, אַ מאמר פון חזל? העברעאיש מיט
אַ יידישער באַפאַרבונג, — יידיש אַנגעוואָרעמט, יידיש באַהאַרצט. דערי־
בער צעבליט זיך העברעאיש נאָך היינט אין דער שאַפונג פון יענע העב־
רעאישע דיכטער, וואָס זענען אָנגעזאַפּט מיט יידישער פאָלקסטימלעכקייט
(עגנון, הזז און אַנדערע). דאָס זעלבע קאָן מען אויך זאָגן וועגן דער יידי־
שער שאַפונג. וואָס טיפער עס זענען די וואָרצלען פון העברעאיש ביי די
בעסערע שאַפער פון דער יידישער דיכטונג, אַלץ אייגנטימלעכער, יי ד י־
ש ע ר זענען זיי. און שווער איז זיך פאָרצושטעלן, ווי וועט אויסזען די
יידישע דיכטונג, ווען אירע שאַפער וועלן זיין אין גאַנצן דערווייטערט פון
העברעאישן קוואַל.

איך האָב דעריבער געטרוימט וועגן העברעאיש־יידישער מיטאַרבעט.
איך מיין, אַז אין דעם זענען מיט מיר מסכים די אַלע פון ביידע צדדים,
וואָס דענקען נישט מעכאַניש־פּאַרטייאיש. עס איז אַ שאַנד און אַן אומ־
פאַרשטענדלעכקייט, וואָס העברעאישע דיכטער קענען אַזוי ווינציק זייערע
יידישע מיטשאַפער, וואָס ביידע צדדים זעצן זיך אַזוי זעלטן איבער, —
וואָס די העברעאישע פּרעסע גיט אַזוי זעלטן אָפּשאַצונגען וועגן יידישער
שאַפונג (געבנדיק אַזוי אָפט פּלאַץ פאַר אַלגעמיינער ליטעראַטור). יידי־
שע דיכטונג איז פאַר אונדז אַ רייכער קוואַל פון פאָלקסטימלעכע עלעמענטן

וואָס זענען אַזוי נייטיק דווקא דער יונג־שפּראָצנדיקער העברעאישער פּאָעזיע. אָן יידיש וואָלטן די גרעסטע העברעאישע דיכטער פון פריערדיקן דור נישט געווען פולקלאַנגיק. אפילו טשערניכאָווסקי וואָלט זיינע אי־דיליעס נישט בכוח געווען צו מאַכן אַזוי פּאָלקסטימלעך־זאַפטיק, נישט זייענדיק דורכגעדרונגען אויך מיט בילדלעכקייט פון יידיש.

עס איז אפשר דער לעצטער דור, וואָס יידישע דיכטער זענען אויס־געוואַקסן פון יידיש־העברעאישן באָדן. דעריבער האָט יידיש אין אירע נייערע דיכטער דערגרייכט אַזאַ צייטיקייט, אַזאַ פולקייט אין קלאַנג און פאַרב. עס איז קיין ספק נישט ביי מיר, אַז אַלע קומען זיי מער אָדער וויי־ניקער פון העברעאישער טראַדיציע, אפילו ווען זיי טראָגן אין זיך בלויז איר הויך, איר ריח. דאָס טראַגישע פון יידיש איז בכן נישט נאָר אין דער שפּראַך־אַסימילאַציע, וואָס לאָזט איצט קיין לאַנד נישט דורך און קעגן וועלכער עס איז אַזוי שווער צו קעמפן, נאָר אויך אין דעם, וואָס דער יידי־שער דיכטער אַליין ווערט אַלץ באָדנלאָזער, נישט האָבנדיק כמעט קיין יידישע סביבה און ווערנדיק אַלץ מער אָפּגעריסן אויך פון דעם העברע־אישן מקור.

די אויפגאַבע פון „ד י ג אָ ל ד ע נ ע ק יי ט" דאַרף זיין אין דער ערשטער ריי צו באַקעמפן די קעגנזייטיקע פרעמדקייט צווישן דער העברעאישער און יידישער שאַפונג, נאָך אַמאָל צו שאַפן אַזאַ אַטמאָספער, וואָס זאָל נישט נאָר אויסרייסן דעם אַזוי באָדנלאָזן אַנטאַגאַניזם צווישןביידע ליטעראַטורן, נאָר אויך מעגלעך מאַכן זייער קעגנזייטיקע באַפרוכ־פערונג. העברעאישע און יידישע דיכטער דאַרפן העלפן איינע די אַנדערע, און פריער פון אַלץ ק ע נ ע ן איינע די אַנדערע און אויך זיך קעגנזיי־טיק משפיע זיין. אפילו היינט, ווען העברעאיש ווי אַ פאָלקסשפּראַך פאַר־מאָגט טויזנט לעבעדיקע קוואַלן — ווען מיר האָבן דאָ זוכה געווען צו הערן העברעאיש פון זיסן מויל פון קליינע יידישע קינדער, נייטיקן מיר זיך נאָך זייער פיל אין צושטראָם און השפעה פון יידיש — פון איר דורות־געכאַ־וועטער מעלאָדישקייט און בילדלעכקייט, וואָס האָט געטראָגן אַזוי פיל שפע דער העברעאישער שאַפונג פון אונדזערע גרעסטע דיכטער. מיר מיי־נען, אַז אויך פאַר אונדזער שאַפנדיקער יוגנט איז געפערלעך די פולקאָמע

דערוויי‎טערונג פון דער יידישער טראַדיציע וועלכע איז אַ פּראָדוקט פון ניי און טיף איבערגעלעבטע מקורות, און דורך דעם איז זי געוואָרן אַ טייל פון אונדזער נאַציאָנאַלן מהות, פון אונדזער אָנגעוויי‎טיקטער פאַרגאַנגענהייט. יידישע שאַפונג איז דער המשך פון מדרש, פון חסידות. אָן זייער השפּעה וואָלט אונדזער היינטיקע פּאָעזיע געשטאַנען פאַר דער סכנה צו ווערן פּסעוודאָ־קלאַסיש, ווי אַ גרויסער טייל פון אונדזער השכלה־פּאָעזיע, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט בלויז אויף דעם תנך. וואָס אָן אמת, האָבן מיר דאָ אין לאַנד באַוויזן פאַר אונדזערע קינדער דעם תנך צו באַנייען, אַזוי אַז די סכנה פון מליצה שרעקט אונדז נישט מער. עס איז אַ פריידיקע דערשיינונג, וואָס דאָס יידישע פאָלקסליד, כאָטש זייער אָפט אין אַ פּרימיטיווער העברעאישער איבערזעצונג, ווערט אַלץ מערער באַליבט ביי אונדזער קליינוואַרג אין שול. און אפילו אונדזערע מאָדערניסטן קולטיווירן זיינע מאָטיוון, זעצן גערן איבער יידישע דיכטער (שלאָנסקי, קרני, אביגדור המאירי). אָבער דער שאַפנדיקער יוגנט זענען דאָך די גרויסע יידישע דיכטער פולשטענדיק פרעמד.

# פּאָעזיע און פּראָזע

— 1 —

איך געדענק דעם מאָמענט, ווען מיך האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן ערנסט צו באַשעפטיקן די דאָזיקע פראַגע: וואָס איז אַזוינס פּאָעזיע און וואָס איז פּראָזע? און איז אין אמתן אַזאַ טיפער אונטערשייד צווישן זיי — נישט פאָרמעל, געוויינלעך, נאָר אין ת ו ך, אין איכות?

ס׳איז געווען צוריק מיט אַ יאָר צוועלף *) אין אָדעס. איך האָב געשפּאַצירט מיט ביאַליקן אויפן ברעג פונעם ים און מיר האָבן צווישן זיך געשמועסט. וועגן וואָס אייגנטלעך הייב איך נישט אָן צו געדענקען, נאָר מן הסתם וועגן ליטעראַטור. געוויס האָבן מיר באַהאַנדלט די פראַגע וועגן פּאָעזיע און פּראָזע, ווייל איך געדענק, ווי ביאַליק האָט, ענטפערנדיק אויף מיינער אַ באַמערקונג, זיך אָפּגעשטעלט — ווי זיין שטייגער איז ווען ער וויל עפּעס אונטערשטרייכן — און מיך אַ פרעג געטון:

— וואָס? איר האַלט אויך פון דער נאַרישקייט, אַז ס׳איז דאָ עפּעס אַן אונטערשייד צווישן פּאָעזיע און פּראָזע?

עס איז געווען געזאָגט ווי קאַטעגאָריש, אַז איך האָב נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפערן. איך האָב געוווּסט פון שטענדיק, אַז ביאַליק האַלט זייער פון פּראָזע — אפשר נאָך מער ווי פון פּאָעזיע. פאַר אַ בלעטל מענדעלע וואָלט ער אַוועקגעגעבן אַ גאַנץ בוך לירישע שירים. און נישט נאָר פאַר קינסטלערישער פּראָזע, נאָר פאַר ריינער, פּשוטער, ווי אחד־העמס. וואָס ריינער, פּשוטער, עכטער די פּראָזע — אַלץ־מער האָט ער געהאַלטן פון איר. נאָר... פּאָעזיע איז דאָך פּאָעזיע, און פּראָזע — פּראָזע! ווי קאָן מען עס נישט אונטערשיידן צווישן זיי?

*) געשריבן אין מיי 1928.

ערשט איצט, ווען איך קער זיך אום, נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, צוריק צו דער דאָזיקער פראַגע, ווערט פאַר מיר פאַרשטענדלעך, וואָס ביאַליק האָט געוויס געמיינט דערמיט, וואָס ער האָט דעמאָלט אַזוי שאַרף פאָר־מולירט. אין די עטלעכע ווערטער האָט זיך אויסגעדריקט די עכט־יידישע באַציאונג צו קונסט. נישט דאָס, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט איז וויכטיק, נאָר דאָס וואָס ווערט אַריינגעלייגט גייסטיק אין געזאָגטן. וואָס פאַר אַ חילוק קאָן זיין צווישן פּאָעזיע און פּראָזע, ווען ס'איז דאָ אין זיי דער גאַנצער גייסטיקער ברען פון „כל עצמותי תאמרנה" (אַלע מיינע אברים זאָלן רעדן). אָדער, פאַרקערט, — ווען דער דאָזיקער ברען פ ע ל ט איןביידע?

ביאַליק, וואָס האָט שטענדיק ליב דאָס פּ ע ס ט ע, דאָס קרעפּ־טיק־קלאָרע, און האָט פיינט דאָס געמאַכטע, דעם אָנשטעל — מוז בטבע זיין אַ גרויסער פאַרערער פון פּראָזע. אַזאַ גלייכע באַציאונג צו פּאָעזיע און פּראָזע איז אפשר אַ ריין־יידישע. יידן האָבן דאָך זיך קיינמאָל נישט שטאַרק פונאַנדערגעקליבן צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. עס איז אפשר אַ ריין מאָראַלישע באַציאונג. נאָר ניין, זי איז אויך אַ טיפער קריטעריום פאַר אינערלעכער אָ פּ ש אַ צ ו נ ג. דאָרט, ווו דער גייסט איז אינ־גאַנצן אָנגעגריפן, דאָרט איז אַלצדינג „גאָטס וואָרט"; ווו אָבער עס איז דאָס נישטאָ, איז דאָך געוויס שוין קיין חילוק נישט, צי איז עס געזאָגט אין אַזעלכער, אָדער אין אַן אַנדערער פאָרם.

עס איז אַן אַלטע יידישע טראַדיציע — דורך פּראָזע צו קרעפּטיקן די פּאָעזיע. יהודה הלוי, בן־גבירול, משה חיים לוצאטו, ביז ביאַליק און פרץ און די ייִנגסטע — אומעטום ווערט די פּאָעזיע דערגאַנצט, „דער־זאָגט", געשטאַרקט דורכן פּראָזאַאישן וואָרט, און דורך דעם כמעט ווי אָפּגעווישט די גרענעץ־ליניע צווישן ביידע.

— 2 —

פון וואַנען נעמט זיך די שלעכטע באַציאונג פון די בעלי־מוסר צו פּאָעזיע און קונסט? עס איז אַ זאַך, וועגן וועלכער עס לוינט זיך צו פאַר־טראַכטן. ווי געזאָגט, — עס קאָן אונדז אפשר געבן דעם ריכטיקסטן קריטעריום פאַר אמתער אָפּשאַצונג פון פּאָעזיע, און אונדז ווייזן, ווו פּאָעזיע און פּראָזע גייען זיך פונאַנדער און ווו זיי קומען זיך צונויף.

דער באַזונדערער רייץ פון פּאָעזיע באַשטייט אייגנטלעך אין דעם, וואָס דער סכום ענערגיע, וואָס זי פאַרברויכט, איז קיינמאָל נישט אויס־גערעכנט. זי רייצט מיט איר פאַרשווענדערישקייט. זי באַצאָלט מיט גינ־גאָלד אָפּט אַ קאַפּריז. זי פרעגט קיינמאָל נישט, „ווי טייער?“. זי נעמט פאַר יעדן פּרייז. ס'איז שוין אַן אַלט וואָרט: פּאָעזיע איז שפּיל. נייִן, פּאָעזיע איז מער. פּאָעזיע איז א ו מ ד ע ר ו ו אַ ר ט גליק, אומ־געריכט־אַנטפּלעקטע קראַפט. פּאָעזיע איז דאָס, וואָס מיר אַליין אַנען נישט אין זיך. פּאָעזיע איז דער אייביקער סורפּריז. עס קומט כמעט שטענדיק, ווען מיר דערוואַרטן עס צום ווינציקסטן.

דערפאַר אפשר איז פּאָעזיע אויך עפּעס אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט נעמען אינגאַנצן ערנסט. פּאָעזיע באַוווּנדערן מיר. זי איז אונדזער אַנטציקונג. עס איז אָבער מער אויסלעבונג, ווי שטרעבונג. פּושקין זאָגט: „איבער אויסגעטראַכטס באַגיס איך מיך מיט טרערן“... די בעלי־מוסר זענען אָבער חושד אַזוינע טרערן, אַז זיי ווילן נאָר זיין אויסגעוויינט; אַז זיי אַנטלויפן צום אויסגעטראַכטן פונעם ג ע ז ע ע נ ע ם . . . און איז דאָס נישט די סיבה, וואָס דערווייטערט מענער פון העכסטן ערנסט, ווי סאָקראַטעס, פון זייער קונסט, און מאַכט פון אַזלכע ריזיקע קינסט־לער, ווי טאָלסטאָי, באַקעמפער פון זייער אייגענעם שאַפן? מיר ווייסן, ווי טאָלסטאָי, ליב האָבנדיק אין תוך ריינע פּאָעזיע — עס איז באַוווּסט, ווי הויך ער האָט געשעצט נישט נאָר דעם אידייענרייכן טיוטשעוון, וועמעס לידער ער פלעגט ליב האָבן צו דעקלאַמירן, נאָר אויך דעם עכט־לירישן פעט — האָט ב אַ ו ו ו ס ט ז י נ י ק זיך שטענדיק באַצויגן צו פּאָעזיע מיט ביטול. וואָס האָט אייגנטלעך אָפּגעשטויסן טאָלסטאָיען פון

טורגענעוון, אויב נישט דאָס ריינע קינסטלערטום, דאָס צאַצקען זיך מיטן ריטם, דאָס מוזיקאַלישע, — דווקא דאָס, וואָס באַצויבערט אונדז אַזוי אין דער פּראָזע פון דעם גרויסן וואָרט־מייסטער? טאָלסטאָי האָט געוואָלט זיך דערשלאָגן צום אור־אויסדרוק פון מענטשלעכער קונסט. ער האָט דעריבער אַזוי פאַרגעטערט די ביבלישע עפּיק. זי האָט אים געדינט פאַר אַ מוסטער, ווי אַזוי עס קאָנען זיין פּאָעטישע ווערק כמעט „אָן פּאָעזיע". דאָס הייסט: אָן יענע אָנגעגרייטע אויסערלעכע מיטלען, וואָס באַשיינען און באַפּוצן און רויבן אַוועק דעם „ערנסט" פון די זאַכן. נישט וויכטיק, וואָס אַליין איז טאָלסטאָי דווקא געווען דער קינסטלער פון פאַרקערפּערונג, פון רעליעפסטן אויסדרוק — וואָס זיין ספּיריטואַליזם איז געווען מער אַ באַוווסטזיניקער, אַ טעאָרעטישער. אין טיפסטן זין האָט ער אָבער באַקעמפט דאָס, וואָס איז אים ווירקלעך געווען דערוויידער: דאָס שפּילערישע, די אומזיסט־פאַרלוירן־געגאַנגענע גייסטיקע ענערגיע פון פּאָעזיע. ער האָט געפילט, אַז קונסט קומט בעצם נאָר צו באַווייזן כּוח, און וואָס מער כּוח זי פאַרשווענדט אויף נישטיקייטן, אַלץ מער רופט זי אַרויס אונדזער באַוווּנדערונג. און אַזוי ווי ער האָט, אַלס פּעדאַגאָג, נישט סובל געווען קיין גימנאַסטיק, ווי אַן אוממאָראַלישן אַקט, און האָט געפאָדערט, אַז מ'זאָל אָנשטאָט איר בעסער קומען צו הילף די, וואָס אַרבעטן שווער, אַזוי האָט ער נישט געקאָנט ליידן פאָרם־קאָמפּליצירטע פּאָעזיע, אַלס פאַרוועגדונג פון גרויסע קרעפטן אויף נישטיקע צילן. מיר פרייען זיך אויף דער דאָזיקער מילדקייט פון קינסטלער, אויף זיין רייכקייט, אויף זיין זאָרגלאָזיקייט. אָבער בעלי־מוסר האָבן ליב „תכלית" און ליידן נישט קיין פאַרשווענדער.

— 3 —

וואָסזשע איז אַזוינס פּראָזע?

מיר זענען אַלע אַזוי געוווינט, אונטער דעם איינפלוס פון די רעטאָריקער, צו זען אין „פּאָעזיע" דאָס אויבערשטע פון שטייסל, און אין „פּראָזע" עפּעס נישטיקס, קליינווערטיקס, אַז נאָר זייער זעלטן ווערן

איצט גוטע פּראָזע־שרייבער באַטראַכט מיטן זעלבן ערנסט, ווי אפילו שוואכע בעלעטריסטן און שוואכע דיכטער, גרויס איז פּאָעזיע. פֿאַר איר האָט מען דרך־ארץ. פּראָזע אָבער — לאָזט מיך געמאַך: דאָס איז אויך עפּעס?

אין די קלאַסישע צייטן האָט מען געהאַט גאָר אַן אַנדערע באַציאונג צו פּראָזע. עס איז קיינעם גאָרנישט איינגעפאַלן, אַז גוטע פּראָזע איז פֿון קלענערער וויכטיקייט ווי פּאָעזיע. גרויסע געשיכטע־ און ביאָגראַפיע־מייסטער, ווי העראָדאָט און טאַציט, נאַטור־פאָרשער, ווי די פּליניוסעס, און נישט ריידנדיק שוין וועגן אזוינע ווי סענעקא, מאַרק אורעליוס, זע־נען געווען די גרעסטע דערציער פֿון דער מענטשהייט. זייער פּראָזע האָט געלערנט, געלייטערט, דיסציפּלינירט. זי האָט דערצויגן „עסטעטיש" און „תכליתדיק" אין דער זעלביקער צייט. פּאָעזיע איז געוויס ניט ווייניקער וויכטיק. אָבער פּאָעזיע, דאָס גוטע וואָס זי פאַרמאָגט, איז דאָך פֿאָרט דאָס פרימיטיווע, דאָס אינסטינקט־מעסיקע. פּראָזע, אָבער, איז דער פּראָ־דוקט פֿון געראַנגל, פֿון איבערשטייגונג, פֿון מענטש־אויפגאַנג. פּאָעזיע אַנטפּלעקט אונדז דאָס, וואָס מיר טראָגן שוין אין זיך. פּראָזע ציט אונדז ווייטער. פּראָזע דערציט אונדז.

מיר מיינען, אַז מיר טוען אַ חסד מיט דער פּראָזע פֿון אַ לעסינג אָדער פֿון אחד־העם, וואָס מיר שעצן זי „כמעט ווי פּאָעזיע". דערפאַר אָבער וועט יעדער ליטעראַטור־מבין געפֿינען פֿאַר זיין חוב אַביסל אָפּצו־שפּעטן פֿון דער פּראָזע פֿון טאָלסטאָיען, אין פאַרגלייך מיט זיין קונסט. און וועט עס איינפאַלן, אפילו אין רוסלאַנד גופא, צו פאַררעכענען דעם היסטאָריקער קליוטשעווסקין, דעם גרויסן שפּראַך־ און כאַראַקטער־מייסטער, צווישן די קלאַסישע ליטעראַטור־קינסטלער? ער איז דאָך נישט מער ווי אַ פּראָזע־שרייבער!

ביי אונדז האָט ג. שאָפּמאַן, אפשר דער בעסטער פּראָזע־שרייבער אין העברעאיש נאָך אחד־העמען, לויט זיין קאַטעגאָרישקייט און דיסציפּלי־נירטקייט, אַ פּאָר מאָל אָפּגעלאַכט פֿון די עסייאיסטן, וואָס שרייבן נאָ־ וועלן און ראָמאַנען מיט דער זעלבער „געשיקטקייט", וואָס זיי שרייבן זייערע עסייען. פֿון זיין שטאַנדפּונקט איז ער געוויס גערעכט. ער, וואָס

זיין קלענסטע פּראָזאַאישע אויפצייכענונג איז שטענדיק אַזוי אויסדרוק־פול, אַזוי קאָנקרעט ווי זיין קרישטאָל־האַרטע קונסט, קאָן, געוויינלעך, נישט פאַרטראָגן די וואָרט־אַקראָבאַטן, וואָס מיינען, אַז אַ ליטעראַרישע טעמע איז דאָס זעלבע, וואָס אַ קונסט־ווערק. די טענה איז אָבער זייער ריכטיק נישט נאָר לגבי עסייאיסטן, נאָר אויך לגבי „קינסטלער" פון אַ באַשטימטן ראַנג. מען דאַרף איינמאָל פאַר אַלעמאָל געדענקען, אַז דער עכטער עסייאיסט, אָדער סתם פּראָזע־שרייבער איז אַזוי זעלטן, ווי דער עכטער דיכטער, אָדער נאָוועלן־שרייבער. דער געשיקטער עסייאיסט, וואָס מאַכט פון אַלצדינג „ליטעראַטור", איז אַ נאָענטער קרוב פון געוויסע לי־ריקער און נאָוועליסטן, וואָס מאַכן עס אויך אַזוי לייכט, און מיינען אויך, אַז „פאַרטראַכטן" און קאָמבינירן אַ קונסט־ווערק איז דאָס זעלביקע, ווי עס אָנפילן מיט אינהאַלט און עס אָרגאַניש איבערלעבן.

עס איז בכן, נישט ד אָ ס דאָס אומגליק, וואָס שלעכטע עסיי־איסטן ווערן נישט גענומען ערנסט, נאָר וואָס די גוטע פּראָזע ווערט אַזוי זעלטן אָפּגעשאַצט נאָך איר ווערט, אין דער צייט, וואָס גראָשן־ווערטע דיכטער ווערן יאָ גענומען ערנסט — נאָר דערפאַר, וואָס זיי האָבן דאָס פאַרדינסט נישט צו שרייבן אין פּראָזע. איך מיין, אַז די לעצטע זענען נישט ווייניקער שעדלעך פאַר דער קולטור. און אפשר נאָך מער, דער צד־השווה צווישן זיי און די אַזוי־גערופענע עסייאיסטן איז דאָך דאָס, וואָס ביידע אַנטווערטן אונדזער גייסטיק פאַרמעגן.

— 4 —

איז אָבער פּאָעזיע ווירקלעך אומנוציק פאַרברויכטע ענערגיע? איך מיין, אַז די בעלי־מוסר האָבן אויך אַ שטיקל טעות. נאָר שלעכטע פּאָעזיע פאַרברויכט ענערגיע אָן אַ נוצן. נישט ריכטיק, אַז פּאָעזיע האָט נישט קיין תכלית מיט איר פאַרשווענדן אוצרות אויף קלייניקייטן. דער טעות איז — וואָס דאָס זענען כלל נישט „קלייניקייטן". עס איז לעבנס־אַנט־פּלעקונג. פּאָעזיע פאַרברויכט זיך קיינמאָל נישט אומזיסט: זי שאַפט מיטן ג אַ נ צ ן, וואָס מיר פאַרמאָגן; אָבער זי קריגט אויך אַרויס דאָס

גאַנצע, וואָס די וועלט פאַרמאָגט. פּאָעזיע הייסט — אַלצדינג באַצווינ־גען, אַלצדינג אַרויסבאַקומען פון די זאַכן. פּאָעזיע הייסט — ברענען ביזן וואָרצל, פאַרברויכן זיך ביזן סוף, — אַרויסרייסן פון זיך אַלצדינג, אַלצ־דינג! יעדער מין אַנדערע פּאָעזיע איז קלאָגעדיקע ליטעראַרישע גנבעריי.

אומזיסט מיינען די בעלי־מוסר, אַז פאָרם איז אוממאָראַליש. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס גרויסע מייסטער זוכן די שווערסטע פאָרם. דאַנטע, באָדלער, מאַלאַרמע, — די מייסטער פון טערצינען, סאָנעט, פון דעם אויסגעהאַמערטן פערז, זענען געווען די סאַמע ערנסטע דיכטער אין דער וועלט. מכוח דאַנטען וועט עס קיינער נישט אָפּלייקענען. נאָר ווער עס האָט זיך ערנסט באַשעפטיקט מיט באָדלערן און מיט דעם קולטור־רעלסטן פון אַלע דיכטער, מיט מאַלאַרמען, מוז מודה זיין, אַז קיינער האָט נישט אַזוי פאַרהערלעכט דעם נאָמען פון פּאָעזיע, ווי זיי ביידע.

פאַרוואָס־זשע קלייבן זיך אַזוינע אויס די שווערסטע פּאָעטישע פאָר־מען? נישט נאָר דערפאַר ווייל זיי האָבן זיך ליב צו פאַרמעסטן מיט זייערע כוחות. נאָר ווייל זיי פאַראַכטן דאָס, וואָס גייט זיך גרינג — וואָס פאָדערט פון זיי נישט די גרעסטע אָנשטרענגונג. ווייל גרויסע קינסטלערישע אָנשטרענגונג איז קיינמאָל נישט צוועקלאָז. אָנשטרענגונג איז נישט פאַרברויכטע, נאָר אַרויס־געררופענע קראַפט. אָנשטרענגונג הייסט — זיך דערפילן ביזן פאַרהוילענעם אין זיך. זיך אויפטרייסלען ווי דער שטורעם טרייסלט אויף דרימלענדיקן וואַלד; זיך אויסרייסן און ווידער פאַרפלאַנצן. אָנ־שטרענגונג איז — באַנייאונג.

דעריבער איז פאָרם — מאָראַליש, ווייל זי רופט אונדז צו קאַמף, ווייל זי איז דער פאַנצער אַנטקעגן אָפּגעלאָזטקייט, — דאָס וואָס איז דאָס אוממאָראַלישסטע אין שאַפונג. פאַרן גרויסן מייסטער איז די פאָרם אַ מין וואָרעניש, אַ מין וואַך איבער זיך. נישט איינצודרעמלען, אויף אַ מינוט נישט נאָכלאָזן! נישט מאַכן זיך גרינג!

מאָראַליש איז דאָס, וועלכן מיר האָבן אַלצדינג געגעבן. קיין אַנ־דער מאָס איז נישטאָ לגבי שאַפונג. איך האַלט פון בערגעלסאָנס קונסט,

נישט נאָר ווייל אין איר ווערן אַזוי בולט די געשטאַלטן און די אידייען פון אונדזער צייט, נאָר אויך דערפאַר ווייל איך פיל אין איר די מאַקסימאַלע אָנשטרענגונגס־קראַפט, דעם גרויסן „ווילן צו פאָרם״. ער איז נישט גליענדיק, ווי אַש, ווי דער יונגער הויכבאַגאַבטער פוקס, אָבער ער איז אינגאַנצן תמצית. ער איז די גרעסטע דערגרייכונג פון דער קונסט־קולטור אין יידיש, ווי שאָפמאַן אין העברעאיש.

דער יונג־פאַרשטאָרבענער פּראָזאַאיקער א. נ. גנעסין איז אויך געווען אַ מוסטער אין דעם דאָזיקן פּרט. אין יעדער שורה זיינער פילן מיר די גרעסטע ערנסטקייט, אַלע צען מאָס ענערגיע, וואָס ער האָט פאַרמאָגט. יעדע שורה פון „אצל״ איז שטייף, ווי אַן אָנגעצויגענע סטרונע. ער האָט אפשר געוואָלט מער, וויפל ער איז געווען בכוח צו געבן. נאָר אַזוי ווען, אַזוי זיך פאַרצערן איז שוין אַליין דער בעסטער סימן פון קראַפט. שוואַכלינגען ווילן נישט. זיי זענען צופרידן. זיי ווייסן גאָר נישט, ווי האַרב עס איז דאָס מיט וואָס זיי באַשעפטיקן זיך זייער גאַנץ לעבן.

— 5 —

און דאָך איז די באַהאַלטענע שטרעבונג פון יעדער ליטעראַטור — פּראָזע. פּאָעזיע איז דער אויסברוך פון יחיד, פון געניוס. עס איז דער פרילינג־אויפבלי. פּראָזע איז רייפקייט, דויערנדיקע קראַפט. פּאָעזיע קאָן זיין אַ צופאַל. פּראָזע איז קיינמאָל נישט צופעליק. זי איז דער אונטערצי פון דער ליטעראַטור, דער סך־הכל פון איר קולטור. די סומע פון דער־גרייכטן.

דעם סטיל פון דער קלאַסישער פראַנצויזישער ליטעראַטור האָבן באַשטימט נישט אירע דיכטער, נאָר אירע גרויסע פּראָזע־שרייבער — אירע מאָנטעינס, אירע פּאַסקאַלס. דער פאַקט, וואָס נאָך צוריק מיט הונדערטער יאָרן, ווען כמעט אַלע אייראָפּעאישע פעלקער האָבן געמליצה־וועט און סתם געבעבעט, האָט זיך געפונען אַ מאָנטעין, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן צו אַזאַ קלאָרקייט, צו אַזאַ פּשטות, צו אַזאַ באַפרייטן אויס־

דרוק, באַווייזט, ווי פרי דער פראַנצויזישער געניוס איז געוואָרן צייטיק, און איז, אַדאַנק, דעם, געוואָרן פאַר גאַנץ אייראָפּע אַ מוסטער.

אַזוי איז אייגנטלעך דער וועג, וואָס יעדע נאָרמאַלע ליטעראַטור מאַכט דורך. צום אָנהויב: פּאָעזיע מיט אַלע אַטריבוטן (פערזן־מאָס, גראַ־מען א. א. וו.). די צווייטע מדרגה: פּאָעזיע אין בולט־ריטמישער קינסטלערישער פּראָזע (פון די גאָגאָלס, טורגענעווס), און צום סוף ערשט — די עכטע פּראָזע, צו וועלכע עס דערהייבן זיך געטע, פּושקין, טאָלס־טאָי — די גייסטיקע ריזן. פון אַזאַ פּראָזע איז שוין איין טריט צו פּ ר אָ ז ע ־ מ מ ש. זי איז שוין אַזוי קאַרג אין בילד, אין קלאַנג, אַז זי בילדעט שוין דעם איבערגאַנג צו דער גרויסער וויסנשאַפטלעכער, קרי־טישער און פילאָזאָפישער פּראָזע. די „פּאָעזיע" ווערט ביי איר ווי באַ־קעמפט — באַקעמפט דורכן דיכטער אַליין. „דיכטונג און וואַרהייט" איז דיכטער־ווערק און פּראָזע־ווערק אין דער זעלבער מאָס. אויך די פּראָזע האָט ריטם (אָן ריטם איז נישטאָ קיין אויסדרוק, אפילו דער איינפאַכס־טער); נאָר די קראַפט, די מייסטערישקייט, די גרויסע פרייקייט דריקט זיך אויס אין דעם, וואָס זייער ריטם איז נישט קיין אויסערלעכער, נאָר זינגט טיף־פאַרבאָרגן, — וואָס, אויסמיידנדיק מיט אַלע כוחות דעם ביי־ליקן אַלגעמיינעם ריטם, דערגרייכן זיי ערשט דעם אמתן — דעם א יי־ג ע נ ע ם. ווייל אויסערלעכער ריטם איז מער אָנשטעל, מער מאַניר. באַהאַלטענער — איז קראַפט, ערנסט, פולשטענדיקע באַהערשונג.

אַזוינע ווי געטע, ווי פּושקין, אפילו ווי טאָלסטאָי, מאַכן אַליין דורך דעם וועג פונעם פּרימיטיוון אויסערלעכן ריטם, דער ריטם פון יוגנט, פון פרי־פאַרנעפּלטקייט, ביזן געלייטערטן אויסדרוק פון דער קרעפטיקער ריינער פּראָזע. דער גרויסער עולם, וואָס כאַפּט התפעלות פון דער אויס־געפּוצטער, פאַרביקער און קלינגענדיקער פּאָעזיע, מיינט, אַז דער דיכ־טער, אַן אָפּגעשוואַכטער, האָט זיך גענומען צו פּראָזע, ווייל „דאָס איז גרינגער". אין אמתן אָבער באַטייט דער איבערגאַנג פון „פּאָעזיע" צו פּראָזע" ביי גרויסע דיכטער נישט קיין ירידה, נאָר פאַרקערט — דאָס באַשטייגן נייע הויכקייטן. צומאָל איז עס דער פּועל־יוצא פון אַ גרויסן גייסטיקן קריזיס. עס איז דער שווערער איבערגאַנג פון יוגנט־שפּיל צו

רייפקייט, צו פאַראַנטוואָרטלעכקייט, צו פאַרנוצן די קרעפטן אויסגע־רעכנטער, צוועקמעסיקער. נישט שטענדיק קומט עס אָן אַזוי לייכט. שווער צו שיידן זיך מיט דער יוגנט, מיט יענער באַפליגלטקייט, מיט יע־נעם שיינעם דראַנג צום אומענדלעכן. פּאָעזיע הייסט — נישט באַגרע־נעצט, פּראָזע איז קרייז. אָבער געפעסטיקטער קרייז. פּראָזע איז קלאָר־קייט, — העכסטער אויסדרוק פון פערזענלעכן ווילן, פון זעלבסטשטענ־דיקייט.

פּראָזע איז נישט פאַר די שוואַכע .

— 6 —

עס איז אָן אַלט מיספאַרשטייעניש די סברה, אַז נאָר פּאָעזיע פאָ־דערט יענע אָנשטרענגונג, יענעם גרויסן פאַרברויך פון גייסטיקער ענערגיע, וואָס אָן זיי איז זי — מ י ט פאָרם און אָ ן פאָרם — נישט מער ווי ליטעראַרישע איבונג. און דאָס איז אפשר ביאַליקס מיין געווען, ווען ער האָט מבטל געווען דעם אונטערשיד צווישן פּאָעזיע און פּראָזע.

מען דאַרף עס נישט אָננעמען פאַר אַ פּאַראַדאָקס. פּראָזע איז עפּעס אַנדערש. אַנדערש כאָטש מיט דעם, וואָס שלעכטע פּראָזע האָט מער באַ־רעכטיקונג, ווי שלעכטע פּאָעזיע. פּראָזע קאָן בלייבן צומאָל נאָר אַ מ י ט ל. מיר ווייסן, אַז אין דער אומגעלומפּערטסטער פּראָזע קאָן מען איינעם וואָרענען פון אַ סכנה, קאָן מען מיטטיילן נוצלעכע ידיעות, קאָן מען געבן צו וויסן, אַז מ'איז אין אַ נויט; און אַז שלעכטע פּאָעזיע איז אַבסאָלוט אומנוציק, אַבסאָלוט שעדלעך. אָבער דאָס איז ריכטיק נאָר לגבי ש ל ע כ ט ע ר פּראָזע און של ע כ ט ע ר פּאָעזיע. צווישן די ביידע איז געוויס דאָ אָן אונטערשייד. דער מיין מיינער דאָ איז אָבער יענע פּראָזע, וואָס איז דער עכטער, ריינער אויסדרוק פון גייסט, — וואָס פאַרברויכט אויך דעם זעלבן גייסטיקן שטאָף, הגם אויף אַנדערע וועגן און צוליב אַנדערע צילן. ווער איר זאָגן: אַזאַ פּראָזע איז זייער זעלטן. אָבער נישט ווייניקער זעלטן ווי „אַזאַ” פּאָעזיע. ביידע, אי עכטע פּאָעזיע,

אי עכטע פראָזע זענען אויסנאַמען. פּאָעזיע איז אויסדרוק פון עשירות. אָבער פּראָזע איז גייסטיקער וווקס. פּאָעטן אַליין וועלן אייך זאָגן, אַז פּראָזע איז זיי אַזוי פיל נויטיק פאַר זייער גייסטיק אויסלעבן זיך, ווי פּאָעזיע, און זיי, וואָס זענען אָפּט אויך גרויסע מייסטער פון פּראָזע, וועלן אייך מודה זיין, אַז פּראָזע איז אויך זייער אַ „האַרבער" ענין — נישט ווייניקער ווי פּאָעזיע. אַמאָל נאָך פאַרקערט. פּאָעזיע ו ו ע ר ט ג ע־ ג ע ב ן. אין אירע גליקלעכסטע דערגרייכונגען איז זי געשאַנק פון אינטואיציע. אומגעריכטע שפע. פּראָזע פאָדערט געוויס אויך אינטו־איציע, אָבער — מיט דער שטרענגסטער וואַכזאַמקייט, מיט דעם שטרענגסטן אינעווייניקסטן געהער. די „גוטע פּראָזע" איז אייגנטלעך שאַרף־קאָנטראָלירטע פּאָעזיע. זי טראָגט איר באַהאַלטענע ענערגיע אין זיך.

געוויס האָט עפּעס פּאָעזיע אין זיך אַזוינס, וואָס די בעסטע פּראָזע דערגרייכט עס קיינמאָל נישט. פּאָעזיע אַנטפּלעקט יעדן טאָג די וועלט אַ נייע, — און פּראָזע — שטרעבט צו אירע „ריינע" אייביקע אידעען. פּאָעזיע פאַריונגט די וועלט, זעענדיק זי שטענדיק אין אַלץ נייע התגלות. פּראָזע, אין קעגנטייל, מאַכט בולט יעדן קנייטש אירן. פּראָזע וויל נישט דאָס אינדיווידועל־געזעענע. פּראָזע וויל זען אָביעקטיוו. וואָס העכער — אַלץ ווייניקער אַרויסגעוויזענע שיינקייט. אָבער ווען ביידע — פּאָעזיע, ווי פּראָזע, — דערגרייכן גאָר הויך, איז שוין זייער שווער זיי אונטער־צושיידן. דאָרט, אין דער העכערער שאַפונג־ספערע, ווערן פּאָעזיע און פּראָזע כמעט א יי נ ס. אויף די הויכקייטן באַגעגענען זיך אַלע, וואָס האָבן פליגל...

יידן האָבן אין זייערע גרעסטע קלאַסישע שאַפונגען, אין תנ"ך און אין תלמוד, נישט געמאַכט קיין שטרענגן אונטערשיד צווישן פּאָעזיע און פּראָזע. אין דער תורה קומט דער עפּאָס און די געזעצגעבעריי אויס־געמישט; אין נביאים (ישעיה, ירמיה, דניאל) גייט די היסטאָרישע כראָ־ניק מיט דער נבואה צוזאַמען. אין תלמוד — די הלכה און די אגדה. דאָס איז זייער כאַראַקטעריסטיש. דאָרט, וווּ דער מענטשלעכער גייסט אַנט־פּלעקט זיך, איז נישט די אויסערלעכע פאָרם מכריע, נאָר די וואָג פון

איופּריכטיקייט, פון אינעווייניקסטער איבערצייגונג. נישט דער געזעענער גלאַנץ, נאָר דער באַהאַלטענער ערנסט פאַרהייליקט די זאַכן.

פאַר מיר איז שטענדיק געווען אַ רעטעניש דער געוואַלדיקער רייץ פונעם ספר „דברים". עס איז אין תוך גענומען — אַ בוך, וואָס אַנט־האַלט כמעט נאָר היסטאָרישע כראָניק און נאָך מער — שטרענג־פאָרמו־לירטע געזעצן. וואָס־זשע איז דער סוד פונעם אומגעהויערן צויבער, וואָס דאָס דאָזיקע בוך שטראַלט אויס פון זיך? פאַרוואָס לייענען מיר אָט־די דאָזיקע פּראָזאַאישע זייטן, ווי מען לייענט אַ וואונדערבאַרע פּאָעמע? און נישט נאָר די היסטאָרישע געשעענישן, וואָס גיבן ווירקלעך דאָ און דאָרט אַ גלאַנץ מיט פייערלעכקייט פון אַן עפּאָס, נאָר אפילו די טרוקנסטע טאָג־טעגלעכסטע „חוקים ומשפטים"? דער סוד איז אינעם זעלטענעם אינערלעכן ר י ט ם, וואָס באַשטורעמט אונדז און ציט אונדז מיט קראַפט און לאָזט אונדז נישט אָפּ קיין רגע. עס איז די א יי נ ה יי ט ל ע כ ק יי ט — דער רויטער ברענענדיקער פאָדעם, וואָס ציט זיך פון אָנהויב ביזן סוף. עס איז די געהייליקטקייט פון אינעווייניק. אין עקזאַלטירטן גייסט איז אַלצדינג דורכגעשטראַלט. אין פורפור פון אָוונט ברענט דער ריזיקסטער בוימשטאַם און דאָס נישטיקסטע שטרויע־לע מיט דעם זעלבן פייערלעכן גלאַנץ.

עס איז ריטם. נישט מוזיק, נאָר יענער פ אַ ר ב אָ ר ג ע נ ע ר ריטם, וואָס באַהערשט אַלץ, וואָס קלינגט טיפער ווי מוזיק. אין יענער געלייטערטער גייסטיקער אַטמאָספער שוועבט איבער אַלע זאַכן אַ גלייך ליכט. וואָס איז שפּינאָזאָס עטיק? וואָס זענען פּלאַטאָנס דיאַלאָגן, אַוור־רעליוסעס מאָראַלישע סענטענצן — פּאָעזיע אָדער פּראָזע? דאָרט, ווו ריינער גייסט פלאַקערט אויף, איז אַלצדינג ברויזנדיקע פּאָעזיע — זאָל עס זיין אפילו אין די טרוקנסטע געאָמעטרישע פאָרמולעס.

עס איז די איידלסטע ליניע, וואָס בלייבט נאָך אויף דער גרענעץ צווישן דער „גרויסער פּראָזע" און פּאָעזיע. עס איז אַזוינס, וואָס לאָזט זיך נישט לייכט דעפינירן. אַזאַ פּראָזע איז א ב ס אָ ל ו ט ע ר  א ו י ס־ ד ר ו ק. זי מיידט אויס אַלצדינג, וואָס פאַרגרעסערט אָדער פאַרקלע־ נערט. זי איז נישט קיין אָפּקלאַנג, נישט קיין לבוש. זי איז די זאַך אַליין. איר קראַפט באַשטייט אין דעם, וואָס זי לאָזט זיך נישט פאַרפירן און באַצויבערן. דעריבער אַנטלויפט זי מיטן זעלבן פּחד פון בילד און פון קלאַנג, פונקט ווי פּאָעזיע פון דער נאַקעטקייט. דאָס בילד איז אַ  ג ל יי־ כ ע נ י ש, און זי פאַרטרויט נאָר די זאַכן אַליין. זי איז אַזוי  ש ט אַ ר ק, אַז זי  ד אַ ר ף  זיך נישט לאָזן באַדינען מיט קיין שום „שיינקייטן". אַזוינע פּראָזע־שרייבער זענען נישט די אַזוי־גערופענע „שיינגייסטער", — די וואָס האָבן אַ כראָנישן קאַטאַר פון געדאַנקען און עס רינט פון זיי די חריפות, אַז זיי קאָנען זיך נישט אָרומווישן פון איר. עס זענען גייס־ טער, וואָס זענען מעכטיק באַהערשט פון עפּעס, באַהערשט אינגאַנצן. זיי זענען נישט קיין „עראָטיקער", דאָס אייגנטלעך שיידט זיי אונטער פון די דיכטער: זיי זענען די איינמאָל ליבנדיקע, די אידעע־געשווירענע. די פאַראורטיילטע. פּראָזע־שרייבער זענען נזירים. נישט פאַר זיי רוישט דער פריילעך־שוימענדיקער בעכער פון פאַרביקע געדאַנקען. זיי עקלט פון אים. עכטע פּובליציסטן ווערן געשאַפן נאָר אין אַ מלחמה־לאַגער. דאָרט, ווו געדאַנק און טאַט זענען איינס. אויסער די לאַגערן גלאַנצן די שריפטשטעלער. אפילו פּאַרטייאישקייט, מיט איר גאַנצער פאַרטעמפּנ־ דיקער ווירקונג, איז בכוח צו שאַפן דעם גרויסן פּובליציסט. אָבער נאָר ווען ער איז באַהערשט פון דער אַבסאָלוטער אידעע. נישט דאָרט, ווו עס ווערט געטריבן קליינע פּאַרטיי־פּאָליטיק. די ווייניקע שיינע נעמען, וואָס מיר פאַרמאָגן אין דער יידישער און העברעאישער פּובליציסטיק און קריטיק, זענען נישט אין דער ריי פון די פּאַרטיי־פאַנאַטיקער, הגם זיי זענען מערסטנטייל מענטשן פון שטרענגן מאָנאָטעאיסטישן געדאַנק. מען דאַרף שטרענג אונטערשיידן צווישן א י ד ע ע ־ פאַנאַטיזם און  פ אַ ר־

ט יי - פאַנאַטיזם. דער ערשטער מאַכט גרויס מיט זיין באַגרענעצטקייט; דער צווייטער פאַראַליזירט.

— 8 —

עס איז אַזוי באַצייכנענדיק פאַר אונדזער צייט, וואָס „פּראָזע״ הייבט אָן צו באַקומען אַלץ מער באַדייטונג. עס שפּירט זיך ווי אַ באַהאַל־טענע, און אָפטמאָל אויך אָפענע התנגדות צו „פּאָעזיע״, צו „קונסט״. עס איז אָבער אַ טעות! דער גייסט גאַרט צו פּאָעזיע אין אַנדערער גע־שטאַלטונג; ער שטרעבט צום — פאַקט, צו דער טאַט־זאַך. די וועלט איז נאַקעטער געוואָרן. זי וויל נישט מער קיין פאַרגלייכונג, קיין „לבוש״. זי וויל די „זאַכן אַליין״. עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס דער „ביאָגראַ־פישער ראָמאַן״ און די מעמואַרן ווערן איצט מער געלייענט, און אפילו אָפּגעשאַצט, ווי די בעסטע קונסט־ווערק. עמיל לודוויג מיט זיין „ביס־מאַרק״, „נאַפּאָלעאָן״, אַנדריי מאָרואַ מיט זיין „ביקאָנספילד״ האָבן גע־וווּנען מער פּאָפּולאַריטעט און ווערן מיט מער חשק איבערגעזעצט, ווי די בעסטע ראָמאַנען.

עס איז געוויס אַ נייער אויפשטייג פון נייעם רעאַליזם. עס ווערט געפאָדערט ש ט אָ ף — אַלץ מער שטאָף, אַלץ מער עלעמענטן פון דער ווירקלעכקייט. עמיל לודוויג האָט עס אין אַ געשפּרעך מיט עמעצן אָפן געזאָגט: דערציילט דעם קלענסטן אַנעקדאָט, די נישטיקסטע גע־שעעניש וועגן אַ גרויסער פּערזענלעכקייט, וועט עס זיין אינטערעסאַנ־טער פאַרן לייענער, ווי די בעסטע כאַראַקטעריסטיק. מ׳איז, געוויס, אַביסל איבערגעזעטיקט מיט „שיינקייט״. מען וויל ברויט.

דאָס שענסטע, וואָס גאָרקי האָט געשאַפן, זענען, ווי איך מיין, זיינע דריי אויטאָביאָגראַפישע ביכער. דאָס בעסטע, וואָס אפילו טאָלסטאָי האָט געגעבן דער וועלט, זענען די עלעמענטן פון זיין אייגן לעבן. טור־געניעווס באַזאַראָוו איז די קרעפטיקסטע געשטאַלט זיינע, ווייל זי איז געצייכנט פון דער נאַטור; דאָס זעלבע — זיינע „אויפצייכענונגען פון אַ יעגער״. אין דעם איז אפשר דער גרעסטער רייץ פון דער רוסישער לי־

טעראַטור, ווי אויך פון דער סקאַנדינאַווישער. וואָס איז ־אָס בעסטע ביי אירע שרייבער, אויב נישט די אויטאָביאָגראַפישע אויפצייכענונגען? איצט איז דער רומענער איסטראַטי מיט זיין באַשיידענעם, אָבער אויך עכטן טאַלאַנט געוואָרן וועלט־שרייבער, ווייל ער דערציילט פון „גע־שעענעם". און דאָס איז זייער סימפּטאָמאַטיש פאַר דער צוקונפט פון דער קונסט.

דאָס איז „האַלב־פּראָזע". אָבער אויך „גאַנץ־פּראָזע", וואָס ברענגט שטאָף, וואָס אינפאָרמירט — וואָס רעדט נישט גלאַט אין דער וועלט אַריין, גייט אַריין אַלץ מער אין חשיבות. כמעט די גאַנצע נייע קריטיק אין רוסלאַנד באַשטייט איצט נאָר אין שטאָף־זאַמלונג און שטאָף־אַנאַ־ליז. די וויסנשאַפט, אפילו די פּובליציסטיק, מיידט אויס „היפּאָטעזן". איבערצייגן קאָן מען נאָר מיט פאַקטן, מיט ציפערן. דאָס איז געוויס דאָס בעסטע, וואָס דער מאַרקסיזם האָט געגעבן דער קולטור, באַפרייענדיק זי פון צופיל „גייסטיקייט".

אָבער אויך דאָס טרוקנסטע וויסנשאַפטלעכע ווערק, ווען עס איז געשריבן דורך איינעם, וואָס איז אינגאַנצן באַלעבט פון זיין אַרבעט, האָט עפּעס געמיינזאַמס מיט פּאָעזיע. וואָס טיפער דער וויסנשאַפטלער וועט איבערלעבן זיין ווערק, וואָס אייגנאַרטיקער עס וועט זיין דער אינהאַלט, אַלץ „פּאָעטישער" וועט זיין די פאָרם, אין וועלכער עס וועט זיך אויס־דריקן. נאָר גלייכגילטיקייט דריקט זיך אויס אָן פאָרם. די אָריגינעלע וויסנשאַפטלעכע ווערק (נישט זייער „פּאָפּולער" וואַסער־געמיש) זענען, ווי שווער און „טרוקן" זיי זענען נישט געשריבן, כמעט אָן אויסנאַם, גרויסע סטיל־שאַפונגען. נישט מיט געפּוצטע מליצות, נאָר מיט יענעם „אינעווייניקסטן ריטם", וואָס באַצייכנט „די פּאָעזיע פון פּראָזע".

עס איז נישט קיין צופאַל און נישט אַ זאַך פון ליטעראַרישן טאַ־לאַנט. האָט אַ פאָרשער אָנגעשריבן עפּעס א יי ג נ ס, מוז עס פאַר־מאָגן אויך אייגענעם סטיל. אויב נישט, איז דאָס אַ שלעכטער סימן אויך פאַרן אינהאַלט פון בוך. אייגענער שטאָף האָט אייגענע פאָרם. דאָס איז געזעץ. פּסעוודאָ־פאָרשער האָבן נישט קיין סטיל, ווי „שיין" זיי זאָלן צו־מאָל נישט שרייבן. לויטן סטיל פון אַ וויסנשאַפטלעך ווערק, פון אַ קריי־

טישער אָדער פובליציסטישער אַרבעט, לאָזט זיך לייכט דערקענען, אויף וויפל אייגנאַרטיק זיי זענען אויך אינהאַלטלעך.

— 9 —

מיר אַלע, די אויף־פּאָעזיע־דערצויגענע, טראָגן שווער איבער די דאַזיקע וווּלגאַריזירונג פון די „שיינקייטן". פּאָעזיע איז דאָך ביי אונדז שטענדיק געווען אַ דבר־שבקדושה. דער ווייכער קלאַנג, די האַרמאָניע. די אויסגעשיילטע שפּראַך — אַלצדינג האָט איבערגעטראָגן דעם לייענער אין אַ באַצויבערטן גאָרטן, ווו מ'האָט פאַרגעסן גאַס, צייטונג, פּאָליטיק. איצט לאָזט מען אונדז קיין רגע נישט צורו. אומעטום די „פאַר־וויסטונג" פון פּראָזע.

נישט אומזיסט זעען מיר איצט דעם פּאָעזיע־קינסטלער, אפילו דעם אויסגעשפּראָכנסטן ליריקער, טעטיק אויך אַלס פּראָזאַאיקער. פּאָעזיע אַליין — אָן פּראָזע — איז איצט נישט קיין ענין. מיט פּאָעזיע אַליין קומט מען היינט נישט צום ל יי ע נ ע ר. און ער, דער לייענער, איז איצט די הויפּט־פראַגע. אויב מיר זעען, אַז אַ היינטיקער שריפטשטע־לער רייסט זיך צו אים און רוט נישט ביז ער נעמט אים איין פאַר זיך — דאַרפן מיר אויף דעם נישט קוקן אַזוי קרום.

מיר, די פאַר־מלחמהדיקע, זענען געווען אַנדערע. אונדזער קוק איז געווען — איבער דער צייט. מיר האָבן זיך „אָריענטירט אויף דער אייביקייט". איצט וויל אַ שרייבער, אַפילו אַ טאַלאַנטירטער, ז יי ן ג ע־ל יי ע נ ט. און ער איז גערעכט. שרייבן „פאַר דער אייביקייט" און איגנאָרירן דעם לעבעדיקן לייענער איז בטלניש. אויב איר ווילט — אפילו „נישט מאָראַליש".

מיר אַלע דאַרפן נאָך אַמאָל איבער דעם אַ טראַכט טון. אַ שרייבער טאָר נישט שרייבן און נישט ווערן געלייענט. געוויס שרייבן טאַלאַנ־טירטע מענטשן מער „פאַר זיך", אָבער מען טאָר זיך אין דעם פּרט נישט פאַרגעסן. מען דאַרף אינזינען האָבן דעם לייענער. מען ט אָ ר אים נישט פאַרגעסן.

הייסט עס — שרייבן „פאַרן מאַרק“?

ניין, רבותי. שרייבן פ אַ ר ן ל יי ע נ ע ר. עס איז אַ גרויסע און ערלעכע אויפגאַבע — צו שרייבן פאַרן לייענער. אים זען פאַר זיך, אים באַצווינגען פאַר זיך — געפינען דעם ריטם פאַר אים. נישט מפקיר זיין אים פאַרן מאַרק!

הייסט עס — „פאָפולערע ליטעראַטור“?

אויך דאָס נישט, מיינע פריינט, הגם — אין דער דאָזיקער ריכטונג. יענע שלעכט־וואולגאַריזירטע, פאַרוואָסערטע און געשמאַקלאָזע ליטעראַטור, וואָס מיר זענען געוווינט צו פאַרשטיין אונטערן נאָמען „פאָפולערע ליטעראַטור“ — ד אָ ס געוויס נישט. אָבער זיין קלאָר, פאַרשטענדלעך, רעליעפיק — דערגרייכן פ ו ל ן א ו י ס ד ר ו ק: אָט דאָס י אָ! עס איז נישט רעזיגנירטקייט, נאָר פאַרקערט — גרויסע ק י נ ס ט ל ע ר י ש ע ד ע ר ג ר יי כ ו נ ג. עס איז נישט קיין קרבן פון אונדז; ס׳איז די גרויסע מדרגה פון קענען. שרייבן אַזוי — הייסט נישט נאָר פאַרמאָגן קראַפט, ס׳הייסט אויך — גלויבן אין דעם, וואָס דו זאָגסט. הייסט — פ אַ ר ה ע ר ל ע כ ן דאָס, וואָס דו זאָגסט.

ס׳איז דאָס, וואָס יעדע פאָרגעשריטענע ליטעראַטור פאַרמאָגט. ס׳איז — ג ו ט ע פ ר אָ ז ע.

די מידקייט פון פאָעזיע איז אַן אַלגעמיינע דערשיינונג. אָבער דאָס הייסט נישט, ווי אַנדערע מיינען, אַז „מיט פאָעזיע איז אויס“. ס׳איז אַ שטרעבונג צו אַ נייעם ריטם. דאָס האָט נישט צו טון מיט עקספרעסיאָניזם און אַנדערע מאָדע־שטרעמונגען. עס איז אָבער דער דראַנג צום פרייען, נישט געבונדענעם סטיל, — אפשר צו אַ נייעם ה ו מ אַ נ ע ם ס ט י ל.

דער נייער סטיל זאָל נישט זיין „איבערגעלאָדן מיט פאָעזיע“, ווי דער אַמאָליקער. ער זאָל נישט פאַרברויכן אַזוי פיל ענערגיע אויף „שיינקייט“. ער זאָל צילן גלייך — דאָס הייסט: מיט דער מאַקסימאַלער קראַפט.

עס איז נישט אַ נ ט י ־ קונסט, ווי אַנדערע האָבן מורא; נאָר

איבער דער קונסט, אַ מין אויסמיידונג פון אירע וועגן, און אַ שטרעבונג צו איר ציל.

עס איז דאָס, וואָס מיר האָבן אַזוי מורא דערפאַר — די אויבערמאַכט פון פּראָזע. מיר מוזן זיך צוגעוויינען צו פּראָזע — אין אַלע אירע געשטאַלטן. נישט נאָר שיינע פּראָזע — נאָר אויך אמתע, ריינע פּראָזע.

פּאָעזיע וועט בלייבן. נישט געזאָרגט! די גוטע פּראָזע וועט זיין איר בעסטער באַשיצער. ס׳איז קיין גרעסערע סכנה נישטאָ פאַר פּאָעזיע, ווי דאָס, וואָס איר פעלט ביי דער זייט גוטע פּראָזע. און ס׳איז די שענסטע אויפגאַבע פון אונדזער צייט — אויסצוגעפינען יענע ליניע, וווּ פּאָעזיע און פּראָזע קומען זיך צונויף; וווּ פּאָעזיע און פּראָזע ווערן איינס.

נישט „פּאָעזיע אין פּראָזע" און נישט „פּראָזע אין פּאָעזיע". נאָר פּראָזע כמו־שהיא, און דאָך — פון דער זעלבער אינערלעכער קוואַליטעט וואָס פּאָעזיע.

גוטע פּראָזע איז אַ גאַנץ גוטע שכנהשאַפט פאַר פּאָעזיע.

# זעער און קינסטלער

## (וועגן גאָרקי און טשעכאָוו)

ווען מיר זענען נאָך גאַנץ יונג געווען, האָבן אונדז אין דער רוסי־שער ליטעראַטור געלויכטן צוויי ליבע נעמען — ט ש ע כ אָ ו ו און ג אָ ר ק י. געמיינט איז נאַטירלעך דער סוף פון פאָריקן יאָרהונדערט; נאָכדעם זענען צוגעקומען בלאָק, בונין — די צייט פון דער גרויסער שפע איז שוין געווען פאַרביי; אָבער טשעכאָוו און גאָרקי זענען פאַר אונדז לאַנג נאָך געווען דער שטאַרקסטער אויסדרוק פון דער רוסישער פּראָזע. מיר האָבן זיך געהאַלטן אין זיי ביידע, הגם מיר האָבן שוין, אַפילו דאַן, געוווּסט, אַז טשעכאָוו און גאָרקי זענען גאַנץ פאַרשידענע מענטש־ און קונסט־אויסדרוקן; געוווּסט, אַז איינער איז דער מוסטערהאַפטער קינסט־לער, אַ גרויסער מייסטער פון קריסטאַל־קלאָרער ריינקייט, אָן אַ טראָפּן מליצה און אַוואַנטורע, אָן זיגזאַגן, בעת דער צווייטער, פאַנטאַזיע־רייך און פאַרבן־רייך, איז אַ זוניקער מענטש, אַ ברויזנדער קוואַל פון פּאָעזיע, — אָבער קודם־כּל אַ געניאַלער ליטעראַט, מיט גרויסע מיטלען און גרוי־סער קראַפט, אָבער פריער פון אַלץ ליטעראַט. אין פאַרגלייך מיט דעם פלאַמענדיקן סטיל פון גאָרקי, וואָס האָט געזונגען, געברענט און געווען פול מיט בליענדיקן מענטשן־גלויבן, האָט טשעכאָוו אויסגעזען קיל, גע־זעצט, כּמעט פאַרבנלאָז, טשעכאָוו האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען כּדי אָפּצומעקן יעדן סימן פון צו שטאַרקער פאַרביקייט, פון צו שטאַרקער אַפעקטאַציע. ער האָט געציטערט ווי פאַר פייער פאַר יעדע איבערטריי־בונג, פאַר יעדן צו שטאַרקן עפעקט. זיין גאַנצער גרויסער קינסטלע־רישער טאַלאַנט האָט זיך קאָנצענטרירט אין דער נאָוועלע; אַפילו זיינע דראַמעס זענען אייגנטלעך געווען מער לירישע נאָוועלעס אין פאָרעם

פון דיאַלאָגן. צענדליקער יאָרן האָט ער געטרוימט וועגן אַ ראָמאַן, אָבער סוף־כל־סוף איז ער געקומען צום באַשלוס, אַז דאָס איז אים פאַר צו „לאַנג". ער האָט געגלויבט נאָר אין דעם, וואָס עס קען געזאָגט ווערן לאַקאָניש — אַן איבעריק וואָרט האָט אים שוין געמוטשעט ווי אַ פאַלש וואָרט. ער איז געווען אַזאַ פיינשמעקער און ער האָט זיך אַזוי געהאַלטן ביי זיין „פאַך", אַז ער האָט קיינמאָל נישט געשריבן קיין קריטיק אָדער פּובליציסטיק (איינמאָל האָט ער געפּרוווט אָנשרייבן אַ רעצענזיע און עס איז אים אויך נישט געלונגען). זיינע מיינונגען וועגן ליטעראַטור האָט ער אויסגעדריקט בלויז אין זיינע וווּנדערבאַרע בריוו, וועלכע זענען לויט זייער לאַקאָנישקייט און שאַרפקייט אויך געווען ווי פראַגמענטן פון נאָוועלן. אין דער זעלבער צייט איז גאָרקי געווען פילזייטיק און פילשטימיק, — אַ קריטיקער און אַ דיכטער, אַ דערציילער און אַ פּובליציסט, אַ דראַמאַטורג און אַ ראָמאַניסט און צייטנווייז זענען זיינע דעראיינערונגען אין זיינע פּובליציסטישע מאמרים געווען גלענצנדיקער פון זיין אייגנטלעכן, שטענדיקן זשאַנער. טשעכאָוו האָט איינגעזאַפּט אין זיך די פאַרבן פון דער וועלט טראָפּנווייז און די דאָזיקע טראָפּן האָט ער געזאַמלט פאַרזיכטיק, אויסמיידנדיק אַלץ, וואָס איז געווען צופעליק און צווייפלהאַפט, בשעת גאָרקי איז געווען ווי אַ שוואָם, וואָס זאַפּט אין זיך שנעל אַלץ אַריין, וואָס נעמט אין זיך אַריין און גיט פון זיך אַרויס שנעל און פאַרשווענדעריש. ביידע זענען זיי געווען מענטשן פון שוואַכן געזונט, אָבער אין טשעכאָוון האָט געפלאַקערט מיד בלוט וואָס איז נישט געווען בכוח צו באַזיגן דעם גיפט. וואָס האָט אים געמאַכט קראַנקערהייט אַוועקגיין פון דער וועלט אַזוי יונג; בעת גאָרקי האָט געירשנט פון זיין וווּנדערבאַרער באָבע איר וווּנדערבאַר קרעפטיק בלוט, וואָס האָט זיגעריש געקעמפט קעגן זיינע קראַנקע לונגען און ער האָט באַוויזן אַריינצולעבן ביז 68 יאָר.

***

פון פאַרשידענע זייטן זענען זיי געקומען. טשעכאָוו איז געקומען פון דער קלאַסישער וועלט פון דער רוסישער ליטעראַטור. ער איז אפשר

געווען די רייפסטע פּרוכט נאָך פּושקין, גאָגאָל, גאָנטשאַראָוו און טור־געניעוו. ער איז געווען דער, מיט וועלכן עס פאַרענדיקט זיך אַן עפּאָכע, די רייפע פּרוכט, די פּרוכט וואָס פאַלט פון זיך אַליין אַראָפּ אין דער שטילקייט פון אַ האַרבסט־נאַכט און וואַרט נישט אויף דעם קומענדיקן שטורעם. אויך ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט קומען אַ צייט („אין צוויי־דריי הונדערט יאָר שפּעטער", ווי עס האָט געטרוימט איינער פון די העלדן פון זיינע דראַמעס) און דאָס מענטשלעכע לעבן וועט ווערן שענער און בעסער, אָבער זיין דור וועט עס שוין נישט דערלעבן, אויף זיין דור איז דער אורטייל פון דער געשיכטע שוין פאַרטיק. דאַקעגן איז גאָרקי נישט געווען דער, וואָס זעט פאַר, אָדער דער, מיט וועלכן אַן עפּאָכע ווערט אָפּגעשלאָסן. ער האָט געגלויבט, אַז דאָס גוטע וועט נאָך קומען אין זיין צייט, ער האָט געגלויבט אין דעם קומענדיקן שטורעם, צו וועלכן ער האָט גערופן. די מעלאָדיע פון זיין שטורעם איז געווען דער אָנזאָג פון אַזאַ לעבן, פון אַן אויסלייזונג און דאָס איז געווען די גרויסע אָנציאונגס־קראַפט פון זיין דיכטונג, וועלכע איז פון שטאַנדפּונקט פון ריינער קונסט געווען ווייניק באַצויבערנדיק. דאָס איז געווען דאָס וואָרט פון דער צייט, דאָס גרויסע וואָרט, אויף וועלכן די דערשלאָגענע מענטשן פון סוף פון יענעם יאָרהונדערט האָבן אַזוי געוואַרט און נאָך וועלכן זיי האָבן אַזוי געבענקט. גאָרקי (ווי שילער קעגן געטע) האָט אַליין געוווסט, ווי „גרין" ער איז אין פאַרגלייך מיט דער גאָלדענער פּרוכט פון טשע־כאָווס דיכטונג. אָבער ער האָט דערקענט זיין מיסיע, געוווסט, אַז דאָס פוילע, מידע רוסלאַנד מוז האָבן פרישן בלוט, נייע מענטשן, מענטשן פון לעבנספרייד און גלויבן. ער האָט מורא געהאַט פאַר דער „מאַראַל" פון טאָלסטאָי דעם בעל־תשובה און נאָך מער האָט ער מורא געהאַט פאַר דער פינצטערער, קראַנקהאַפטער נשמה פון דאָסטאָיעווסקי. ער האָט גע־שטרעבט צו אַזאַ רוסלאַנד, וואָס זאָל זיין יונג און וואָס זאָל פאַרברע־נען די פינצטערע געשיכטע הינטער זיך. ער האָט געוואָלט אַ רוסלאַנד פון זון, פון מענטשלעכקייט און אַזוי ווי ער האָט עס נישט געפונען נישט אין דער שטאָט און נישט אין דאָרף, איז ער געגאַנגען אין די פאַר־שטעט, אין די פּאָרטן און ער האָט געשילדערט די „באָסיאַקעס". עס איז

קיין ספק נישט, אַז גאָרקי האָט די באָסיאַקעס אידעאַליזירט, אַריינגע־לייגט אין זיי זיינע אייגענע געפילן און געדאַנקען און האָט די דאָזיקע אָרעמע מענטשן פאַרוואַנדלט אין דיכטער, מאַרטירער און לעגענדאַרישע העלדן. אָבער דאָס אַלץ האָט ער געצויגן פון אַן אינערלעכער איינביל־דונג, וואָס איז געווען שטאַרקער פון דערווירקלעכקייט — די „באָסיאַ־קעס" זענען אין פאַרגלייך מיט דער בלוט־אָרעמער אינטעליגענץ זיכער געווען אַ פרישע קראַפט און אין זיי האָט גאָרקי געפונען דעם אויסדרוק פון דעם קומענדיקן שטורעם. וואָרום גאָרקי איז געווען ווייניקער פון אַ קינסטלער און מער פון אַ קינסטלער, ער איז געווען דער וויזיאָנער. זיין געניאַלע קראַפט איז באַשטאַנען אין זיין גלויבן מער ווי אין זיין קינסט־לערישן כוח, און מיט דער דאָזיקער קראַפט האָט ער געשאַפן אַ ווינקל פאַר זיך און פאַר די מענטשן פון זיין דור. פונקט אַזוי ווי גאָרקי האָט אונדז געלערנט ליב צו האָבן דעם מאָרגן, האָט טשעכאָוו אונדז געלערנט פיינט צו האָבן דעם נעכטן. אָן דער דאָזיקער פיינטשאַפט וואָלט אויך נישט געהאַט קיין באַדן גאָרקיס ליבע צום מאָרגן. נאָר די טאַלאַנטלאָזע שרייבער האָבן אַזוי פיל געפּלאַפּלט וועגן טשעכאָווס „גלייכגעוויכט", וועגן דעם, אַז טשעכאָוו האָט נישט קיין פאַרשטענדעניש פאַר דעם נייעם לעבן. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען, אַז טשעכאָווס קראַנק האַרץ האָט טיף געוויטיקט פון דער ירידה פון רוסישן מענטשן, אַז די נשמה פון אַלע זיינע שאַפונגען איז שטענדיק געווען די בענקשאַפט צו אַ גרויס לעבן פון שיינהייט און פרייהייט און טשעכאָווס שאַפונגען האָבן רעוואָלוציאָ־ניזירט און אויפגעבונטעוועט צענדליקער טויזנטער מענטשן אין רוס־לאַנד, אַ סך מער ווי אַלע רעוואָלוציאָנערע פּראָקלאַמאַציעס, וואָס זענען געשריבן געוואָרן דורך פּראַזעאַלאַגן און פּראָפעסיאָנעלע רעוואָלוציאָ־נערן.

***

גאָרקי איז פון דער נאַטור געווען מער שטורמיש, מער דראַמאַטיש. אַ מענטש, וועלכער איז מיט פרייד און געזאַנג געגאַנגען אין קאַמף. ער,

וועלכער האָט דורכגעמאַכט אַזאַ שווערע קינדהייט און אַזאַ ביטערע יוגנט, האָט פֿאַר קיין זאַך נישט מורא געהאַט. אויף טשעכאָוון האָט גע־שוועבט דער פּחד פֿון לעבן, די שרעק פֿאַר דער מיאוסקייט פֿון לעבן. ער איז געווען אַן איידלמאַן און האָט זיך געשראָקן פֿאַר יעדער באַרי־רונג מיט דער מיאוסקייט. ער האָט אויך פֿון די מענטשן קיין סך נישט געפֿאָדערט — אַזוי ווייניק האָט ער זיי געשעצט. גאָרקי האָט געקענט דעם „אָפּגרונט" נישט ווייניקער ווי טשעכאָוו, אָבער ער האָט געקוקט ווייט איבער אים. די דאָזיקע ווירקלעכקייט, מיט וועלכער מיר באַגעגענען זיך, איז צו שרעקלעך, אַז זי זאָל בלייבן אייביק — דאָס אַלעס וועט אַנ־דערש ווערן, מוז אַנדערש ווערן .נעבן דעם אונטערגאַנג האָט ער שטענ־דיק געזען פֿאַר זיך די וועלט פֿון דערלייזונג.

טשעכאָוו האָט געזען די מיאוסקייט פֿון לעבן, די שאַנדע פֿון דעם מענטשן און ער האָט אויפגעפּאַסט די רוסישע טעמפּקייט ווי אַ רע־זולטאַט פֿון לאַנגע יאָרן פֿון קנעכטשאַפֿט, וועלכער קען געענדערט ווערן נאָר דורך אַ לאַנגן פּראָצעס פֿון גייסטיקער קוראַציע, פֿון דערציאונג, דורך דער קולטור־אַרבעט פֿון גאַנצע דורות. גאָרקי האָט געזען אין דער רוסישער ווירקלעכקייט קודם־כּל פֿאַרדאָרבנקייט, וועלכע מען מוז גלייך אָפּווישן און אויסוואָרצלען מיטן שורש. אויך ער האָט געגלויבט אין קולטור און אפֿשר איז אין רוסלאַנד נישט געווען קיין מענטש, וואָס האָט מער געגלויבט אין קולטור, ווי ער. אין קעגנזאַץ צו טאָלסטאָי און דאָס־טאָיעווסקי, האָט גאָרקי געפּרעדיקט דווקא מערבֿ־אייראָפּעאישע הומאַניס־טישע קולטור, גערופֿן צו אַרבעט, צו אַקטיוויטעט, געוואָלט מאַכן אַ סוף צום רוסישן קאָשמאַר, צום רוסישן באַרבאַריזם, אין וועלכן ער האָט גע־זען דעם מקור פֿון אַלדאָס בייז. אָבער ער האָט נישט געוואָלט ווי טשע־כאָוו אָפּלייגן די גאולה אויף הונדערטער יאָרן, ער האָט געוואָלט, אַז דאָס גוטע זאָל קומען מאָרגן, שוין גלייך. אין דעם איז באַשטאַנען גאָר־קיס נאַיוויטעט, וואָס פֿאַר אים איז הומאַניזם און רעוואָלוציאָנערישקייט געווען דאָס זעלבע. טשעכאָוו, דער געלאַסענער, דער ווייט־זעענדער, ער האָט געוווּסט די געפֿאַר פֿון צעשטערונג, וואָס שטעקט אין דער אי־בערגאַנגס־צייט פֿון מלכות צו מלכות. אָבער גאָרקי, וועלכער האָט גע־

גלויבט, אַז „דער מענטש איז גוט", און נאָר דער שטן דערלאָזט נישט די גאולה, ער האָט געגלויבט, אַז גלייך נאָך דער איבערקערעניש וועט די וועלט אויפבליִען און אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אַלס שטערונג אויפן וועג פון דער מענטשהייט, וועט גלייך מיטאַמאָל אַוועק און דער מענטש וועט גלייך אַריין אין דעם „קעניגרייך פון הימל" און אויסמיידן די ליידן פון „חבלי משיח".

אַזוי פאַרשידן זענען די דאָזיקע צוויי מענטשן געווען און דאָך — ווי האָבן זיי איינער דעם אַנדערן ליב געהאַט און געאַכטעט. אפשר אומ־באַוווּסטזיניק האָבן זיי געפילט דאָס, וואָס אַנדערע האָבן נישט געוווּסט: אַז ביידע טוען זיי איין זאַך, יעדער לויט זיין גייסט, לויט זיין נאַטור און טעמפּעראַמענט. און זייער דור האָט ביידע גלייך ליב געהאַט, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען באַוווּסטזיניק און אומבאַוווּסטזיניק, אַז דער גרויסער קינסטלער, וועלכער אַנטלויפט פון דער עפנטלעכקייט און ברענט אין זיין איינזאַמקייט אין זיין וווינונג אין קרים; ער מיט זיין שטילן, באַשיי־דענעם אמת, וואָס איז ריין פון יעדער פראַזע, ער העלפט מיט צו רע־וואָלוציאָנירן די וועלט נישט ווייניקער, ווי זיין קאָלעגע גאָרקי, וועל־כער שטייט אויף דעם סאַמע פראָנט און פרעדיקט הויך די באַפרייאונג.

***

עס זענען דאָ שריפטשטעלער, וואָס גלייך ווי זיי טרעטן אַריין אין דער ליטעראַטור, פילן זיי מיט זיך אָן די אַטמאָספערע און ברענגען מיט זיך אַריין עפּעס אַ דערשיטערונג, וועלכע איז נישט בלויז אַ ליטעראַרי־שע. דאָס איז אָפּהענגיק פון טאַלאַנט, ווייל אָן דעם איז נישטאָ קיין פעסטע, אַנטשיידנדיקע השפעה; אָבער נישט בלויז פון טאַלאַנט הענגט עס אָפּ, נאָר אויך פון דער פּערזענלעכקייט, פון עפּעס אַ ספּעציעלער מע־לאָדיע, וואָס באַגלייט זיי אויף יעדן שריט. אַזעלכע זענען ביי אונדז גע־ווען ביאַליק, ברענער און אין זיין צייט, סמאָלענסקי. פון דעם זעלבן טיפּ איז אויך געווען גאָרקי, אָבער נישט טשעכאָוו, וועלכער איז ווי אַ קינסטלער געווען אָן אָן ערך גרעסער פון גאָרקין. גאָרקיס מעלאָדיע איז

געווען צוגעפּאַסט צום ריטם פון דער צייט און דערמיט האָט ער די מענטשן פון זיין דור באַצויבערט. טשעכאָווס ביכער פלעגן מיר לייענען. לייענען און ווידעראַמאָל לייענען — יעדער זייטל פון זיין פּראָזע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַזוי פיל חן און מיט אַזאַ פאָלקס־חכמה, אַז מיר האָבן קיינמאָל נישט געקאָנט זאַט ווערן. גאָרקין פלעגן מיר לייענען נאָר איין מאָל (און אַמאָל האָבן מיר אויך קיין געדולד נישט געהאַט אפילו איין מאָל צו דערענדיקן ביזן סוף), אָבער זיין פערזענלעכקייט האָבן מיר שטענדיק געשפּירט, ווי אַ לעבעדיקן אָטעם. פון פאַרשידענע קוועלן האָט ער געשעפּט. ער האָט געשריבן דערציילונגען, ראָמאַנען, דראַמעס זכרונות, עסייען, פּובליציסטיק, געווען רעדאַקטאָר פון צייטונגען, זשורנאַלן, זאַמלביכער, געגרינדעט פאַרלאַגן און קולטור־אַנשטאַלטן. אפילו ווען ער איז פאַרשיקט געוואָרן און געלעבט אויף קאַפּרי, האָט זיין גייסטיקער איינפלוס אויף רוסלאַנד נישט אויפגעהערט. דאָס איז געווען אַ קוואַל פון קראַפט, ענערגיע, גוטסקייט און איידלקייט, עכטע רוסישע איידלקייט און רוסישע רחבות, פון יענער ראַסע, פון וועלכער עס זענען אַרויסגעקומען די שאַליאַפּינס, די רעפּינס, יענע וואָס האָבן וואָס צו שענקען און שענקען מיט אַ ברייטער האַנט. גאָרקיס הויז איז געווען אָפן פאַר שריפטשטעלער, קינסטלער, פּאָליטישע עמיגראַנטן, פאַר יעדן, וואָס האָט מיט זיך עפּעס מיטגעבראַכט. יעדער וואָס איז געקומען מיט אים אין באַרירונג, האָט געשפּירט זיין געבענטשטע האַנט. דאָס האָט מען געשפּירט אויך אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן. ער, וואָס האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען צו שילדערן די פאַרגאַנגענהייט און גייסטיקע טעמפּקייט פון די „מיעשטשאַנעס“ (ווער געדענקט נישט די סעריע אַרטיקלען פון גאָרקין אין „נאַשאַ זשיזן“ אין 1905, די אַרטיקלען אין וועלכע ער האָט געגעבן אַ גענייאַלע כאַראַקטעריסטיק פון די דאָזיקע קליינע מענטשעלעך „אָן פליגלען“, וואָס קריכן אַרום אויף דער וועלט און באַשמוצן זי!), דעם רויבערישן סוחר און דעם טעמפּן „טשינאָווניק“, — ער האָט אויך אַנטדעקט אין דער טיפעניש פון דער מענטשלעכער נשמה דאָס גוטע און איידעלע, ער איז געווען דער איינציקער אין זיין דור, וואָס האָט נישט אויפגעהערט מאָנען די מענטשלעכע רעכט און דערציילן וועגן דער

ליגענדע „מענטש". דער דאָזיקער דראַמאַטיזם, צוזאַמען מיט ליכטיקער לעגענדאַרישקייט, זענען געווען דער עיקרדיקער נערוו פון זיין גאַנצן שאַפן.

ווער ווי ער איז נאָך געווען אַזוי פריי פון קליינע השגות און פון פאַראורטיילן? ווער ווי ער איז געווען אַזאַ טרייער פריינד פון אַלע גע־בילדעטע פעלקער פון רוסלאַנד און ספּעציעל פון יידן? דאָס איז ווירק־לעך געווען אַ „ברייטע נשמה" און אפילו אין זיינע לעצטע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ פּאַרטיי ־ מענטש, איז ער נישט אַריינגעפאלן אין דער ענגער וועלט פון פּאַרטיי־פאַנאַטיזם.

ווען איך בין מיט עטלעכע יאָר צוריק געווען אין איטאַליע, בין איך געפאָרן קיין נעאַפּאָל כדי צו באַזוכן גאָרקין אויף דעם אינדזל קאַפּ־רי. און ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז אָפּגעפאָרן קיין רוס־לאַנד, האָב איך פאַרלוירן יעדן חשק צו באַזוכן דאָס שיינע אינדזל. אָן גאָרקין האָט קאַפּרי פאַר מיר פאַרלוירן יעדן חן און צוציאונגס־קראַפט.

**
*

אויך די באַציאונג פון די מענטשן פון זיין דור צו גאָרקיס שאַפונ־גען האָט יעדעס מאָל זיך געענדערט. נאָכדעם ווי גאָרקי האָט פאַר דער מלחמה אָנגעשריבן עטלעכע אומגעלונגענע אָדער האַלב־געלונגענע ווערק (וואָס פאַר אַ שריפטשטעלער פון אַזאַ מאָס איז דאָס זעלבע ווי גאַנץ אומ־געלונגען), האָט מען אויף אַ געוויסער צייט זיך אין אים אַנטוישט און זיי־נע נייע ביכער האָבן מער נישט אַרויסגערופן אַזאַ אינטערעס ווי פריער. מען האָט אָנגעהויבן טראַכטן, אַז גאָרקי געהערט צו יענע, וועלכע בליען שנעל אויף כדי שנעל צו פאַרבליען, אַזוי ווי מען זעט עס ביי די „וווּנ־דער־קינדער".

דעמאָלט איז דערשינען „מיין קינדהייט", די אויטאָביאָגראַפיע, אין וועלכער דער פאַטעטישער גאָרקי האָט זיך באַוויזן אין אַן אַנדער פאָרם, מיט אַ נייער קינסטלערישער קראַפט, וועלכע ער האָט פריער נישט אַרויסגעוויזן אפילו אין זיינע בעסטע ווערק. געוויס איז ער אויך שוין

פריער געווען קרעפטיק און פריש, אָבער מייגסטנס איז עס געווען יענע פרישקייט און לעבנספרייד, וועלכע קומט מער פון דעם קול פון בלוט, איידער פון טיפן לעבנס־געפיל. געוויס איז זיין שפּראַך שוין פריער גע־ווען פול מיט זאַפטיקייט און אַז ער האָט דערציילט וועגן ים און וועגן די סטעפּעס, וועגן די „באָסיאַקעס" אָדער די סוחרים פון וואָלגאַ, איז דאָס אַלץ געווען אַזוי פריש און אַזוי פּאַרביק, גלייך ווי דאָס לעבן וואָלט דאָ פאַרמאָגט אַ שטיק אור־קראַפט. אָבער דאָ, אין „מיין קינדהייט" האָט אַ גלאַנץ געטון אַ נייער הומאָר: די לעבנס־לעגענדע איז געוואָרן נענטער, עכטער, די פאַרבן־רייכקייט, וועלכע פלעגט אין זיינע פריער־דיקע ווערק זיין אָפט צו געדיכט, צו פיל, איז דאָ אין דער וווּנדערלעכער פּאָעמע פון דעם דיכטערס קינדהייט געווען גערעכטיקט און עכט. דאָ איז ער געשטאַנען אין מיטן האַרץ פון רוסלאַנד און ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער פינצטערער רוסישער ערד עפּעס אַזוינס, וואָס איז געווען ניי און איבערראַשנדיק אַפילו נאָך דאָסטאָיעווסקין און גלייכצייטיק האָט דאָ די רוסישע ברייטע וועלט אַ שיין געטון מיט אַ נייעם גלאַנץ, מיט דעם ליכט פון מענטשלעכער אויפריכטיקייט, פון מיטלייד, גוטסקייט און ליבע, אַזוי ווי גאָרקי האָט עס געשילדערט אין די צוויי הויפּט־העלדן פון זיין פּאָעמע, זיין זיידע און זיין באָבע.

אין די דאָזיקע צוויי געשטאַלטן איז גאָרקי אַלס קינסטלער און דיכ־טער שטאַרק אויסגעוואַקסן, דאָ איז ער געוואָרן פאָלקאָמער, דאָ האָט ער געוויזן, פון וואַנען ער שעפּט די יניקה. אין דער געשטאַלט פון ביידן איז פאַרקערפּערט דאָס פינצטערע רוסלאַנד, דאָס אומגליקלעכע, דאָס גרויזאַמע, יענע רוסישע גרויזאַמקייט, וועלכע קומט פון עפּעס אַן אינער־לעכער פיין, וועלכע איז שטענדיק די נקמה פאַר רוסלאַנדס אָרעמקייט און שאַנדע; און אַלס קעגן־טיפּ צו אָט דער פינצטערער געשטאַלט — די אומגעהויערע אינערלעכע עשירות אין דער געשטאַלט פון דער ליכטי־קער באָבע. זי איז דער סימבאָל פון אַן אַנדער רוסלאַנד, דאָס רוסלאַנד פון ליבע און גוטסקייט, וועלכע איז מכפּר אויף דעם רוסלאַנד פון טעמפּקייט און געבראָכנקייט, דאָס רוסלאַנד וואָס גאָרקי האָט אַזוי פיינט געהאָט און געוואָלט אומברענגען. אין דער געשטאַלט פון דער

באָבע איז געגעבן דאָס פאָלקסטימלעכע רוסלאַנד, דאָס רוסלאַנד פון פעלד, וואַלד און רייכע טייכן, דאָס לאַנד, וואָס איז נאָך אינגאַנצן מי־טאָס און נאָך פול אָנגעזאַפּט מיט דעם גייסט און מיט דער דיכטונג פון לאַנגע דורות.

בשעת איך האָב געלייענט דאָס דאָזיקע בוך האָט זיך מיר אויס־געוויזן, אַז די גאַנצע וועלט שיינט, פונקט ווי אין די טעג, ווען איך האָב געלייענט דעם „גרינעם היינריך" פון גאָטפריעד קעלער, די יוגנט־דער־ציילונגען פון טאָלסטאָי און אייניקע זייטן פון די אויטאָביאָגראַפיעס פון מענדעלע און שלום־עליכם. אין דעם דאָזיקן בוך האָט גאָרקי דערציילט וועגן אַלץ, וואָס ער האָט געזען ווי אַ דיכטער, וועלכער זעט אין זיין פּערזענלעכן לעבן דעם סימבאָל פון מענטשלעכן לעבן בכלל; דערציילנ־דיק וועגן זיך האָט גאָרקי דערציילט אויך וועגן רוסלאַנד, וועגן דעם רוס־לאַנד, וואָס איז געווען און וואָס דאַרף זיין.

***

אין פאַרגלייך מיט „מיין קינדהייט", „צווישן מענטשן" און זיינע אַנדערע אויטאָביאָגראַפישע ווערק, ווי אויך זיינע זכרונות און כאַראַקטעריסטיקעס פון זיינע קאָלעגן־שריפטשטעלער — באַזונדערס וועגן טשעכאָוו, קאָראָלענקאָ, און טאָלסטאָי, — אין פאַרגלייך מיט די דאָזיקע ביידע ווערק, זענען זיינע פריערדיקע ווי פאַרטונקלט און פאַר־טושט געוואָרן; און אַפילו דער עפּאָס פון יענער עפּאָכע, אַפילו אַזאַ בוך ווי „סיעמקין", וואָס איז געשריבן געוואָרן פולשטענדיק רעאַליסטיש און געווען אַזוי פריש און רייך אין פאַרבן, אפילו די דאָזיקע פּאָעמע האָט אויסגעזען פאַרטונקלט אין פאַרגלייך מיט די נייסטע ווערק. אויך פריער האָט גאָרקי באַוויזן די קראַפט און דעם טאַלאַנט צו שילדערן מיט אַ שאַרפער פעדער די מענטשלעכע אינסטינקטן און ליידנשאַפטן. אָבער דאָרט האָט מען דאָך געזען דעם „בעל־מלאכה", די געשיקטע האַנט, בעת דאָ אין די זאַכן, אין וועלכע ער האָט דערציילט וועגן זיך אַליין, איז אַלץ געווען אַ סך נאַטירלעכער און אוממיטלבאַרער. דאָ האָט ער גע־

וואָלט זיין דיכטער און נאָר דיכטער; דאָ האָבן די געשעענישן באַקומען אַ לעגענדאַרישן גייסט און די גרויסע מענטשן, מיט וועלכע ער איז גע־קומען אין באַרירונג און וועגן וועלכע ער האָט דערציילט, זענען געוואָרן נאָך גרעסער. אין די זייטן וואָס גאָרקי האָט געווידמעט טאָלסטאָיען איז דאָ עפּעס פון יענער טיפזיניקייט און יענער שילדערונגס־קראַפט, וועלכע מיר געפינען אין די שמועסן פון פּלאַטאָן וועגן סאָקראַטן. אויך דאָ האָבן דער באַאָבאַכטנדיקער און דער באַאָבאַכטעטער צד געגאָסן איי־נער פון דעם אַנדערנס שיין.

אויף דעם געביט איז טשעכאָוו אַזוי גרויס נישט געווען. ער איז געווען גרויס גראָד, דערציילנדיק וועגן ווייטן. צווישן אים און דעם, וואָס ער האָט געמאָלט איז שטענדיק געבליבן אַ געוויסע דיסטאַנץ. אויך אין זיינע בריוו זענען די בעסטע גראַדיעזע, וועלכע זענען געשריבן געוואָרן נישט צו זיין פאַמיליע. אין זיינע בריוו צו זיין געליבטער פרוי געפינען מיר אפילו אַזוינס, וואָס מיר טרעפן נישט אין זיינע אַנדערע בריוו: אַ ביסל געשמאַקלאָזיקייט.

עס זענען דאָ אויך מאָלער, וועלכע עס געלינגט צום מיינסטן, ווען זיי מאָלן זיך אַליין. גאָרקי איז ביי זיין גאַנצער שילדערונגס־קראַפט דאָך געווען הויפּטזאַכלעך אַ לירישער מענטש, אַ מענטש, וואָס זעט די וועלט דורך די אויגן פון זיין אייגענער פערזענלעכקייט און מאָלט די וועלט אַזוי, ווי ער וויל זי זען. ער איז אַליין געווען אַ קינד פון דער בייער עפּאָכע, איינער פון יענע וואָס בליען אויף און וואַקסן פון זיך אַליין, און זיין גאַנץ שאַפן איז אַ קינד פון פרילינגס־שטורעם, וואָס צעשמעטערט די שנייען און פאַרטרייבט דעם נעפּל. טשעכאָוו איז געווען מער באָאַ־באַכטער און ער האָט מער געזען דעם תוך פון די דערשיינונגען. זיין מידע און קלוג אויג איז קיינמאָל נישט געווען פאַרנעפּלט, שילדערנדיק דאָס אָפּשטאַרבנדיקע רוסלאַנד, האָט ער קיינמאָל נישט פאַרדעקט די רור־סישע אַנמעכטיקייט, אָבער וויסנדיק, אַז דאָס אַלץ וועט סיי ווי אונטער־גיין, האָט ער קעגן דעם קיין פיינקייט נישט געהאַט. זיין רוסלאַנד מיט זיינע שוואַכע, מידע און אָפּשטאַרבנדיקע מענטשן רופט אַרויס עפּעס אַ געפיל פון צערטלעכקייט, ווי אַלץ וואָס פאַרגייט און שטאַרבט אָפּ. אַנ־

דערש איז עס ביי גאָרקין: זיינע העלדן זענען כמעט אַלע פּולבלוטיקע, פול מיט ליידנשאַפטן, ווייל אויך אין אים אַליין האָט געפלאַסן וואַרעם בלוט און ער איז געווען לעבנס־דורשטיק, פול מיט בענקשאַפט צו אַ נייער וועלט און אין זיין קולטור־הונגער איז ער געווען עטוואָס ענלעך צו אונדזער ביאַליק. ווייל ביידע זענען זיי געווען פאָלקס־מענטשן און אין יעדן טראָפּן בלוט זייערן איז געווען פאַרקערפּערט די געשטאַלט און דער שאַפונגס־דראַנג פון זייער פאָלק.

***

קינסטלערישע שלימות, ווי פערזענלעכע פולקאָמענהייט, איז נישט מער ווי אַ רעאַליסטישער באַגריף. דאָס שלימותדיקסטע איז נאָך נישט פריי פון וועלכן עס איז פאַרבאָרגענעם פעלער, וואָס מאַכט צו־נישט די גאַנצע ,,פולקאָמענהייט". די שלימות, אויך אין קליינע ווערק, האָט פאַר זיך אַליין עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווייל זי באַריי־כערט די וועלט, בשעת דאָס נישט־פולקאָמענע, האָט נאָר עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג, ווען עס איז פאַרבונדן מיט אַזאַ שטאַרקער אינערלעכער באַוועגונג, וועלכע צעשטערט יעדע פאָרם־דיסציפּלין.

טשעכאָוו איז געווען אויף אַזוי ווייט פולקאָם, אַז עס איז שווער אויסצוטיילן זיינע אַן איינציקע זאַך און צו זאָגן: אָט דאָס איז דאָס בעס־טע פון זיינע ווערק. ער איז געווען פון יענע שריפטשטעלער, וועלכע זענען איינפאַך נישט אימשטאַנד צו שרייבן שלעכט. דאָך, גלויב איך, אַז זיין נאָוועלע „דער סטעפּ" איז צווישן זיינע גרעסערע דערציילונגען די בעסטע. איך וועל נישט איבערטרייבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז עט־וואָס ענלעכעס האָב איך נישט געפונען אין דער גאַנצער פּראָזע־ליטעראַ־טור. דאָרט זענען די שטריכן און פאַרבן אַזוי דעליקאַט, אַזוי סובטיל, אַז אַפילו טורגעניעווס שילדערונגען זעען אויס אין פאַרגלייך מיט זיי גראָב. דער סטעפּ אַזוי ווי ער איז און דער סטעפּ אַלס וועלט־סימבאָל; סיטואַציעס פול מיט איידעלן ליריזם, פעלד־מעלאָדיעס, וועלכע הערן נישט אויף סיי אין די מאָמענטן פון שטילקייט און סיי אין די מאָמענטן

פון שטורעם און באַוועגונג — יעדער שטריך איז ווי אַ מעלאָדיע און אויך אויף אַלץ וואָס איז אויסגעדריקט אין רעאַליסטישע שטריכן שוועבט דער גייסט פון אומבאַשרייבלעכער צערטלעכקייט — מען האָט דאָס געפיל פון ווייטיק און פרייד גלייכצייטיק. און צוזאַמען מיט דער גרויסער פּאָעזיע באַגלייט אונדז דער איידעלער הומאָר, וועלכער ווירקט ווי טוי אין דער וויסטעניש. אין דעם ייִנגל דעם קליינעם יתום, וואָס וואַנדערט צוזאַמען מיט זיין פעטער דעם „בעל גוף" און מיט דעם גוטמוטיקן גלח איבער דער גרויסער וויסטעניש, אין אים איז פאַרקערפּערט דער צויבער פון דער קינדהייט און גאָטס האַנט, וואָס באַגלייט דאָס קינד, וועלכער לאָזט זיך אין דער ווייטער וועלט אַריין.

עטוואָס ענלעכעס דערצו געפינען מיר אין גאָרקיס „קינדהייט". אויך דאָרט באַשיצט גאָטס האַנט דעם קליינעם יתום און כאָטש דאָס לעבן שטעלט אים אויף טריט און שריט אַ סך שטרויכלונגען, ווערט עס דאָך יעדעס מאָל אויסגעגלייזט. צוזאַמען מיט דעם קליינעם יתום טרעטן מיר דאָ אַריין אין די טיפע אָפּגרונטן פון רוסישן לעבן און מיר זעען, ווי דאָס ייִנגל בלאָנדזשעט צווישן ליכט און שאָטן און ווערט דאָך יעדעס מאָל געראַטעוועט פון דער גנעץ, אין וועלכער ער פאַלט אַריין. אין דער געשטאַלט פון דער באָבע האָט גאָט צוגעשיקט דעם יתום אַ גוטן מלאך. זי אַנטדעקט פאַר אים די אַלע וווּנדער, וואָס זענען פאַרבאָרגן פאַר אַנדערע און אַלס באַלוין פאַר די אַלע באַליידיקונגען און קריוודעס, וואָס באַגעגענען דעם ייִנגל טאָג־טעגלעך, אַנטדעקט די אַלטע פאַר אים די אַלע כישופדיקע סודות, וואָס ליגן טיף פאַרבאָרגן אין דער ווירקלעכ־קייט. אויך אויף דעם דאָזיקן בוך שוועבט דער גייסט פון צאַרטן הומאָר און אויך דאָ זענען פאַראַן סימבאָלישע געשטאַלטן פון אייביקן רוס־לאַנד. אָבער ווידער די זעלבע געשיכטע: די דערציילונג „סטעפּ" האָבן מיר געלייענט צענדליקער מאָל און די „קינדהייט" האָבן מיר געלייענט נאָר איין מאָל. דאָס וואָס מאַכט גאָרקיס בוך צו שווער, איז זיין איבער־לאָדנקייט, זיין צו גרויס רייכטום און כאָטש די „קינדהייט" איז אַן אַב־סאָלוט גוט בוך, פאַרמאָגט עס דאָך נישט די לעצטע קאָנצענטרירטקייט, די עסענץ, וועלכע בלייבט אייביק און וועלכע זעטיקט קיינמאָל נישט אָן.

גאָרקיס איינפלוס אויף דעם לעבן פון יעדער עפּאָכע איז געווען אומגעהויער גרויס, אָבער אַלס קינסטלער איז ער דאָך נישט געווען אַזוי גרויס ווי טשעכאָוו און שפּעטער בונין. גייסטיקער איינפלוס און קינסט־לערישע פולקאָמענקייט זענען צוויי באַזונדערע זאַכן. די כוואַליעס פון דער רעוואָלוציע האָבן אויפגעהויבן גאָרקין, בשעת מענטשן האָבן אָנ־געהויבן גלויבן אין זייער כוח צו ענדערן דאָס לעבן און ווערן פריי. די זעלבע כוואַליעס האָבן טשעכאָוון און בונינען פאַרפּלייצט, אָבער זיי וועלן נאָכדעם ווי דער שטורעם וועט אַריבער ווידער הויך אַרויפשווימען, בעת גאָרקי, דער גרויסער גייסט און טאַלאַנט, אין וועלכן עס האָט ווירק־לעך זיך פאַרקערפּערט דער גאון פון דער עפּאָכע און וועלכער איז ביי אַלע זיינע חסרונות דאָך געווען אַ גרויסער שריפטשטעלער, אַ געניאַ־לער שריפטשטעלער, ער געהערט מער צו זיין עפּאָכע, ווי צו די שפּע־טערדיקע תקופות, און עס איז אַ גרויסער ספק, צי מען וועט נאָך ווייַ־טער לייענען זיינע ביכער און יעדעס מאָל שפּירן אין זיי אַ נייעם טעם, ווי אין די ביכער פון טשעכאָוו און בונין.

די גרויסע אָנזאָגער פון אַ נייער עפּאָכע זענען מייַנסטנס נישט קיין גרויסע קינסטלער פון דער פאָרם. דער אויסדרוק איז דער רעזולטאַט פון בלוט, די פאָרם — דער רעזולטאַט פון דער קולטור. טשעכאָוו איז געווען דער רעזולטאַט פון דער רייפקייט פון דער רוסישער פּראָזע, די העכסטע אַנטוויקלונג אירע אין 19טן יאָרהונדערט. גאָרקי איז געווען דאָס קינד פון אַ נייעם שיכט, ער איז געקומען ווי אַן אָנזאָגער, ווי אַ פּראָקלאַ־מאַטאָר. אויסערלעך ווייזט זיך אויס, אַז די דאָזיקע צוויי באַזונדערע טיפּן, דער וויזיאָנער און דער ריינער קינסטלער, האָבן צווישן זיך גאָר־נישט געמיינזאַמס. אָבער אַ גרויסע עפּאָכע שאַפט פאַרשידענע גייסטיקע טיפּן און אַלע דערפילן זיי די זעלבע מיסיע. גראַדע דער שריפטשטעלער־קעמפער מוז האָבן אין זיין קאַמף יענע אַטמאָספערע, וועלכע עס שאַפט די שלימותדיקע דיכטונג, ווייל אין איר קומט צום אויסדרוק דער ריינער לעבנס־אמת און נאָר אין איר, וועלכע היט זיך פאַר יעדער מליצה און איבערטרייבונג, ווערט פאַרקערפּערט אויף אייביק דער אַבסאָלוטער גייסט.

# די יידישע ליריק

— 1 —

די יידישע פּאָעזיע איז נישט אויסגעוואַקסן אויף אַזאַ רייכן באָדן, ווי די מאָדערנע העברעאישע. זי האָט נישט געהאַט נישט איר הויך־אַנטוויקלטע בילדער־ און קאָלאָריטן־רייכע שפּראַך, די שפּראַך, וואָס האָט טויזנטער יאָר איינגעזאַפּט אין זיך די גייסטיקע אוצרות פון אומצאָליקע דורות, נישט איר גרויסן ליטעראַרישן עבר בכלל מיט זיינע אייביקע נאַציאָנאַלע טענדענצן און שטרעבונגען. האָט אָבער די יידישע פּאָעזיע געהאַט אַן אַנדער מזל, — וואָס זי איז אויסגעוואַקסן און אַנטוויקלט געוואָרן גלייך פון דעם פאָלקסטימלעכן יידישן ליד, בעת די ערשטע מאָטיוון אין דער נייער העברעאישער פּאָעזיע זענען געבוירן און אַנטוויקלט געוואָרן אונטערן איינפלוס פון בוך און פון אַבסטראַקטע אידעען פון יחידים. די נייע העברעאישע פּאָעזיע האָט געמוזט דורכגיין אַ לאַנגן אומעטיקן וועג פון איינזאַמקייט, בלייבנדיק פיל צענדליקער יאָרן כמעט אינגאַנצן פרעמד דער פאָלקס־נשמה, ביז זי האָט אין די לעצטע יאָרן געוווּנען דעם נאַטירלעכן סטיל און דעם עכטן לירישן טאָן, בעת די יידישע פּאָעזיע, וואָס האָט געשעפּט אין אירע ערשטע טעג אוממיטלבאַר פון די פאָלקס־קוואַלן, האָט זיך גלייך אומגעקערט צום האַרץ פון פאָלק, וואָס האָט זי וואַרעם אויפגענומען, און גלייך אָנערקענט אַלס אייגענע.

די ניי־העברעאישע ליריק האָט אין איר אָנפאַנג געליטן פון שפּראַכלעכער איבערפּליסיקייט. די שפּראַך איז געווען פיל רייכער פון נעם אינהאַלט. עס איז נישט געווען, אין וואָס אַריינצולייגן די גרויסע שפּראַך־קאַפּיטאַלן, און די עלעמענטאַרע געדאַנקען און געפילן פון די דיכטער זענען אינגאַנצן בטל געוואָרן פאַר דער רייכער ביבל־מליצה. די

יידישע ליריק ליידט נאָך ביז היינט — אויב זי וויל נישט אָנקומען צו לייטן — פון שפּראַך־מאַנגל. זי האָט אָבער אין אָנהויב געהאַט די פּאָ־סיקע שפּראַך פאַר איר אינהאַלט. די פּרימיטיווע געדאַנקען און געפילן האָבן געהאַט די פּרימיטיווע שפּראַך־מיטלען, אין וועלכע זיי האָבן זיך גענויטיקט.

דער יידישער פּאָעזיע פעלט דער אָדל־גלאַנץ פון שיינער עלטער. זי פאַרמאָגט נישט די דינע ווערטער־מוזיק, וואָס קלינגט אָפּ מיט פיל־פאַרביקע טענער פון פאַרשידענע אַלטע און אוראַלטע דורות. וויל זי זיך אַ פּוץ טון אַביסל נגידיש, וואַרפט מען איר באַלד אויף: „טו אויס, שוועס־טער־לעב, — ס'איז גאָטס און פרעמדס!“... קיינער וועט אָבער נישט אָפּלייקענען, אַז אין דער יידישער פּאָעזיע, אויף וויפיל זי שטייט אויף איר א[illegible]ענעם באָדן, איז דאָ אַזאַ חן, וואָס מאַכט זי אונדז נאָענט און ליב, טו[illegible] איר אָרימקייט. עס איז דער חן פון נאַטירלעכקייט, דער לי־בער אין פּראָסטער טאָן, וואָס עס שאַפט דאָס אינטימע וואָרט, דאָס וואָרט, [illegible]אָס איז פאַר אונדז דאָס א יי נ צ י ק ע, ווייל קיין אַנדערס האָבן מיר נישט און קיין אַנדערס זוכן מיר נישט...

די יידישע פּאָעזיע קאָן נישט זיין ריטאָריש, ווייל יעדער העכערער טאָן אירער גרילצט אין אויער און שרייט געוואַלד: איך בין נישט נאַ־טירלעך!... אַ שפּראַך, וואָס איר גאַנצע עבר־ליטעראַטור באַשטייט פון אַביסל תחינות, ספּורי־מעשיות און פאָלקס־לידער, האָט נאָך, אמת, נישט די אַלע חנדלעך און קאָקעטעריי־שטיק, וואָס אַ הויך־קולטורעלע שפּראַך. דערפאַר אָבער פאַרמאָגט זי דאָס, וואָס יענע האָט שוין לאַנג פאַרלוירן — די מעגלעכקייט צו אויסדריקן מיט אירע אָרימע מיטלען נאָר ריינע געפילן, נישט קיין קאַלטע ליטעראַטור־סברות. דוקא דאָס, וואָס ביי איר איז דאָס שיינע וואָרט נאָך נישט געוואָרן אַזוי ביליק, מאַכט זי אַזוי קאַרג אויף מליצות און אַזוי מילד אויף פּראָסטע האַרציקע ווערטער. יעדעס פאַלשע וואָרט אין איר ווערט באַלד אַנטדעקט אין איר, ווי אַ שטאָטי־שער פראַנט צווישן פּראָסטע דאָרפס־יונגען...

וואָלט נאָר דאָס המונישע אין דער יידישער פּאָעזיע אַזוי אָפּט איר נישט קאַליע געמאַכט דאָס פּנים, וואָלט נאָר דאָס בדחנישע, וואָס אַנ־

דערע נעמען אָן פאַר פאָלקסטימלעכעס, אַזוי פיל אָרט נישט פאַרנומען אין איר. אמת, דאָס יידישע ליד איז שיין, ווען עס איז מער אָדער ווייניקער פאָלקסטימלעך. דאָס פאָלקסטימלעכע איז אָבער נישט דאָס וואולגאַרע. זיין פאָלקסטימלעך, הייסט נישט זיין גראָב און אויבערפלעכלעך. עס הייסט — זיין באַשיידן־טיף, רירנדיק־פּראָסט און אָריגינעל, שעמענדיק זיך מיט אָריגינעליטעט... עס הייסט — אַן אייגן רענדל באַהאַלטן צוליב דעם כשרן פאָלקס־גראָשן; אייגענע אוצרות באַגראָבן, כדי פאָלקס־אוצרות אויפצוגראָבן. עס הייסט — פון אַלטע, אָפּגעריבענע מטבעות דעם שטויב אָפּטרייסלען, אַז זיי זאָלן אַ גלאַנץ טון מיט זייער ערשטן גאָלדענעם גלאַנץ. זיין פאָלקסטימלעך הייסט — ז י ך מפקיר זיין, ז י ך פאַרשטעלן, און דאָך בלייבן באַמערקט, און דאָך האָבן אַ נאַטאַריעלן שיין אויף אייגנס... אונטער די אַלטע, בלייכע, אָפּגעבליאַקעוועטע פאַרבן דאַרף זיך שטענדיק פילן זייער אוראַלטע פרישקייט, פון אונטער דעם איינפאַכן גראָבן אויבערמאַנטל פון דער פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע דאַרף שעמעוודיק אַרויסקומען דאָס זיידענע ווייכע פונעם דיכטער...

מען דאַרף איינמאָל פאַר אַלע מאָל שטרענג אָפּגרענעצן דאָס פאָלקסטימלעכע פון דעם וואולגאַרן, ווייל צו אָפט פאַרבייט מען זיי ביי אונדז איינע אויף דאָס אַנדערע. זיין פאָלקסטימלעך הייסט זיין, וואָס ווייניקער ל י ט ע ר אַ ר י ש, וואָס מערער מ ע נ ט ש ל ע ך; די מיטלען, מיט וועלכע עס באַנוצט זיך דער פאָלקסטימלעכער דיכטער, זענען אין פלוג די פּרימיטיוווסטע; עס זענען בילדער און געדאַנקען, וואָס דאָס פאָלק האָט אַליין באַשאַפן, וואָס די שפּראַך אַליין פאַרמאָגט. די זעלבע לידער, די זעלבע געשיכטן ווערן געזונגען און דערציילט אין טויזנטער נוסחאות, און אומצאָליקע וואַריאַנטן — יעדער זינגט און דערציילט לויט זיין השגה, לויט דער מדרגה פון זיין נשמה. ווען עס קומט אָבער דער פּאָעט אונדז איבערדיכטן די זעלבע זאַכן, דאַן פאָדער איך דעם א י ד ע אַ ל ן אויסדרוק פון זיי. דאַן שטעל איך מיר פאָר טויזנט זינגער אָדער דערציילער פון די זעלבע זאַכן, איינער העכער פון אַנדערן, און איבער זיי אַלעמען — דעם טויזנט ערשטן, דעם דיכטער, אַלס די העכסטע מדרגה פון דער פאָלקס־נשמה. זיין פאָלקסטימלעך הייסט, אַלזאָ, נישט זיין

אַ ל יי ן פּרימיטיוו אָדער איבערפלעכלעך; עס הייסט, אומגעקערט, זיין העכער פון אַלע, נאָר נישט אָפּגעריסן פון אַלע. עס הייסט — זיין דער העכסטער בוים אין וואַלד, וואָס פאַררייסט דעם קאָפּ ביז צו די וואָלקן, בעת זיינע וואָרצלען זענען געקניפּט און געפלאָכטן מיט די וואָרצלען פון די קלענסטע ביימלעך, וואָס אַרום אים...

זיין דיכטער, הייסט שטענדיק זיין דער טויזנט ערשטער... נישט אַלע זענען אָבער זוכה דערצו. אויך נישט אַלע פאָלקסטימלעכע דיכטער זענען גלייך. עס טיילט אָפּ אַ גרויסע דיסטאַנץ איין פאָלקסטימלעכן דיכ־טער פון צווייטן. איינער איז פאָלקסטימלעך מיט זיין גוטן ווילן, ווייל אים איז ליב זיך צו וואַרעמען ביים באַשיידענעם פייערל פונעם פאָלק, כאָטש טויזנט זונען הענגען איבער זיין קאָפּ, בעת דער צווייטער מוז זיך האַלטן ביי דער היים, ווייל אַלע אַנדערע וועגן זענען אים פרעמד...

שעדלעכער פון אַלץ איז אָבער די א י מ י ט י ר ט ע פאָלקסטימ־לעכקייט. עס קומען מענטשן מיט נשמות און געפילן פון מאַרק־יידענעס און שרייען: מיר זענען פאָלקסטימלעך! אַ גליק, וואָס עס איז זיי אַזוי לייכט צו דערקענען. זיי פאַרמסרן די פרעמדע טענער, מיט וועלכע זיי האָבן ליב צו באַפּוצן די אָרימע וווינונג פון זייער כלומרשט פאָלקסטימ־לעכער פּאָעזיע, עס זאָל אויסזען, ווי ביי לייטן... עס איז זיי לייכט צו דערקענען, ווייל זיי זענען קיינמאָל נישט אימשטאַנד דאָס פּרימיטיווע צו איידעלן, אויפצוהייבן, עס זאָל דאָס געוועגלעכע אַ בליץ טון פאַר אונדז מיט אַ נייעם, אומדערוואַרטעטן גלאַנץ. דערפאַר אָבער זענען זיי גרויסע בריהס דאָס גרויסע און הויכע פון די פאָלקס־אוצרות פאַר קופּערנע מטבעות צו פאַרקויפן...

דאָס יידישע ליד איז גרויס מיט זיין פּראָסטקייט, מיט זיין איינ־טימלעכקייט. דאָס איז זיין געזעצלעך אייגנטום. מיט די אייגנשאַפטן צייכנט עס זיך אויס, מיט זיי דערפולט עס אונדזער מאָדערנע העברע־אישע פּאָעזיע, וואָס איז בכלל אומגעהייער רייפער און שטייט באַזונ־דערס העכער אין נאַציאָנאַלן זין, נאָר וואָס האָט ביז איצט נישט געקאָנט זיין דורך אירע שפּראַך־תנאים אינגאַנצן פאָלקסטימלעך. עס פעלט דער יידישער ליטעראַטור נאָך פיל, אַז זי זאָל זיך שוין פאַרקלייבן אויף די

הויכקייטן פון דער פּאָעזיע. זי האָט אָבער געגוג מיטלען, כדי צו שאַפן איר אייגן געשטאַלט, כדי לאַנגזאַם צו אַנטוויקלען זיך און איבערגיין פון דעם פאָלקסטימלעכן ליד צו די אייביקע מאָטיוון פון דער אַלוועלטלעכער פּאָעזיע.

— 2 —

אומעטיק און איינפּאַרביק איז דאָס יידישע פאָלקס־ליד. אָרעם אין פאַרבן, אָרעם אין בילדער, אָרעם אפילו אין געוויינלעכע ווערטער. אויס־געוואקסן אין אָרעמקייט און אין נויט פון אונדזערע ברידער און שוועס־טער, זייענדיק די טרייסט און די תפלה פון די ענגע ווינונגען, ווו עס פעלט די פריילעכע זיכערקייט פון געזונטע לאַנד־לייט, ווו דאָס גאַנצע לעבן איז אַ זאַך, וואָס מען מוז דאָס ווי' עס איז איבערקומען, ווו אפילו די יונגע און פריידנפולע ליבע איז עפּעס אַזוינס, וואָס רופט אַרויס אין האַרצן פון אָרימען יידישן קינד צוזאַמען מיט איר זיסן צויבער נישט־קלאָרע שרעקן פאַר אַ שלעכטן סוף — פאַרמאָגט נישט דאָס יידישע פאָלקס־ליד קיין גרויס עשרות. דעם פאַרהאָרעוועטן יידישן בעל־מלאכה און דעם אָרימען יידישן דינסטמיידל איז געווען פרעמד דאָס פרייע זאַנ־גען־פעלד, דער פריילעכער קלאַנג פון דער בלאנקנדער קאָסע; די יידישע ליבע איז נישט געשלאָסן געוואָרן אין זיסן שאָטן פון אַלטע זילבערנע ווערבעס אויפן ברעג פון שטילע, ליכטיקע וואַסערן. און דאָך גיט אין דער יידישער פאָלקס־ליד דאָ און דאָרט אַ גלאַנץ־אויף דאָס אמתע האַרץ־וואָרט, עס גיט זיך אַ דעק־אויף די מענטשלעכע נשמה מיט אירע איי־ביקע ליידן, מיט איר אייביקער שיינקייט. אפילו די פּראָסטע, אָפטמאָל גראָבע אויסדרוקן און בילדער, זענען געבענטשט מיטן נאַאיוון חן פון יעדער שאַפונג, וואָס איז נאַטירלעך, נישט געקינצלט, אין וועלכער עס שפּירט זיך דער נאַקעטער טראַגישער ערנסט אָן אויבער־חכמות, אין וועלכער דאָס מענטשלעכע געפיל שעמט זיך נישט מיט זיך אַליין און זוכט נישט קיין מיטלען מיט איין וואָרט זיך אויפצודעקן און מיט דאָס צווייטע זיך צו פאַרדעקן...

דאָס יידישע פאָלקס־ליד איז אויסגעוואַקסן אין דער ענגער יידישער גאַס, און איז אָפּגעריסן נישט נאָר פון דער מילדער, גרינער ערד מיט איר אייביקער באַהאַלטענער טרייסט, נאָר אויך פון אַ ווייטער מיטאָלאָגישער תקופה, וועלכע לאָזט שטענדיק איבער רייכע קאָסמישע בילדער און פאַרשטעלונגען אין יעדער פאָלקס־שאַפונג, וואָס ציט איר גאָלדענעם פאָדעם פון לאַנגע דורות מיט נאַטירלעכער שפּראַך־אַנטוויקלונג און לאַנגיעריקער טראַדיציע. נאָר מער פון אַלץ פעלן אין איר דאָס פריילעכע, גאַוהדיקע און דער נאַציאָנאַלער באַוווסטזיין. אין זייער אַ פינצטערער עפּאָכע פון דער ייד. געשיכטע האָט זיך אָנגעהויבן די אנטוויקלונג פון די יידישע פאָלקס־לידער. און פינצטער איז געווען נישט נאָר פון א ו י ס נ־ ו יי נ י ק, נאָר אויך פון א י נ ע ו יי נ י ק... עס איז די צייט, ווען איבערן יידישן לעבן און אויך איבער דעם יידנטום אַליין האָבן אַ בלאָז געטון די קאַלטע, רויע ווינטן, און דאָס יידישע האַרץ און דאָס יידישע תורה־וויזן זענען ביידע אויף לאַנגע יאָרן געוואָרן פאַרפרוירן און פאַרצויגן מיט אַ גראָבער הויט פון אייז. נישט קיין א יי ן ליכטיקער געדאַנק, און נישט קיין א יי ן ליכטיק געפיל האָבן דעמאָלט באַלעבט די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור. עס האָט זיך געצויגן דער לאַנגער פלאָנטער פון די רבנישע פלפול־ספרים, מיט וועלכע יעדער האָט צוגעוואָרפן אַ נייעם שטיין אויף די לעבעדיקע אוראַלטע קוואַלן פון דעם יידישן געדאַנק און דער יידישער פּאָעזיע. די עפּאָכע פון שבתי־צבי האָט איבערגעלאָזט אייניקע שיינע, מיסטיש־רייכע לידער; זענען זיי אָבער, ווי אַ גרויסע טייל פון אונדזער פאָלקסטימלעכער ליטעראַטור, געשאַפן אין אראַמישן. און דאָס חסידות האָט איר גאַנצע דבקות, איר גאַנצע בענקשאַפט נאָך געטלעכער שיינקייט מער אויסגעדריקט אין ניגונים און מעלאָדיעס, איידער אין וואָכנדיקע ווערטער. עס איז דערפאַר קיין ווונדער נישט, וואָס אייניקע פון אונדזערע נאַציאָנאַלע דענקער טרייסלען זיך אָפּ, ווי מ׳זאָגט, מיט הענט און פיס פון דער יידישער פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע, שפּירנדיק אין אירע גרונט־מאָטיוון און אין אירע אומבאַהאָלפענע שפּראַך־מיטלען דעם פינצטערן אויסדרוק פון גלות־גייסט. עס איז אָבער אַ גרויסער טעות. עס איז דער אייביקער טעות פון די, וואָס זוכן

אין אַ זאַך דאָס, וואָס מען דאַרף אין איר נישט זוכן. נישט דעם נאַציאָ־נאַלן טיפן געדאַנק דאַרף מען זוכן אין די יידישע פאָלקס־לידער. דאָס פאַרמאָגט דאָס אפשר נישט. דערפאר אָבער פאַרמאָגט דאָס עפּעס אנדערש, וואָס וואַלגערט זיך אויך נישט אונטער די פיס אין פאַנטעאָן פון יעדער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור — עס איז דער איינפאַכער, אינעווייניקסטער אויסדרוק פון פאָלקס־האַרץ אין אַ ביטערער, פינצטערער צייט; עס איז דער קרעכץ פון קלענערן אָרימען ברודער, דער אָפּקלאַנג פון זיינע ליידן און פריידן, פון וועלכע דו לערנסט אים נישט נאָר צו קענען, נאָר אויך צו ליבן; עס איז, צום סוף, די שעמעוודיקע, נאָר זאַפטפולע פּאָעזיע, צו וועלכער דאָס דורשטיקע האַרץ קערט זיך שטענדיק אום, ווען עס ווערט טרוקן פון דער קאַלטער שיינקייט פון הויכער קונסט, ווען דער מידער קאָפּ זוכט אויף עפּעס זיך אָנצושפּאַרן, אויף עפּעס אייגנס, זיכערעס, אמתדיקס... ווייל דאָס זיכערע אייגנס פון יעדער ליטעראַ־טור איז שטענדיק די פאָלקס־פּאָעזיע און דאָס, וואָס עס ווערט געבויט אויף אירע יסודות.

כמעט אין אַלע צייטן — האָט מיר ביאַליק אַמאָל אַרויסגעזאָגט אַ געדאַנק, ריידנדיק וועגן דאָס נאַציאָנאַלע און פאָלקסטימלעכע אין אונ־דזער ליטעראַטור — איז צו באַמערקן אַ געוויסן ביטול ביי די אינטע־ליגענטערע פאַרשטייער פונעם פאָלק, ביי די תלמידי־חכמים, צו דער פאָלקסטימלעכער שאַפונג. עס שפּירט זיך שוין אפילו אין תנ״ך, נאָר קלאָרער איז דאָס צו באַמערקן אין דער באַציאונג פון די בעלי־הלכה צו די בעלי־אגדה. די אגדה איז געשאַפן געוואָרן פאַרן פּראָסטערן עולם און, מערסטנטייל, דורך יענע, וואָס זענען נישט נאָר געווען מער באַגאַבט אַלס דיכטער, נאָר וואָס זענען אַליין געשטאַ־נען נענטער צום פאָלק. דאָס פאָלק האָט שטענדיק הויך געשעצט די אגדה און פלעגט קומען מאַסנווייז הערן אירע פאַרשטייער, אָבער אין די ישי־בות זעלבסט האָט מען געקוקט אויף איר שטענדיק, ווי מ׳זאָגט, פון אויבן אַראָפּ. און די זעלבע ביטולדיקע באַציאונג איז צו באַמערקן ביזן היינטיקן טאָג צו יעדן ספר, וואָס איז שטאַרק באַליבט ביים המון דורך זיין פאָלקס־טימלעכקייט. איבער דעם איז ביי אונדז אַזוי פאַרנאַכלעסיקט די גאַנצע

פאָלקסטימלעכע פּאָעזיע פון די לעצטע הונדערטער יאָרן, די אַלע הונ־דערטער פאָלקס־מעשיות, לידער, אַנעקדאָטן א. ד. גל., וואָס וואָלטן גע־בילדעט גאַנצע אוצרות פאַרן פאָלק און פאַר אונדזער מאָדערנער קונסט.

צום באַדויערן, זענען די לידער, וואָס זענען אַריין אין מאַרעק און גינזבורגס זאַמלבוך, מערסטנטייל געגעבן געוואָרן אין די ליטווישע וואַריאַנטן, וואָס שטייען פיל נידעריקער אין שפּראַכלעכן זין פון די וואָ־לינער, פּוילישע און בעסאַראַבער, ווו די שפּראַך איז באַדייטנדיק שענער. צאַרטער און ריינער פון רוסיציזמען. נאָר אפילו אין די גרעבסטע פאַר־מען פון דער אמתער פאָלקס־פּאָעזיע איז דאָ אַן אייגנאַרטיקער חן, עס איז דער חן פון דעם, וואָס ווערט אַרויסגעזאָגט אָן ווערטער, וואָס מיר פילן דורך אַ ווייטן רמז. עס איז די שיינקייט פון געפילן, וואָס רייסן זיך הילפלאָז פון האַרצן, וואָס בלייבן האַלב דערוואָרגן אינעווייניק, נאָר וועלכע מיר שפּירן נאָך צומאָל דורך דעם מיט אַ גרעסערער מאַכט. א יי ן וואָרט, א יי ן אויסדרוק אין אַ ליד, צומאָל נאָר דער אָפּ־קלאַנג פון ווערטער, וועלכע זענען אפילו נישט אין גאַנצן קלאָר, נישט אין גאַנצן לאָגיש געבונדן, שאַפן ביי אונדז אין האַרצן גאַנצע רייען פון בילדער און געפילן און ליבע זכרונות... האָט דאָך פּרץ, אין אַ גרויסער טייל פון זיינע פאָלקסטימלעכע געשיכטעס, און ביאַליק, כמעט אין אַלע זיינע „משירי עם", נישט גענומען מערער, ווי דעם טאָן, דעם קלאַנג, דעם אַלגעמיינעם קאָלאָריט, פון די פאָלקסטימלעכע זאַכן, און מיט אייגענעם זיידנס דערוועבט די פראָסטע כשרע פעדים, וואָס ציען זיך פון פאָלקס־שאַפונג.

אויף פרעמדער ערד און אונטער פרעמדע הימלען זענען אויסגע־וואַקסן אונדזערע פאָלקס־לידער. די פרעמדע ערד האָט אָבער איינגע־זאַפּט אונדזערע וואַרעמע טרערן און אונטער די פרעמדע הימלען האָבן אָפּגעקלונגען אונדזערע שטילע תפילות. עס גייען נישט פאַרלוירן קיין אמתע טרערן און עס שטאַרבט נישט אָפּ אויף אייביק קיין ריינע תפילה. זיי בליען מיט נייעם חן אויף אַלץ מערער און מערער אין אונדזער יידי־שער, ווי אויך אין דער העברעאישער פּאָעזיע, און ווערן אַלץ מערער דער פעסטער יסוד פון אונדזער פּאָעזיע אין דער צוקונפט.

— 3 —

דער ערשטער דור פון די יידישע פאָלקסטימלעכע פּאָעטן, ש. בערנשטיין, מיכל גאָרדאָן, אליקום צונזער, י. ל. גאָרדאָן (אין זיינע יידישע לידער), אברהם גאָלדפאַדען, באַזונדער מ. מ. וואַרשאַווסקי, שטייען נאָך אַזוי נאָענט צום יידישן פאָלקס־ליד, לויט דעם אַלגעמיינעם גייסט פון זייער פּאָעזיע, אפילו לויט זייערע פּרימיטיווע פאָרמען, אַז זיי זענען כמעט אַלע אָנגענומען געוואָרן ביים פאָלק און ווערן אומעטום געזונגען, ווי פאָלקס־לידער. בערנשטיינס מוזע האָט אפילו ליב צומאָל פילאָזאָפישע מאָטיוון... ער באַזינגט די פאַלשע האָפענונגען פונעם לעבן, די חלומות, וואָס נאַרן אונדז אָפּ פון קינדערייז אָן ביז אין דער עלטער; גאָר די גרעסטע טייל פון זיינע לידער זענען צייט־מאָטיוון, — הומאָריסטישע און סאַטירישע קופּלעטן אויף חסידים, א. ד. גל. — אַביסל אָפּלצען, חוזק מאַכן פון די רייכערע קלאַסן, באַזונדערס, פון רבנים און כלי־קודש, — דאָס האָט שטענדיק ליב די פאָלקסטימלעכע ליטעראַטור ביי אַלע פעלקער, און דאָס זענען אויך די הויפּט־מאָטיוון פון אונדזערע ערשטע פאָלקס־דיכטער.

אומגעהויער העכער פון בערנשטיינען שטייט מיכל גאָרדאָן. זיינע מאָטיוון זענען אפילו כמעט די זעלבע, וואָס בערנשטיינס: סאַטירישע און נאַיוו־חקרנישע. ער איז אָבער פיל באַגאַבטער פון יענעם, און אייניקע פון זיינע לידער זענען קלאַסיש לויט זייער גלענצנדיקער פאָרם און שאַרפזיניקייט. אין זיינע לידער פילט זיך אמתע אינטעליגענץ און הויכער געשמאַק; זיי זענען פּראָסט און זייער סאַטירע איז בייסנדיק און גוטמוטיק צוזאַמען:

איר זייט דאָך, רב ייד, אין פּאָלטאַווע געוועזן,
האָט איר דאָך דאָרטן מיין מאַן געזען;
מען זאָגט, מען זאָגט — אַ חרפּה, אָן אַ זייט —
מען זאָגט, אַז ער איז געוואָרן פאַרשייט.

מען זאָגט: ער גייט שוין גאַנץ קורץ געקליידט,
נאָך דער גוישער מאָדע גאָר אָפּגעגנייט,
ער גייט אָן אַ היטל גאַנצענע טעג,
און רעדט מען מיט אים, זאָגט ער: מען מעג.

אין זיין חקרניש ליד „די לעבנס־צייט“ געפינען מיר שוין אַזוינע ערלעכע סטראָפן:

עס טוט אַמאָל פון ים אַ שפּריץ
אַ טראָפּן וואַסער פאַרן זונענשיין
און פאַלט געשווינד אַזוי ווי אַ בליץ
צוריק אַראָפּ אין ים אַריין.
אַזוי איז מיין גלענצנדער לעבנס־גליק;
עס גייט נאָר פלוצלינג אַרויס פון אייביקייט
און פאַלט אין אייביקייט געשווינד צוריק.

אליקום צונזער איז רייכער אין מאָטיוון פון די פריער־דיקע. ער באַזינגט כמעט אַלע דערשיינונגען אין יידישן לעבן פון זיין צייט. זייענדיק מער בדחן ווי דיכטער, פילט ער דאָך די גרונט־מאָטיוון פון זיין צייט, און זינגט וועגן השכלה, שיבת־ציון, און מיט באַזונדערער ליבע — וועגן דעם גליקלעכן לעבן פון ערד־אַרבעטער, וואָס האָט זיך מיט אַזוינע זיסע פאַרבן פאַרגעשטעלט אין דעם נאַיוון דמיון פון אונ־דזערע ערשטע משכילים. נישט אומזיסט איז זיין „ליד פון דער סאָכע“ געוועזן פיל יאָרן איינס פון די באַליבטסטע לידער ביים פאָלק.

אַביסל אַרויס פון די קינדערשע שיכלעך איז די יידישע פּאָעזיע אין אברהם גאָלדפאַדענס לידער. אמת, עס איז נאָך אויך נישט קיין צייטיקע פּאָעזיע, די לידער זענען נאָך נישט אינגאַנצן ריין פון בדחנישע עפעקטן, וואָס האָבן זיך לאַנגע יאָרן ווי נאַסע שמאַטעס נאָכ־געשלעפּט דער יידישער מוזע. עס איז שוין אָבער אַ שוואַכער קלאַנג פון ליריק, און זעלטן־ווו גיט שוין אַ גלאַנץ אַן איינזאַם בילד — די ערשטע כמנים, אַז דאָס איז שוין נישט נאָר קיין מוח־חקירה, אַז דאָס האַרץ

הייבט שוין אָן פילן און די אויגן זעען שוין עפּעס אין דרויסן, נישט נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן אויסגעלייענט אין ספרים.

י. ל. גאָרדאָן, דער גרעסטער העברעאישער דיכטער פון זיין צייט, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַזוינע ראָמאַנטישע פּאָעמעס, ווי „אהבת דוד ומיכל", און האָט געענדיקט מיט אַזוינע געזעלשאַפטלעך־טענ־דענציעזע זאַכן, ווי „קיצו של יוד", און „אשקא דריספק", איז אין זיינע מער־כאַראַקטעריסטישע יידישע לידער כמעט שטענדיק סאַטיריש אין פאָלקס־גייסט. אַלס מוסטער־ווערק פון זיינע לידער, קאָן דינען דאָס סאַ־טירישע ליד „וואָס איז ביי דער אסיפה געבליבן?" עס דערמאָנט אַביסל דעם טאָן פון מיכל גאָרדאָנס הומאָריסטישע לידער:

ר' קאָפּל דער פּרוש, וואָס קוקט נישט אויף ווייבער
דער האָט זיך געפּאָרסקעט מיט יודל דעם שרייבער:
„דו מופקר, אפּנים ווילסט אויך זאָגן דעות —
אַ ייד, וואָס ער גייט אָן באָרד און אָן פּאות?"

איינע פון גאָרדאָנס שענסטע סאַטירישע לידער איז אויך דאָס ליד „שווערע צייטן". הונדערטער לידער און קופּלעטן זענען דעמאָלט גע־שריבן און געזונגען געוואָרן אויף די חסידים און אויף זייערע צדיקים, נאָר זעלטן האָט זיך וועמען איינגעגעבן אַזאַ פּראָסטער, רואיקער טאָן — דער אמתער סימן פון הויכן געשמאַק און אינטעליגענץ:

נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר —
די וועלט גייט אַלצדינג ווייטער;
עס וואַקסט אַלץ אויף אַ נייער דור,
דער מענטש ווערט אַלץ פאַרשייטער.
ווער רעדט פון כבוד אָב ואם,
אַז מע האַלט נישט פון דער תורה?
ווער גלויבט נאָך איצט אָן בעל־שם,
אַז מע האָט פאַר גאָט קיין מורא?

נענטער פון אַלע צום גייסט פון דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע איז

אָן ספק מ. מ. וו אַ ר ש אַ ווס ק י, דער שפּעטסטער פון די אַלע, וועלכע מיר האָבן ביז אַהער באַשפּראָכן. אין דער יידישער פּאָעזיע האָט אַ לאַנגע צייט געפילט זיך דער ביליקער אָפּקלאַנג פון בדחנות. אפילו שטילע טרויעריקע מאָטיוון האָבן זיך געמוזט שליסן מיט עפּעס אַ וויץ, אָדער גלאַט אַ חכמה, וואָס האָט זייער זעלטן האַרמאָנירט מיטן גאַנצן טאָן פון דער זאַך. אַ יידן איז בכלל זיך שווער צו באַגיין אָן אַ חכמה — אפילו אין לידער... כמעט ביי די אַלע דערמאָנטע דיכטער פילן מיר, אַז דער עלעמענט פון לצנות איז ביי זיי דער עיקר, אַז שרייבן יידישע לידער הייסט ביי זיי אַביסל חכמענען זיך; זייער זעלטן געפינען מיר ביי אייניקע פון זיי אויך האַרציקע מאָטיוון, זיי זענען אַלנפאַלס נישט ט י־פּ י ש פאַר דער פּאָעזיע פון יענעם דור.

איך וויל נישט זאָגן, אַז וו אַ ר ש אַ וו ס ק י איז דער באַגאַבטס־טער פון די דערמאָנטע פּאָעטן, איך וויל נאָר באַטאָנען, אַז זיין פּאָעזיע איז פון אַנדער געוואַנד געשניטן. אין איר פילט זיך מער תמימות, מער ליבע, אַביסל צוגעפּראַוועט אפילו מיט סענטימענטאַלע געווירצן, נאָר אמתע. זיינע מאָטיוון זענען האַרציקער, און אין דער פאָרם און אויס־דרוק פון זיינע לידער איז ער אָפטמאָל אַזוי הילפלאָז, אַזוי רירנד הילפ־לאָז, אַז אים ווילט זיך אָנעמען, ווי אַ קליין קינד, ביים האַנט און אַרויס־פירן פון דעם פּאָעטישן פלאָנטער, אים אונטערזאָגן אַ וואָרט, פילנדיק וואָס ער דערזאָגט נישט... איך ליב וו אַ ר ש אַ וו ס ק י ן, ווייל איך שפיר, אַז די געפילן אין זיינע לידער זענען שטאַרקער אוז שענער פון זייערע ווערטער און גראַמען — דאָס, וואָס איך פיל אין אַלע אמתע פאָלקס־לידער.

ווייל די שענצטע און טיפסטע געפילן פון מענטשן זענען דאָך שטענ־דיק נישט־דערזאָגטע...

— 4 —

דער צווייטער דור פון די יידישע דיכטער, די שעפער פון דער מאָ־דערנער יידישער פּאָעזיע: פ ר ו ג, פ ר י ש מ א ן, פ ר ץ און י ה ו א ש, האָבן שוין נישט די אַלגעמיינע שותפותדיקע שטריכן, וואָס די פריערדיקע פאָלקס־פּאָעטן. זיי בילדן יעדער פאַר זיך זיין אינדיווי־דועלע פּאָעטישע פיזיאָנאָמיע. פון אַלגעמיינעם פאָלקס־קוואַל צעגיסן זיך צווישן די בערג די לעבעדיקע וואַסערן און יעדעס שניידט זיך זיין איי־גענעם וועג און שפּיגלט־אָפּ אַנדערע וועלטן, אַנדערע הימלען. איינזאַמע צעשיידן זיי זיך אַלץ מערער, אַלץ ווייטער טיילן זיי זיך אָפּ איינע פון די אַנדערע, אייביק בענקענדיק צוריק און אייביק ציענדיק זיך ווייטער אין די אומבאַקאַנטע ווייטקייטן, נאָר שטענדיק באַגלייט זיי די אַלטע זיסע מעלאָדיע פון דעם ערשטן קוואַל, וואָס פון זיין טיפעניש פליסן זיי, און דאָס איז דאָס איינציקע קול, מיט וועלכן זיי רופן זיך אין טרויעריקע נעכט איבער איינע צו די אַנדערע פון זייערע ווייטע ברעגעס...

פ ר ו ג איז געווען דער ערשטער, אין וועמענס לידער ס'האָט אַ הילך געטון דער פריילעכער פרילינגס־קלאַנג פון ווייטע סטעפּ־טייכלעך. דאָס ליבע ברומען פון בענקענדיקע טויבן אין די ערשטע זונען־טעג פון ניסן איז שטיל אויפגעגאַנגען אין אונדזערע אויערן, און כאָטש אַרום און אַרום איז נאָך געווען די טרויעריקע יידישע גאַס, נאָר אין האַרץ האָט פריילעך אַ ציטער געטון דער געדאַנק, אַז עס איז דאָ נאָך ערגעץ אַ גרויסע פרייע ערד מיט גרינע בערג און ליבע קלאָרע וואַסערן... פ ר ו ג האָט אונדז נאָך נישט געשאַפן ז יי ן גרינע ערד און ז יי נ ע בלויע הימלען. אַ מידער און אַ קראַנקער איז ער אַנטלאָפן פון דער ענ־גער יידישער גאַס און אַ באַצויבערטער איז ער אַנידערגעפאַלן צווישן הויכן סטעפּ־גראָז, פאַרשיכורט פון די נייע ריחות און נייע קלאַנגען. אַ קינסטלער דאַרף אָבער זיין ניכטער, ווען ער וויל אונדז נישט נאָר ר ו פ ן אין נייע וועלטן, נאָר אויך וו יי ז ן די נייע וועלטן... פ ר ו ג איז אָבער אַ פּאָעט, נישט קיין קינסטלער. מיר טראָגן אַרויס אַ האַרץ פול מיט ג ע פ י ל ן פון זיינע לידער, אָבער נישט קיין

ב י ל ד ע ר. ווייל כדי צו שאַפן בילדער, מוז מען זיין אַ קינסטלער, און זיין אַ קינסטלער הייסט זיין פ ר יי. פריי נישט פון זיך. דאָס איז אַ בבא־מעשה, וואָס פיליסטערן האָבן אויסגעטראַכט. פאַרקערט; כדי צו זיין אַ קינסטלער מוז מען פון דער וועלט פריי זיין, פון דעם, וואָס אַלע זעען, וואָס אַלע הערן, אפילו פון די געפילן, וואָס ווייזן זיך אויס א יי ג ע נ ע צו זיין. אום צו זיין אַ קינסטלער, מוז מען זיך באַפרייען פון אַלע געפילן, כדי זיך אומצוקערן צו דער זאַך מיט אמת־אייגענע, פון ניין קלאַפטער טיף אין זיך אויסגעגראָבענע. עס איז אַ טעות, ווען מען מיינט, אַז עס איז שווער צו זיין אָביעקטיוו. דאָס איז דאָס לייכטסטע. שווער איז צו זיין אמת־סוביעקטיוו. דאָס הייסט, זיך אבסטראַהירן פון דער וועלט, דערגראָבן זיך צום אמתן „איך" און דער־שיינען מיט אים אין זיין גאַנצער ריינקייט. דאָס געלינגט נאָר דעם קינסטלער, וועמענס אייביקע אויפגאַבע איז נאָר ז י ך צו זוכן, נאָר ז י ך צו באַפרייען. פרוג געהער נאָך אָבער צו די פּאָעטן, וואָס דריקן־אויס נישט דאָס אינדיווידועלע, נאָר דאָס אַלגעמיינע. דער כלל־געפיל, די כלל־וועלט שפיגלען זיך אָפּ אין זייער פּאָעזיע; דעריבער זענען זיי גענטער דעם כלל, ווי דער קינסטלער, וועלכער קומט שטענדיק באַ־קעמפן דאָס אַלגעמיינע, חרוב צו מאַכן פרעמדע וועלטן, צוליב די זיי־ניקע...

מיר האָבן שוין געהאַט די מעגלעכקייט צו באַמערקן ביי יהודה־לייב גאָרדאָן, וואָס פאַר אַ געוואַלדיקע השפּעה עס האָט די שפּראַך אַן און פאַר זיך אויף דעם כאַראַקטער און מאָטיוון פון יעדער שאַפונג. דאָס זעלבע באַמערקן מיר אויך ביי פרוגן. דער זעלבער פרוג, וואָס שרייבט אין רוסיש לירישע לידער, אין וועלכע עס פילן זיך ריין־אינטעליגענטע איבערלעבונגען, שרייבט אין יידיש גאַנץ אַנדערע זאַכן. ער נעמט גאָר דאָ אַ גאַנץ אַנדערן טאָן. עס איז דער טאָן פון יידישן פאָלקס־ליד, אין וועלכן דער האַרטסטער טרויער ווערט פאַרווייכערט דורך דעם שטענ־דיקן אָפּטימיזם, וואָס צייכנט אויס יעדע פאָלקסטימלעכע שאַפונג; עס איז דער ליבער הומאָר, מיט וועלכן דאָס פאָלק האָט אָפּט ליב אָפּצולצן אייגענע צרות. עס איז דער טאָן, וואָס די שפּראַך אַליין, די אָרימע און

הילפלאָזע, נאָר די נאַטירלעכע און נישט־געקינצלטע, האָט געשאַפן.

פרוגן געהער אויך דאָס גרויסע פאַרדינסט, וואָס ער האָט אָנגע־הויבן אַריינפירן אין דער יידישער פּאָעזיע די יידישע פאָלקס־לעגענדע; דאָס, וואָס איז שפּעטער ביי פּרצן געוואָרן דער גרונט־מאָטיוו פון זיין שאַפונג.

אין פרוגן האָט זיך אויסגעדריקט דער פרילינג־גייסט פון דער יידי־שער פּאָעזיע. עס איז נאָך נישט די זיכערע זומער־זון אויף די הויכע רוישנדיקע זאַנגען־פעלדער; עס איז אָבער דאָס ערשטע צאַרטע ליכט, די ערשטע בלויע און רויטע בלומען, דער ערשטער גאָלדענער רעגן פון קלאַנגען, וואָס גיסט זיך אויף אונדז פון דער ריינער לופט...

איידעלערע טענער הערן זיך אין די וויניקע לידער, וואָס פּ ר י ש־מ אַ ן האָט אין יידיש געשריבן. פּ ר י ש מ אַ ן איז דאָך איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן אַריינגעטראָגן דעם גייסט פון אמת־ריינער ליריק אין אונדזער פּאָעזיע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם סוד פון ווער־טער־מעלאָדיעס, די ליכט־און־שאָטן־שפּיל פון געפילן. ער איז איינער פון די, ביי וועלכע דאָס ווייטע ווידערקול פון די ווערטער האָט מער באַ־דייטונג אַלס זייער נאָענטער פּירוש, ביי וועלכע דער אָפּקלאַנג פון גע־פילן איז חשובער ווי די געפילן אַליין... ביז פרישמאַנען האָט די מליצה פאַרנומען דאָס אָרט פון ליריק, פון ריינער האַרצן־שפּראַך. פרישמאַן האָט דער ערשטער באַוויזן, אַז צוזאַמען מיט אַ מליצה־חנדל מיט ווער־טער־קונסט, קאָן מען היטן דעם ריינעם לירישן טאָן. נאָר ליבנדיק צו־פּיל דעם שפּיל פון ווערטער און „זיפנדיק זיי אין דרייצן זיפּן" האָט פרישמאַן געקאָנט פאַרהיטן זיין פּאָעזיע פון געשמאַקלאָזיקייט, אָבער נישט פון אַ געוויסער געקינצלטקייט, וואָס שפּירט זיך צומאָל אפילו אין די בעסטע פון זיינע זאַכן. צופיל האָט פרישמאַן ליב דאָס חנדל, כדי צו בלייבן אומעטום פּראָסט און נאַטירלעך. מען דאַרף אים אָבער מודה זיין: ער מאַכט דאָס מיט אַזוי פיל געשמאַק און טאַלאַנט, אַז דאָס אומ־נאַטירלעכע פאַר אַנדערע, איז פאַר אים נאַטירלעך.

פרישמאַנס מוזע איז צופיל אַ געצערטלטע, צופיל הויך־דערצויגן. זי האָט צופיל געזען, ווי עס פירט זיך ביי לייטן, און האָט זיך בשום

אופן נישט געוואָלט רעכט מאַכן דאָס, וואָס זי האָט אין אונדזער אַרי־מער גאַס געפונען. זי איז געקומען מער לערנען, מער ווייזן, ווי מען באַדאַרף שאַפן, כדי זיך אַליין צו ווייזן. די איינזאַמע טענער אָבער פון פרישמאַנס לידער האָבן אָפּגעקלונגען צאַרט און מעלאָדיש אין אונדזער ליטעראַטור, און האָבן מיט זייער בייעם לירישן טאָן געוועקט די ווייטע, פרעמדע געפילן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג געדרעמלט אין אונדז.

פרץ האָט צוזאַמען מיט אַ ליכטיקן מוח און אַ אידעען־רייכער וועלט אַריינגעבראַכט אין דער יידישער פּאָעזיע דעם ריכטיקן טאָן פון פאָלקסטימלעכע מאָטיוון. ער איז נישט דער ערשטער, וואָס האָט זיי אָנגעהויבן אויסצונוצן. ער איז אָבער דער ערשטער, וואָס האָט זיי פאַרטיפט, פאַראָדלט, היטנדיק פונדעסטוועגן זייער ערשטע ריינקייט, נישט אויסמישנדיק זיי מיט פרעמדע יסודות. פרץ האָט דער ערשטער פאַרשטאַנען, ווו עס ענדיקט זיך דאָס ווולגאַרע, דאָס מוטנע אין דעם קוואַל פון פאָלקס־שאַפונג, און ווו עס הויבן זיך אָן צו ציען די טיפע, לויטערע וואַסערן. און דאָס איז דער עיקר. ווייל שאַפן הייסט לייטערן. לייטערן געפילן און בילדער איז אָפטמאָל שווערער, ווי צו שאַפן זיי פונדאַסניי. פרץ האָט געלייטערט די פאָלקס־נשמה, ער האָט זיך דורך טויזנט מוטנע שטראָמען דערגראָבן צו איר און זי אַ קלאָרע, אַ ציטעריק־ריינע פאַר אונדז אַנטדעקט. פרץ האָט אומגעקערט דעם פאָלק דאָס, וואָס ער האָט ביי אים גענומען, נאָר פילטרירט דורך זיין גייסט, און די פּראָסטע, אַלטע מאָטיוון האָבן אַ שיין געטון פאַר אונדז, ווי באַהאַלטענע וואַסערן, פון אַן אומגעריכטער זון באַלויכטענע...

איך חזר־איבער: פרץ האָט דער ערשטער געשטעלט דעם ריכטיקן טאָן פון פאָלקסטימלעכער פּאָעזיע. ביז אים האָט געהערשט אין דער יידישער פאָלקס־פּאָעזיע דער בדחנישער הומאָר פון איין זייט, און פון דער צווייטער — די ביליקע „געפילפולע” ליריק מיט אירע גראַשן־טרערן. אפילו באַגאַבטע דיכטער האָבן נישט געקאָנט זייער פּאָעזיע שטענדיק באַפרייען פון די יסודות, וואָס האָבן זיי אויסגעוויזן צו זיין פאָלקסטימלעכע, נאָר וואָס זענען אין אמתן געווען דער היפּוך פון זיי.

פ ר ץ האָט דער ערשטער פאַרשטאַנען אָפּצוגרענעצן דאָס פאָלקסטימ־לעכע פון דעם ה מ ו נ י ש ן. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז נישט אַלעס, וואָס דאָס פאָלק שאַפט, קאָן מען רעכענען פאַר זיין אייגנס, און אַז די גאַנצע קראַפט פון דעם פאָלקס־דיכטער איז אינסטינקטיוו צו פילן, ווו עס ציטערט אין פרימיטיוון דער אמתער פאָלקס־אָדער און ווו עס לאָזט זיך הערן דער מאַרק... דווקא פּרץ, דער טיפער, דער בליצנדיקער, ביי וועמען דער געדאַנק ווירבלט אַזוי שטורמיש, וועלכער ליידט צומאָל אַזוי פון אידעען־איבערפליסיקייט, — דווקא ער האָט באַוויזן זיך צו דער־גראָבן צום אמת־פרימיטיוון, דווקא אים האָט, ווי איינער פון די העלדן אין זיינע „פאָלקסטימלעכע געשיכטעס", געגליקט אַרויפצוואַרפן דעם מאַנטל אויפן אוצר־פייערל, וואָס אַנטלויפט פון אונדז, פאַרשווינדט און לאָזט זיך נישט כאַפּן... ער האָט אויך פאַרשטאַנען, ווי מען דאַרף זיין געהיט אין פאָלקסטימלעכער קונסט מיט א יי ג ע נ ע מתנות, וועלכע זי וויל בשום אופן נישט אנערקענען, און דאָך אומבאַמערקט אויף איר אַרויפצולייגן דעם אינדיווידועלן חותם פון דיכטער.

צו די ערשטע יידישע מאָדערנע דיכטער, וואָס האָבן די יידישע פּאָעזיע פון אירע לייכטע געצעלטן איבערגעפירט אין אַן איינגעריכטע־טער דירה, געהער אויך י ה ו א ש. יהואש איז איינער פון די אינטע־ליגענטסטע דיכטער, וואָס די יידישע פּאָעזיע פאַרמאָגט, און איז בכלל זייער אַ גייסטרייכע פּערזענלעכקייט. די שוואַכע זייט פון זיין פּאָעזיע איז דאָס, וואָס די א י ד ע ע באַהערשט צופיל איר גאַנצן טעמפּ. יהואשס פּאָעזיע איז נישט קיין פריידפול טייכל, וואָס ציט זיך לוסטיק און פריי צווישן בערג און טאָלן, און מאַכט משוגענערוויז אומגעריכטע שפּרינג רעכטס און לינקס, ארויף און אַראָפּ... עס איז דער גלייכער שטראָם, וואָס ציט זיך אין שטרענגע ליניעס, אונטער אַ שטענדיקער אויפזיכט... קיין אומדערוואַרטעטע סיורפּריזן זאָלט איר פון יהואשס מו־זע נישט דערוואַרטן. זי צאָלט אָבער ערלעך דאָס, וואָס זי פאַרשפּרעכט. די טעמע ווערט שטענדיק אָרנטלעך און מיט פיינעם געשמאַק באַאַרבעט, און לייענענדיק יהואשן, וועט איר שטענדיק באַרייכערט ווערן מיט אינ־טערעסאַנטע אידעען, מיט געפילן, וואָס ווערן אַזוי ש ט ר ע נ ג אויס־

געדריקט, אַז זיי באַקומען אויך דעם כאַראַקטער פון אידעען. יהואש איז צופיל שטרענג צו זיך, צופיל שטרעבט ער צו פולקאָמענער שלימות באַ־וווסטזיניק. די אמתע שלימות אין קונסט ווערט אָבער דערגרייכט זייער אָפט דווקא דאַן, ווען מען מיינט, אַז מען זינדיקט קעגן איר. אַזאַ טבע האָט זי שוין, די לייכטזיניקע געטין פון דער קונסט, וואָס זי באַגנאַדיקט מיט אַ ליבן שמייכל דווקא די, וואָס וואַגן איר טון אַמאָל להכעיס...

יהואש איז צופיל אינטעלעקטואל. ער האָט צו אַ קלאָרן מוח, און ווייסט צו ליכטיק דאָס, וואָס מען באַדאַרף פילן. עס איז אָבער אַ הויך־אינטעליגענטער פאַרשטאַנד און זייער אַן אַנטוויקלטער גייסט. ער האָט אין דער יידישער פּאָעזיע אַריינגעבראַכט פיל טיפע וועלט־מאָ־טיוון, געדאַנקען און בילדער. אין זיינע בעסטע לידער שפּיגלט זיך אָפּ דער צייט־גייסט, די טיפסטע איבערלעבונגען פון דער יידישער אינטע־ליגענץ מיט אירע טראַגישע ווידערשפּרוכן, איר שטענדיקע מלחמה אַנט־קעגן איר אומהיילבאַרע חקרנות־קרענק און איר שטרעבן צו פּרימיטי־ווער גאַנצקייט און פרייהייט, — דאָס, וואָס פעלט אַזוי שטאַרק יהואשן אַליין.

אין יהואשן פילט זיך שוין די ערשטע האַרבסט־מידיקייט אין דער נאַטור. עס ציטערן שוין די איינזאַמע שטענגלעך צווישן ווייסן האַלב־פאַרוועלקטן גראָז. עס עפנט זיך אָבער אין זיין פּאָעזיע פאַרן אויג די ברייטע אומענדלעכע ווייטקייט באַגאָסן מיטן שטילן שיין פון די ווייכע, טרויעריקע אָוונט־שטראַלן.

— 5 —

שוין אין אַ טייל פון פּרצס און פרוגס לידער איז צו באַמערקן די ערשטע דעמאָקראַטישע טענדענצן. פרוג באַזינגט מיט אַ סך וואַרימקייט און רחמנות די נויט פון פאָלק, און בענטשט מיט ליבע „די הענט מיט מאַזאָליעס״, און ביי פּרצן רייסט זיך שוין אַפילו אַרויס אַ גיפטיק וואָרט און דאָ און דאָרט גיט שוין אַ ציטער־אויף דער גלאַנץ פון אַ ביי פייערל... „ביי דעם פרעמדן חופּה־קלייד״ — איינע פון די שענסטע זאַכן אין דער

יידישער פּאָעזיע — איז געווען דער ערשטער פּלאַטער פון אַ נייער פּאַן אויף די בערג פון דער יידישער ליטעראַטור, אַרום וועלכער ס'האָבן זיך אָנגעהויבן גרופּירן די ערשטע פּאָרשטייער פון דער דעמאָקראַטישער שולע — פּינסקי, רייזען און אַנדערע. עס גיבן זיך אַ לאָז די ערשטע שליחים פון דער יידישער גאַס, וואָס קומען אונדז דערציילן וועגן דער גרויסער נויט און פּיין פון זייערע ברידער און שוועסטער. עס איז שוין נישט בלויז קיין פּאָעטישע מאָטיוון — עס איז דער פּאַרביטערטער טאָן פון דעם עלנדן, עס איז דער ערשטער פּראָטעסט־געשריי פון דעם הילפלאָזן, פּאַרשעמטן, וואָס האָט דערפילט דאָס אומרעכט, וואָס מען באַגייט מיט אים. די ערשטע טענער, די רויע און שרייענדיקע, האָבן אַ ריס געטון דעם אויער, וואָס איז נישט געוווינט געווען צו זיי, און נאָר ערשט שפּעטער — אין די בעסטע לידער פון אברהם רייזען און אין ווייניקע פון אַנדערע — האָט די באַהאַלטענע יידישע נויט געפונען איר שיינעם האַרציקן אויסדרוק.

אברהם רייזען איז אפשר נישט דער באַגאַבטסטער, נאָר געוויס דער גאַנצסטער פּאַרשטייער פון דער גרופּע דעמאָקראַטישע אָדער געזעלשאַפטלעכע פּאָעטן, וועלכע מיר באַשרייבן דאָ. ער האָט מער פון אַלע געפילט, אַז דער סוד פון אמתער שלימות און גרויסקייט פון יעדן קינסטלער איז — זיין שטענדיק געטריי זיך אליין. רייזען געפעלט, ווייל ער איז שטענדיק רייזען — ער רייסט זיך קיינמאָל נישט פון זיך, מאַכט קיינמאָל נישט קיין גרעסערן שפּרונג, ווי זיינע קרעפטן דערלויבן, און בלייבט דעריבער קיינמאָל נישט שטעקן אין דער בלאָטע... רייזענס פּאָעזיע איז געגליכן צו אַ שטילן צנועדיקן דאָרף־גאָרטן, ווו יעדעס גרעזל, יעדעס ביימל גרינט זיך זאַפטיק, באַשיידן, ווייל קיינמאָל נישט פּאַרשטעלן די זון און קריכט קיינמאָל נישט אַריבער דעם נידעריקן גאָרטן־צוים... רייזענס פּאָעזיע איז נישט קיין בעכער מיט רוישנדיקע געטראַנקען, וואָס צעגיסן זיך שוימענדיק אין אַלע זייטן, וואָס באַרוישן אונדז און טראָגן אונדז איבער אין אַנדערע וועלטן. זי ווייסט נישט פון שיינע חלומות און גלויבט נישט אין זיי. דערפאַר איז זי אַזוי איינפאַרביק און לייגט אַזוינע שווערע שטיינער

אויפֿן האָרץ. עס איז נישט דער פֿ אַ נ ט אַ ס ט י ש ע ר יאוש, עס זענען נישט קיין מחזנות איבערגייענדיקע, גאָכטיקע קאָשמאַר־בילדער, נאָך וועלכע דער הימל ווערט רייִנער, די ווייטקייט ברייטער און דאָס האָרץ גרינגער. עס איז די נויט אָ ל יי ן, עס איז דער גרויער פֿרי־מאָרגן, וואָס קוקט אַריין דורך די בלויע שויבן אָן טרייסט און אָן הבטחות. ווי איז אונדז, אַז מיר זאָלן נישט היטן אין זיך באַהאַלטן די פֿאַרפֿירע־רישע סודות פֿון אַנדערע הימלען און אַנדערער ערד. טרויעריק וואָלט געווען, ווען מיר זאָלן פֿאַרמאָגן נאָר רייזענס רעאַלע וועלט, ווען ס׳זאָלן נישט פֿאַרבלאָנדזשען צו אונדז דורך די שמאָלע שפּאַלטן פֿון אונדזערע ענגע וווינונגען די איינזאַמע שטראַלן, די ווייטע, די רופֿנדיקע... רייזענס פּאָעזיע איז די טרויעריקע שטימונג פֿון שבת־צו־נאַכטס, ווען דער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק און עס רוקן זיך אָן צוזאַמען מיט די אָוונט־שאָטנס די אומעטיקע וואָכעדיקע דאגות, ווען דער טאַטע שטייט אַ בלייכער, אַ פֿאַרטראַכטער אין דעם בלאַסן שיין פֿון פֿענצטער, און דו זוכסט אומזיסט אין טונקעלן ווינקל די וואַרעמע הענט און דעם ליבן שויס פֿון דער מאַמען, וואָס זאָל דיך באַשיצן פֿון דעם, וואָס גייט, וואָס קומט, פֿון וועלכן עס איז נישטאָ וווהין צו אַנטלויפֿן...

און ווער קאָן מיך היילן? נישטאָ אַזאַ מענטש,
נישטאָ אַזאַ לאַנד!
און וואָלסטו דעם הימל דערגרייכן געוואָלט —
ווי קורץ איז דיין האַנט!...

רייזענס האַרציקע ליד איז אונדז טייער, ווייל אין אים פֿילן מיר דעם אמתן קרעכץ נישט פֿון די אַ יי נ צ י ק ע , נאָר פֿון די ט ו י ז נ־ט ע ר און צענטויזנטער, פֿון די, אויף וועלכע דאָס לעבן האָט אַוועק־געלייגט איר שווערע האַנט, וועלכע די אָרימע וועלט האָט פֿאַרשטויבט די רייִנע אויגן און אויף אייביק פֿאַרשטעלט פֿאַר זיי דעם ווייטן, קלאָרן הימל. רייזענס ליד איז אונדז טייער דערפֿאַר, ווייל עס איז פּראָסט און נישט המוניש, אינטים און נישט סענטימענטאַל, ווייל עס מאַכט נישט קיין אָנשטעל, חכמהט זיך נישט און וויל נישט באַווייזן קיין קונצן. רייזענס ליד איז שיין, ווייל מיר ג ל ו י ב ן אין דעם, ווייל עס איז עכט לי־

ריש — דאָס הייסט — עס גיט דעם דיכטערס געפילן אין זייער העכסטער מדרגה פון ריינקייט.

מיט די אַלע מעלות פון רייזענס פּאָעזיע צייכנט זיך זייער זעלטן אויס מ אָ ר י ס ר אָ ז ע נ פּ ע ל ד, כאָטש אין איינצלנע לידער, באַזונדער, אין איינצלנע שטעלן פון זיי פילט זיך מער קראַפט, מער טיפ־קייט און טעמפּעראַמענט, ווי ביי רייזענען. רייזען איז נישט גרעסער פון זיין שאַפן. איר פילט, אַז ער האָט אויסגענוצט זיין טאַלאַנט באַ־רעכנט, נישט געלאָזט פאַרלירן קיין א יי ן טראָפּן פון אים לבטלה. ער האָט אים עקספּלאָאַטירט, אויף וויפיל עס האָט זיך געלאָזן. מאָריס ראָזענפעלדס טאַלאַנט פילט זיך מער ברמז, פּ אָ ט ע נ צ י אַ ב ע ל, ווי אין זיין שאַפן. עס איז דער קוואַל, וואָס האָט זיך צעגאָסן אָן וועגן און אָן שטעגן, געבנדיק דאָ און דאָרט אַן אומגעריכטן, אומדערוואַרטעטן גלאַנץ און פאַרלעשנדיק זיך אָפּט אין סאַמע מיטן ברענען. אין מאָריס ראָזענפעלדס שאַפן איז דאָ צופיל זייטיקע עלעמענטן, וואָס מיר רעכענען שוין היינט גאָר בכלל נישט פאַר קיין פּאָעזיע. דאָס ריינע לירישע איז ביי אים דאָס צופעליקע, און דאָס אמת־פּאָעטישע בילד געפינט זיך כמעט שטענדיק אין שכנות פון עפּעס באַנאַלעס, ריטאָרישעס, מיט וועלכן ראָ־זענפעלד האָט זיך ליב מער צו קוויקן, ווי מיט זיינע אמתע, דאָ און דאָרט צעוואָרפענע, לירישע שטריכן. די פּעליעטאָנישע חכמות, אָדער פּראָס־טער — דאָס בדחנישע — פון איין זייט און די גראָשן־עפעקטן און האַלב־אינטעליגענטע שפּראַך־אויסדריקן פון דער צווייטער, פאַרטונקלען דעם אמת־לירישן טאַלאַנט, וואָס מאָריס ראָזענפעלד פאַרמאָגט אָן שום ספק. ראָזענפעלדן פעלט דאָס וויכטיקסטע פאַרן קינסטלער — די האַר־מאָניע צווישן אינהאַלט און דער פאָרם: ער פאַרמאָגט נישט פאַר דאָס פּרימיטיווע דעם פּרימיטיוון אויסדרוק און האָט ליב אָנצורופן מיטן נאָ־מען אַזוינע געפילן, וואָס האָבן קיין נאָמען נישט, פון וועלכע דער דיכטער קאָן נאָר אַן אָפּקלאַנג שאַפן. מיר שעצן ראָזענפעלדן פאַר זיינע איינציקע זאַכן, פאַר איינציקע ש ו ר ו ת אַפילו, וואָס גיבן פּלוצים אַ לייכט־אויף, ווי שטערן, אין זיינע לידער. מיר פילן אומעטום דעם דיכטער, דעם דיכטער, וועמען ס׳איז נישט באַשערט געוועזן זיך אין גאַנצן צו באַפרייען

פון דעם המונישן וויר־וואַר, פון דעם אַלטעגלעכן מיש־מאַש פונעם אַרו־מיקן לעבן, נאָר ווען ס'האָט געגליקט העכער פון אַנדערע אויפצוהייבן זיין שטים און דערציילן וועגן דער טרויעריקער נויט פון די, צווישן וועל־כע ער האָט געלעבט, געליטן און געזונגען זיינע שיינע, וואַרימע לידער.

די סימפּאַטישע פּערזענלעכקייט פון מ. ווינטשעווסקי איז אונדז דאָ מער באַוווּסט פון זיינע אַרטיקלען און טעטיקייט בכלל, ווי פון זיינע לידער. אפשר האָט ער אויך, ווי פילע אַנדערע געזעלשאַפט־לעכע דיכטער, נישט פאַרשטאַנען, אַז יעדע אמתע קונסט באַפרייט דעם מענטשנס גייסט, ווען אפילו מען זאָגט דאָס נישט אַרויס אַלע מאָל בפי־רוש, אַז פאַרקערט — וואָס אומבאַוווּסטזיניקער דער מענטש דערפילט די שיינקייט פון פרייען דענקען און פרייען לעבן, אַלץ טיפער און שטאַר־קער וואַקסט זיין שטרעבן דערצו. מיר גלויבן אים אָבער, ווען ער זאָגט:

אָפט האָט מיך די זאָרג געקושט,
אָפט געבלוטעט האָט מיין ברוסט;
כ'האָב עס קיינעם נישט דערציילט,
און די ווונד האָט זיך פאַרהיילט.

ווי אַ ליכט־טורעם וועל איך זיין
אין דער וועלט פון שמערץ און פּיין,
לייכטנדיק דורך שטורעם און נאַכט
ביז דער מידער מענטש דערוואַכט.

ווייניק באַקאַנט איז ביי אונדז אין רוסלאַנד אויך אברהם וואַלט (א. ליעסין), וואָס האָט אָנגעהויבן שרייבן אין „יוד" און האָט נאָכדעם אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, וווּ ער האָט פיל געאַרבעט אַלס פּובליציסט און זיך באַשעפטיקט מיט געזעלשאַפטלעכע פראַגן. אייניקע פון זיינע רעוואָלוציאָנערע לידער און פּאָעמען זענען ביי אונדז אויך באַ־קאַנט און אויף דעם סמך ווערט ער אויך פאַררעכנט צווישן די געזעל־שאַפטלעכע דיכטער. נאָר פון די ווייניקע לידער, וואָס איך געדענק פון

אים, בין איך גיכער געגויגט צו זען אין אים פריער פון אַלץ דעם ריי־נעם, צאַרטן ליריקער, און נאָר אין די לידער פון דעם מין פילט זיך אַ ווירקלעכער טאַלאַנט. זיינע רעוואָלוציאָנערע און געזעלשאַפטלעכע לידער מאַכן נישט אַזאַ טיפן רושם.

די ווייניקע יידישע לידער פון ח. נ. ב י אַ ל י ק זענען מער־סטנטייל געשריבן אין פאָלקסטימלעכן טאָן. איינע פון זיינע ערשטע יידישע לידער אין „יוד" הייבט זיך אָן: „אויפן הויכן באַרג און אויפן גרינעם גראָז", און זיינע שפּעטערדיקע לידער „גרינס", „פרילינג" זענען אויך אין גייסט פון די יידישע פאָלקס־לידער. אַז ביאַליקן האָט שטענדיק געצויגן צום פּראָסטן אינטימען וואָרט, נישט קוקנדיק אויף זיין העל־פאַרביקן העברעאישן סטיל, באַווייזן אייניקע פּאָעטישע פּרווון זיינע אין דעם זין, וואָס זענען געשריבן געוואָרן נאָך מיט אַ סך יאָרן פריער, איי־דער ער האָט אונדז געגעבן זיינע ערלעכע „משירי־עם". נאָך צוריק מיט אַ יאָר צוועלף איז אין איינעם פון די לוחות „אחיאסף" געדרוקט געווען זיין מאָנאָלאָג „תקות עני", וועלכער — מיר מוזן זיך מודה זיין — האָט אונדז דעמאָלט געקלונגען זייער פרעמד. די זאַך איז אונדז געפעלן מיט איר אייגנאַרטיקן סטיל, מיט איר פשטות, מיט די ג ע ו ו י נ ל ע כ ע ווערטער, אין וועלכע ס'האָט דאָך געפלאָסן וואַרעם בלוט. עס איז אָבער געווען אַן אומבאַקאַנטער רייץ, צו וועלכן מיר זענען נישט געוווינט גע־ווען, און מיר האָבן זיך אַליין נישט געגלויבט. די זאַך האָט גענומען דאָס האַרץ, — די שפּראַך איז אָבער געווען צופיל אָן קונצן, און דער גאַנצער ענין צופיל געוויינלעך... מיר האָבן דעמאָלט נישט געפילט, וויפיל הויכע קונסט עס ליגט אין פּראָסטן וואָרט, וויפיל טרויעריקע שיינקייט עס ליגט אין דעם האַרציקן הומאָר, מיט וועלכן עס ווערט דערציילט די מעשה מיטן אָרימען מלמד, וואָס האָט אַ נדר געטון נישט קומען אַהיים צו דער פרוי און קינדער, נאָך וועלכע עס בענקט אַזוי דאָס האַרץ, ביז ער וועט נישט האָבן די „ת"ק במזומנים", זיינע טרוימערישע פאַרשטעל־לונגען, ווען ער וועט קומען אַהיים, בשעת אין דער לינקער זייט שטעכט שוין, ווי מיט נאָדלען און דער גאַנצער גוף איז שוין דאַר ווי אַ שפּענדל... עס האָט אונדז אויסגעוויזן צופיל פּעליעטאָניש, און אין פאַרגלייך מיט

זיינע אַנדערע ווערק האָט מען „תקות עני" זייער ווייניק געשעצט. אויב איך האָב קיין טעות נישט, איז אפילו געווען אַ פּראַגע, צי זאָל די זאַך אַריינגיין אין דער צווייטער אויסגאַבע פון זיינע שירים. אַזוי איינזאַם איז די זאַך געשטאַנען צווישן ביאַליקס איבעריקע געשליפענע, בלאַנ־קענדע שירים, אַז מ׳האָט אַליין נישט געוווּסט, וואָס צו טון מיט איר, פּונקט ווי מיט אַן אָרימען קרוב צווישן רייכע געפּוצטע געסט... אונטער אַ צווייטן פּרווו אַזעלכן („מי יודע עיר לישטין?"), וואָס איז נאָכ־דעם געדרוקט געווען אין ערשטן „הדור", האָט ביאַליק אַפילו זיין נאָמען נישט אונטערגעשריבן: מיט אַזוינע ציטערדיקע טריט האָט זיך אַריינ־געגנבעט דער פאָלקסטימלעכער טאָן אין דער העברעאישער ליטעראַטור.

ביאַליקן איז אָבער, קענטיק, אָפּטמאָל געוואָרן קיל אין די שטרענג־געפּוצטע זאַלן פון זיין פּאָעזיע. עס האָט זיך געוואָלט אַמאָל אויסגלייכן די קנייטשן פון שטערן, אַוועקלאָזן אַ ווײַלע די שפּראַך פון די הויכע בערג, און אַ רעד־טון שטיל, געלאַסן, ב ר י ד ע ר ל עָ ך... כאָטש מען טראָגט אויפן שטערן דעם דאָרנקראַנץ פון אַ נביא, איז מען אויך נישט מער, ווי אַ זינדיקער מענטש, און עס ווילט זיך אַמאָל אַביסל אַ שטיף טון, אַ לאַך טון מיט אַ פּראָסטן, היימישן געלעכטער. די העברעאישע שפּראַך איז נאָך אָבער געווען צו י ו ם ־ ט ו ב ד י ק דערצו. עס האָט עפּעס נישט האַרמאָנירט, מען זאָל אויף איר אַזעלכע וואָכנדיקע מאָטיוון זינגען, און נישט אַזוי גיך האָט זי זיך געלאָזט, מען זאָל מיט איר קאָ־טאָוועס שפּילן. דער העברעאישער שריפטשטעלער איז געוווינט געווען נאָך פון דער מליצה־עפּאָכע צו שרייבן וועגן אַלצדינג נעמענדיק דעם טאָן פון דער העכסטער אָקטאַווע. און אַז ביאַליק האָט דעמאָלט געוואָלט נע־מען אַ טאָן נידעריקער האָט ער געשריבן יידיש. ערשט אין די לעצטע יאָרן, ווען די העברעאישע שפּראַך איז, אַ דאַנק די סטיל־עלעמענטן פון משנה, מדרש און דער חסידישער ליטעראַטור, געוואָרן אַזוי נאַטירלעך און געקראָגן די מעגלעכקייט צו אויסדריקן פאָלקסטימלעכע מאָטיוון, האָט ביאַליק נאָך אין ערשטן גלענצנדן „בין נהר פרת ונהר חדקל" זיכער און שטאָלץ אַריינגעפירט אין דער העברעאישער פּאָעזיע אַ גאַנצע ריי

פון פאָלקסטימלעכע מאָטיוון, וואָס זענען מיט אַזאַ פרייד אויפגענומען געוואָרן פון אַלע.

זייער ווייניק האָט ביאַליק אין יידיש געגעבן — אין פאַרגלייך מיט זיין העברעאישן שאַפן. זיין ריזיקן פּאָעטישן גייסט האָט געצויגן די קרעפטיקע זון־באַגאָסענע ביבל־שפּראַך, וואָס נאָר אין איר האָט זיך געקאָנט אַרויסרייסן דער געוואַלדיקער געשריי און פאַרביטערטקייט אויף אַ פאָלק, וואָס איז אַזוי נידעריק געפאַלן. איז ער אָבער אין העברעאישן דער גרעסטער מ ו כ י ח פון פאָלק, איז ער דערפאַר אין יידישן אַ ליבלעכער ט ר יי ס ט ע ר, אַ באַרמהאַרציקער ברודער, וואָס ווייסט גוט זיין לעבן און פאַרשטייט, פאַרוואָס ער איז אַזוי געפאַלן. „דאָס לעצ־טע וואָרט״, ווו די ביטערע קללה רייסט זיך מיט אַ שטורעמדיקן פאַ־טאָס, איז דאָך אייגנטלעך אַ ביבלישער מאָטיוו, און די שפּראַך שפּילט אין דעם אַ קליינע ראָלע. אין קיין שפּראַך אָבער, אויסער דער יידישער האָבן נישט געקאָנט געפינען זייער אויסדרוק אַזוינע האַרציק־אינטימע פערזן, ווי:

> אוי, מיר זאָל זיין, יידישע קינדערלעך,
> פאַר אייערע כשרע אייגעלעך...

אַזוינע שטעלן אין דער פּאָעזיע פון יענע אונדזערע פּאָעטן, וואָס שרייבן אי העברעאיש, אי יידיש, באַווייזן, ווי נאַריש און אויבערפלעכ־לעך עס איז דאָס, וואָס אייניקע מיינען, אַז מען גייט צו בכונה צו שרייבן העברעאיש אָדער יידיש. מען שרייבט אויף דער שפּראַך, אין וועלכער דער געדאַנק אָדער דאָס געפיל געפינען זייער שעגסטן, זייער פאַסנדיקסטן אויסדרוק. און אויך ביאַליק האָט זיינע ווייניקע יידישע לידער געשריבן, ווייל לויט זייערע מאָטיוון האָבן זיי געמוזט געשריבן ווערן יידיש. וואָלט ער זיי אין העברעאישן געשריבן, וואָלטן דאָס געוויס געווען גאַנץ אַנדע־רע לידער, ווייל די שפּראַך וואָלט אַרויפגעלייגט אויף זיי איר חותם.

די העברעאישע און די יידישע פּאָעזיע זענען אַ יי ן ליטעראַטור מיט פאַרשידענע ניואַנסן. נישט נאָר זיי דערפילן איינע די אַנדערע, נאָר זיי האָבן אַ געוואַלדיקע ה ש פּ ע ה איינע אויף די צווייטע. מענדע־לע וואָלט נישט געווען געשאַפן זיין רייכן ס י נ ט ע ט י ש ן העב־

רעאישן סטיל, ווען ער זאָל פריער נישט געווען שרייבן יידיש, וואָס דאָס האָט אים געוויס געבראַכט צום געדאַנק, אַז צו שרייבן אין אַ נאַטירלע־כען׳ העברעאישער׳ שפּראַך, — מוז מען אויסגראָבן אַלע ווערטער און אויס־דריקן פון אַלע העברעאישע סטילן פון פאַרשידענע צייטן — משנה, אגדה, מדרש, חקירה, פיוט, — ווו עס איז נאָר ערגעץ דאָ אַ וואָרט, וואָס האָט נאָך אין זיך חיות, אינטימלעכקייט, פּראַסטקייט, לעבעדיקן הומאָר און ד. גל. — אַנדערש וואָלט אויך פרץ נישט געקומען צו זיין פּרי־מיטיון חסידיש־העברעאישן סטיל, און ביאַליק — צו זיין פאַר־ביקן, בויגיקן, הומאָריסטישן סטיל מיטן ווייכן קלאַנג, אין וועלכן עס זענען געשריבן געוואָרן די אומשטערבלעכע „משירי־עם״.

— 7 —

נייערע טענער לאָזן זיך הערן אין דער יונגער יידישער ליריק. עס פילט זיך שטאַרק דער איינפלוס פון דער מאָדערנער אַלגעמיינער פּאָ־עזיע. מער פון אַלץ, געוויינלעך — פון דער רוסישער. דאָס מאַכט די קלענערע טאַלאַנטן צומאָל זייער אַפּשטויסנדיק. דאָס פרעמדע ווערט ביי זיי נישט „בטל בששים״ פון אייגנס, און שרייט אַרויס פון יעדער שורה מיט קולי־קולות: איך בין אַ גר...

עס פילט זיך, אַז די יונגע יידישע ליריק האָט געמאַכט צו אַ גרויסן שפּרונג אין איר אַנטוויקלונגס־גאַנג. די יידישע ליטעראַטור איז נאָך זייער יונג, כדי זיך שוין צו דערלויבן אַזאַ לוקסוס, ווי די מאָדערניסטישע פּאָ־עזיע. זי האָט נאָך גענוג היימישע ווינקעלעך און מעלאָדיעס נישט געזונ־גענע, כדי שוין צו זוכן און גריבלען זיך אין מאָטיוון פון „מחוץ לתחום״. צוליב דעם מוז זי צו אָפּט אָנקומען נאָך אַ גמילות־חסד ביי די פרעמדע שפּראכן, און דאָס ווירקט שעדלעך אויף איר נאַטירלעכער אַנטוויקלונג.

גרעסערע טאַלאַנטן זענען דאָס גובר. די יונגע יידישע ליריק האָט אָבער — אַ חוץ אייניקע אויסנאָמען — זייער ווייניק קרעפטיקע טאַ־לאַנטן, און בילדעט נאָך דערווייל נישט קיין פולשטענדיקע אייגענע פי־זיאָנאָמיע. איר געפינט אין דער יונגער יידישער ליריק פיל שיינע, אפילו

שטאַרקע זאַכן; זיי שטייען אָבער אַלע אײנזאַם, אָפּגעריסן: דאָס אַלגעמיינע אין זיי איז נאָך נישט פילטרירט דורכן נאַציאָנאַלן גייסט און שוואַך איינגעוועבט אין אונדזער איצטיקן לעבנס־געוועב.

עס הייסט נישט, אַז דאָס פרעמדע איז דאָ שולדיק. וועלכע איצטיקע ליטעראַטור, אפילו ביי פעלקער, וואָס לעבן אַ נאַטירלעכן נאַציאָנאַלן לעבן, קאָן זיך באַרימען, אַז איר ליטעראַטור איז אויסגעוואַקסן נאָר אויף אייגענעם נאַציאָנאַלן באָדן? און עס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע, צי איז דאָ מיט וואָס זיך באַרימען. אויך נישט דער מאָדערניזם שאַדט דאָ צום מיינסטן. דאָס פרעמדע דאַרף אָבער אויפהערן זיין פרעמד, עס דאַרף נישט מאַכן קיין רושם פון פרעמדס, — און אַזוי איז עסווירקלעך ביי גרעסערע טאַלאַנטן. דאָס אמת־איבערגעלעבטע שאַפט ממילא זיין אייגנאַרטיקן, זיין נאַציאָנאַלן טאָן, ווען עס איז אפילו אונטער פרעמדן איינפלוס געשאַפן, און צו מאָדערניזם דאַרף מען דערוואַקסן. אונדזערע מאָדערניסטן פאַרמאָגן אָבער מערסטנטייל זייער ווייניק אינטעליגענץ. דערפאַר איז זייער פּאָעזיע אומנאַטירלעך; זי קוועלט נישט פון אינעווייניקסטער נויטווענדיקייט.

אין די לעצטע יאָרן האָבן זיך ביי אונדז אַ ווייז געטון אַ גאַנצע מחנה פון יונגע יידישע פּאָעטן. אייניקע פון זיי זענען געוויס באַגאַבט, נאָר זיי זענען אָבער נאָך נישט פריי. זיי זענען צו שוואַך, צו ווייניק דרייסט נישט נאָר נייע פאָרמען צו שאַפן, לאָז זיין כאָטש געקינצלטע, נאָר אפילו פּראָסט און נאַטירלעך זייערע געפילן אויסדריקן, זייערע בילדער צו מאָלן. זיי פילן נישט, וויפיל קראַפט, וויפיל טאַלאַנט מען דאַרף באַזיצן, כדי צו שרייבן פּראָסט און נאַטירלעך.

איך וויל דאָ נישט געבן קיין גאַנצע כאַראַקטעריסטיק פון אונדזער יונגער יידישער ליריק. מיין אַרבעט איז אַ היסטאָרישער איבערזיכט, און האָט צו טון מערער מיט די אַנטוויקלונגס־עטאַפּן פון דער יידישער ליריק. די יונגע יידישע ליריק האָט אָבער נאָך נישט איר באַשטימטע פיזיאָנאָמיע. פיל פון די דיכטער, וואָס גייען נאָך איצט מיט וואַקלענדיקע טריט, קאָנען נאָך שפּעטער מאַכן דעם ריזיקסטן שפּרונג אין זייער אַנטוויקלונג. די יונגע יידישע ליריק איז אַ נייע פאַזע אין איר אַלגעמיינער

אַנטוויקלונג, און עס איז קיין חידוש נישט, אויב עס זענען נאָך אירע וועגן פאַרנעפּלט און אירע האָריזאָנטן מטושטש.

צוליב דעם טעם וועל איך זיך אויך נישט אָפּשטעלן געווי אפילו אויף די ווייניקע אמת־באַגאַבטע דיכטער פון די יונגע, ווי שניאור, אייב־האָרן און אייניקע אַנדערע. נישט דאָ איז דאָס אָרט דערפון.

אויף וויפיל די יונגע יידישע ליריק פאַרדינט ליבע און אויפמערק־זאַמקייט, וועלן אונדז ווייזן די שיינע מוסטערן, וואָס מיר גיבן אין אונ־דזער בוך פון אַלע אונדזערע יונגע דיכטער, די ווערק, פון וועלכע מיר האָבן געקאָנט אויפזוכן — פון די, נאַטירלעך, ביי וועלכע מיר האָבן גע־קאָנט געפינען אַזוינס, וואָס מיר האָבן אנערקענט פאַר פּאָעזיע.

באַמערקונג פון רעדאַקציע: — דער דאָזיקער עסיי איז, ווי ס'איז שוין באַמערקט געוואָרן, געדרוקט געווען אַלס הקדמה צו דער אַנטאָלאָגיע „די יידישע מוזע", וואָס האָט געגעבן די שיינע מוסטערן וועגן וועלכע פיכמאַן שרייבט. דער לייענער דאַרף אויך גוט געדענקען, אַז כאָטש דאָס בוך „רעגנ־בויגן" דערשיינט אין 1953, איז די אָפּהאַנדלונג „די יידישע ליריק", געשריבן געוואָרן אין 1908. פאַר אָט דער צייט האָט די יונגע יידישע ליריק באַוויזן רייף צו ווערן און גרייכן אַזאַ שלימות, אַז זי איז בכוח געוואָרן סיי פּראָסט און פּשוט, סיי מאָדערניסטיש צו מאָלן בילדער, צו זינגען און צו זאָגן, וואָס זי וויל און דאַרף. מיר ווילן באַמערקן, אַז צווישן די פאָלקס־דיכטער האָט יעקב פיכמאַן אויסגעלאָזן רש"י, קאַצענעלסאָן, וועגן וועלכן מ'האָט נאָך דעמאָלט, אפנים נישט געוווסט, און מיר ווילן אונטערשטרייכן, אַז צו מאָריס ראָזנפעלד, יהואש און אברהם רייזען, האָט פיכמאַן געגעבן דעם שליסל ממש און אַז אברהם ליעסין האָט ער, קוים קענענדיק, ריכטיק דערפילט.

# מענדעלע

(פראַגמענטן)

— 1 —

ווער ס׳האָט געלעבט מיט מענדעלען, אָדער צופעליק אים געזען אין די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן, איז געוויס געווען דערשטוינט פון דער גרויסער רו, וואָס ער האָט אַרויסגעשטראַלט אַרום זיך. קלאָר און געלאַסן, אַביסל אָפּגעקילט, האָט געקוקט דאָס אויג פון דער וועלט אויף דעם אַלטן מאַן, וואָס האָט זיין זאַך געטון און אָפּגעטון, און מיט דער זעלבער קלאָרקייט האָט געקוקט אויך דער מייסטער אויף דעם וועלט־פליין, וואָס איז געלעגן ווייט און ברייט אויסגעשפּרייט אַרום אים. דאָס ווערק איז געווען געענדיקט. אַלצדינג איז געקומען; קיין זאַך איז נישט געוואָרן געמינערט. און „ער האָט גערוט פון גאָר זיין אַרבעט". אַזוי ביבליש האָט ער אויסגעזען, דער הויכער יונג־גרויער מאַן, וואָס האָט גאַנץ געטראָגן און דערטראָגן זיין לאַנג לעבן, ווי גאַנץ ער האָט געטראָגן און דערטראָגן זיין קונסט.

ס׳איז געווען דאָס גליק פון ד ע ר ג ר יי כ ט ן, פון פאַרענדיקטן ריטם, וואָס לאָזט אַזוי פריי אָטעמען. נאָך דער גרויסער אָנשטרענגונג, וואָס זיין ווערק האָט געפאָדערט, איז זיס געווען דער דאָזיקער פרייער אָטעם. ער איז געווען כשר פאַרדינט. ווער ס׳גיט אַלץ, וואָס ער איז בכוח צו געבן, האָט רעכט אויף דער דאָזיקער גרויסער רו.

אָט דער דאָזיקער פאַרענדיקטער ריטם, וואָס באַטייט ק ל אָ־ ס י ש ק יי ט, איז אונדז איצט, ביים אומרואיקן ריטם פון דער וועלט, געוויס אַביסל פרעמד. געוויס דאַרף אויך גענומען ווערן אין אַכט דאָס,

וואָס מענדעלעס קונסט איז שטענדיק געלעגן אויפן אויג און אָן אויפ־הער באַוווּנדערט און צעטראָגן געוואָרן אַזוי, אַז פון צופיל אויגן האָט זי געמוזט אַביסל אָפּבליאַקירן און פאַרלירן נישט ווייניק פון יענער מאָרגנ־פרישקייט, מיט וועלכער זי איז געווען אָנגעטרונקען בשעת איר גע־בורט. ס'איז דער גורל פון יעדער זאַך, וואָס ווערט מוסטער — זי האַלט אונדז אין אַ געוויסער ווייטקייט פון זיך. גאַנצקייט שרעקט אָפּ. עס איז יענער פאַרשלאָסענער קרייז, אין וועלכן מען דאַרף אַריינדרינגען. אָבער נאָר הור־האַ־מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין זין פאַר געבוי־פּראַכט, פאַרן שווער וואָגיקן, וואָס איז די אייגנשאַפט פון יעדער גרויסער קונסט, האַלטן שוין, אַז מענדעלעס קלאַסישקייט לעבט אויס אירע לעצטע טעג. אמת, דאָס אָפּגעשלאָסענע דערווייטערט, רוקט אָפּ טיילמאָל גאַנצע דו־רות פון זיך; נאָר דער „פאַרשלאָסענער גאָרטן" איז אָבער אויך דאָס, וואָס בליט געהיים און קערט אום צו זיך איבער געוואָלד דריטע און פערטע דורות; ס'איז די גרויסע שעפערישע קראַפט, וואָס דרימלט איי־ביק אין מאָנומענטאַל־פאַרענדיקטן. פּרץ איז אינגאַנצן בליעכץ, דעריבער ציט זיין וויל געערוך און באַרוישט אונדז אַזוי מעכטיק; דעריבער בלייבט דאָס עכטע אין זיין קונסט אַזוי יונג. מענדעלע איז דער אייג־געוואָרצלטער דעמב. גרוי שיינט ער אונדז צו זיין פון ווייטן. נענטער, אָבער, דערקוויקט אונדז דאָס אייביק־גרינע, און זיס איז צו רוען אין שווערן שאָטן פון דער דאָזיקער ברייט־צווייגיקער, לאַנגזאַם־אויסגע־וואקסענער קונסט.

— 2 —

עס איז אַ האַרבע קונסט, אַ האַרטע — אַ מין הלכה־קונסט. און נאָכאַמאָל בעט זיך מענדעלעס אייביקער אַנטיפּאָד, פּרץ, צום פאַרגלייך, — פּרץ, וואָס איז געווען דער אויפגעפלאַקערטער פונק, פונקט ווי ער, מענדעלע — דער קיזל־שטיין, דאָס אינזיכטראָגנדיקע פייער. געוויס איז מענדעלע, דער יידישער קינסטלער, נאָך געבוג ליריש און צומאָל, אַפילו

אַ קליין ביסל סענטימענטאַל. די גרויסע, אינערלעכע ליניע, אָבער, פֿון זיין שאַפונג, איז דער רעליעף, דאָס פּלאַסטישע — די שטומע שפּראַך פון די ז אַ כ ן אַ ל יי ן. עס איז די קונסט, וואָס וויל ו י ר ק ן דורך וו יי ז ן, און נישט פאַרקערט, ווי די טראַדיציאָנעל־יידישע קונסט. אין דעם פּרט איז מענדעלע דער ערשטער רעוואָלוציאָנער. ער איז געווען דער גרויסער מחמיר, וואָס האָט זיך נישט צופרידן געשטעלט מיט אַ רמז — ער האָט געמאָנט שטאָף, פאַרקערפּערונג, געשטאַלט; נישט זאָגן, נאָר דערזאָגן; אויסקריצן אויף אַ טאָוול. זיינע זייטלעך זע־נען ווי פון מגילה־פּאַרמעט. אין זיין גאַנצן אַרט שאַפן איז געווען עפּעס פון דער סופרים־מאַניר. עס האָט געמוזט בלאַנקן יעדער אות, זיין בולט מיטן קוץ און מיטן תג. שרייבן איז ביי מענדעלען נישט געווען שטי־פעריי. אין זיין געשטאַלט האָט די נייע יידישע קונסט פאַרקערפּערט דעם גאַנצן זין פאַר ערנסט, פאַר שריפטשטעלערישער פאַראַנטוואָרט־לעכקייט, פאַרן קינסטלערישן ו י ל ן. מענדעלע האָט ווייניק פאַר־מאָגט פון פּרצס גייסטיקער לייכטקייט, וואָס טראָגט אין זיך עלעמענטן פון ג ע נ י אַ ל ן. ער איז געווען דער, וואָס בויט נישט מיט אליהו־הנביאס מלאכים, נאָר וואָס מוז האָבן אונטער די הענט דעם בייטיקן ר ו י ש ט אָ ף. יאָ, דעם רוישטאָף. מענדעלע האָט זיך אָן אים קיין ריר נישט געטון. ער איז אַליין געווען קונסט און רוישטאָף אין דער זעל־בער מאָס, און האָט זיך נישט שטאַרק פונאַנדערגעקליבן, וואָס פון די ביידע איז וויכטיקער.

— 3 —

פרישמאַן האָט באַצייכנט מענדעלעס שאַפונג ווי יידישע קונסט. אַזאַ באַצייכענונג איז צו אַלגעמיין, און נישט שטענדיק איבערצייגנדיק. מיט די דאָזיקע באַגריפן מוז מען איבערהויפּט זיין פאָרזיכטיק. יידישע קונסט איז אויך דאָס, וואָס באַקעמפט די טראַדיציע — מיט וועמען עס הייבט זיך אָן די נייע ריי.

געוויס האָט מענדעלע אָוועקגעלייגט די יסודות פון יי ד י ש ן ס ט י ל. מיט אים פאַרענדיקט זיך דער ווירוואַר, דער תוהו ובוהו, מיט אים הערט אויף דאָס פאַרמלאָזע. מענדעלעס שאַפונג איז אַ מין „שורה־גרוס" פאַר אַלע, וואָס זענען געקומען נאָך אים, — אפילו פאַר יענע, וואָס האָבן אים באַקעמפט. ער האָט שפּראַכלעך און אינהאַלטלעך פאַרפיקסירט פונעם אַלטן ריטם דאָס וועזנטלעכע — דעם אייביקן ניגון. ער האָט איבערגעגעבן דער געשיכטע אַ פאַרענדיקטן פּרצוף; עפּעס אַזוינס, אָבער, וואָס האָט אָפּגעשלאָסן זיין אַנטוויקלונגס־פּראָצעס אין אַזאַ מאָס, וואָס באַטייט שוין א ו נ ט ע ר ג א ַ נ ג. מענדעלע האָט נישט אומזיסט צומאָל געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ היסטאָריקער. ער האָט געוואָלט פאַר די ווייטערדיקע דורות איבערלאָזן לזכרון דאָס פאַרענדיקטע געשטאַלט פון גלות־ייד. אַלץ אָפטער דערפילט ער, אָבער, מיט שרעק, אַז דאָס איז דער אייביקער סימבאָל. מענדעלע האָט דערגרונטעוועט דעם א ו ר ־ יי ד , — דעם סמיכות־הפרשיות צווישן דעם איציקן און אַמאָליקן. זיין קונסט, אַ בריק איבערגעוואָרפן איבער אַלע דורות, פירט אַלץ ווידער און ווידער צוריק צום אייביקן געטאָ. זי טראַקטירט נישט דעם גלות ווי עפּעס צייטווייליקס. זיין דיאַגנאָז פון אונדזער קרענק גילט פאַר הייגט און נעכטן. זיין אַנטדעקונג איז טראַגיש: ג ל ו ת א י ז ס ו ב ס ט א ַ נ ץ , און מיר מוזן, אַלזאָ, באַקעמפן ז י ך א ַ ל יי ן , זיך שאַפן פון דאָסניי, כדי צו ווערן געגעזן.

אויף וויפיל מענדעלעס קונסט איז יידיש, אויף אַזוי פיל איז זי קעגן יידישע טראַדיציע און הייבט אָן שאַרף פאַרקערעווען אָן אַ זייט. איר סטיל איז סינטעז פון יידישן, און פון עפּעס אַזוינס, וואָס ב א ַ ק ע מ פ ט ז י ך א ַ ל יי ן . אין דעם פּרט איז פּרצס שאַפונג נענטער צו דער טראַדיציע. פּרץ אידעאַליזירט דעם יידישן ריטם, לאָזט זיך פירן פון אים, סטיליזירט דעם אַלטן נוסח. — מענדעלע, פאַרקערט, ברעכט דעם דאַזיקן ריטם, וואָס וועבט זיך רייסנדיק, און רייסט זיך איבער אין סאַמע געוועב. ער לאָזט זיך נישט באַהערשן פונעם טראַדיציאָנעלן: ער טראָגט נישט איבער דאָס נערוועזע, אומרואיקע, דאָס וואָס

רייסט זיך פון באָדן. אים איז דערווידער די לופט־קאָמבינאַציע, דער ספּעציפיש־יידישע קפיצת־הדרך. ער טראָגט שווער, נאָר ער דרייט זיך נישט אויס. ער האָט ליב דאָס טראָגן. ער האָט אונדז אַלע געלערנט די דאָזיקע מלאכה — צו טראָגן, צו פילן די שווערע און זיסע לאַסט פון דעם, וו אָ ס ס ׳ א י ז.

די אייביק באַקעמפטע יידישע עפיק האָט אין אים אָפּגעהאַלטן איר ערשטן גרויסן נצחון. ביי אים איז צום ערשטן מאָל פאַרהייליקט געוואָרן דער חומר, צו וועלכן ער דערשלאָגט זיך מיט אומגעהייערער עקשנות. ס׳איז אים דאָס לייכט נישט אָנגעקומען. דורות און דורי־דורות פאַר אים האָבן זיך באַגנוגנט מיט אַ ווונק, מיט אַן אָנצוהערעניש, — מיט שה״י פה״י. מ׳האָט געגלאָצט מיט די אויגן, געמאַכט מיט די הענט, געפּאָנפּעט אונטערן נאָז — אָן לשון, אָן אַרויסזאָגעכץ. מענדעלע האָט געפאָדערט לשון. ער האָט געפאָדערט די נעמען, וואָס זיי ערשט גיבן די זאַכן עקזיסטענץ. נישט שלינגען ווערטער, נאָר אויסרעדן. מענדעלע איז געווען דער ערשטער אַרויסרעדער אין דער יידישער דערציילונגס־פּראָזע.

מענדעלעס אַזוי־גערופענער רעאַליזם איז, אָבער, נישט נאָר קונסט־שולחן־ערוך. עס איז די נייע ווענדונג, דער נייער לעבנס־אימפּעראַטיוו. מיט אים הייבט זיך אָן דאָס שטרעבן צו פאַרווירקלעכונג. ער האָט געבראַכט מאָס־געפיל, נאַטור־געפיל; שנאה צום אילוזאָרישן, צום איבער־געטריבענעם, און זין פאַרן נאָענטן, פאַרן ווירקלעך־געזעענעם. מיט אים רייסט זיך איבער דורות־לאַנגע אָפּגעלאָזנקייט, אויסדרוק־פוילקייט, אויסדרוק־אָנמאַכט.

מיט אים הויבט זיך אָן די נ יי ע ט ר אַ ד י צ י ע.

# י. ל. פּרץ

## (זכרונות)

### — א —

געקומען צו פּרצן דאָס ערשטע מאָל בין איך אין אַ האַרבסט־טאָג, נאָך מיטיק. וואַרשע האָט דעמאָלט אויסגעזען אומעטיק און פאַרבלאָנ־טיקט. די טוואַרדאַ־גאַס, וואָס האָט זיך פון ווייטן, פון „אחיאסף׳ס״־אַדרעס, אַזוי געצויגן, איז געווען אײַנגעאַנצן פאַרקויטיקט, און איך האָב אַביסל פרייער צענומען די אויגן, אַז איך בין אַריין אין דער רואיקער ציעגלאַנאַ, ווו פּרץ האָט שוין לאַנגע יאָר געהאַט געוווינט (דאָס האָב איך נאָך געוווּסט, דאַכט זיך, פון פינקעלמאַנס בריוו־וועקסל מיט אים). מאָלט אייך אויס, ס׳איז אויך נישט געווען גאָט ווייסט וואָס פאַר אַ שיינקייט; נאָר עפּעס אַנגענעם אָפּגעשטאַנען האָט דאָ אויסגעזען. און דערצו נאָך אַ גאַס אָן קלייטן — דאָס אַליין האָט שוין געהאַט אַ רייץ פאַר מיר. אויסער דעם, איז אַנטקעגן פּרצס וווינונג געווען אַ גאַנצע ריי איין־שטאָקיקע הייזער און אָפענע פּלעצער, און אַן אָפענער הימל, אַזוי אַז ס׳איז מיר ממש ליכטיק געוואָרן אין די אויגן.

הייב איך מיך אַזוי אויף צו פּרצן און לייען מיר איבער אויף דעם געלן מעש־בלאַט פּרצ׳ס נאָמען, כאַפּ אַביסל דעם אָטעם, און קלאַפּ אָן פּראָווינציעל־פאַרזיכטיק אין דער טיר: פריער צו־שטיל און נאָכדעם צו־שטאַרק... איך דערהער עפּעס אַ ברוגזע באַוועגונג (מיין אויער האָט אויפגעכאַפּט אַ ריטם פון נישט צופרידנקייט נאָך פון יענער זייט טיר), און איך בין אַביסל אַראָפּגעפאַלן ביי זיך. אַ טראַכט געטון: אפשר זיך נעמען דעם וועג? נאָר איידער איך האָב געקענט אָננעמען עפּעס אַ באַ־שלוס, עפנט זיך די טיר און אַנשטאָט פּרצן מיט די לאַכנדיקע אויגן און מיט די באַרואיקנדיקע אַראָפּגעלאָזטע וואָנצעס, טוט מיר אַ קריץ

אין די אויגן אַ לאַנג־ווייבעריש פּנים, וואָס קוקט מיך נישט אָן און פרעגט ברוגזלעך, צו ווען איך דאַרף איך. וויל איך איר אייגנטלעך גלייך אָפּענטפערן. אַז — נישט צו איר; נאָר כ׳האַלט זיך איין און ענטפער מיט דרך־ארץ, אַז נישט איך דאַרף, נאָר כ׳וואָלט געוואָלט זען פּרצן. נעמט די יידענע און דרייט זיך אויס, און איך הער ווידער פון יענער זייט טיר עפּעס אַ געררויש, וואָס פון אים ווערט מיר קאַלט. איך האָב שוין חרטה אויפן גאַנצן עסק, אַזוי פיל געווען אין וואַרשע און נישט געזען פּרצן, וועל איך אים ווייטער נישט זען! (קיין עקשן, ווי איר ווייסט, בין איך בטבע נישט...) נאָר עס געדויערט נישט לאַנג און די יידענע עפנט מיר די טיר און לאָזט מיך, צו מיין שרעק, אַריין צו פּרצן...

דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס איך בין פון דער יידענעס אומ־פריינטלעך פּנים געוואָרן אַביסל צעמישט, און אַז איך ווער צעמישט, וועט שוין פון דעם קיין גוטס נישט אַרויסקומען. וכך הווה: שטעלט אייך פאָר, — איך בין אַריין און האָב אינגאַנצן פאַרגעסן אויסצוטון מיינע קאַלאָשן, מיינע שווער־וואָגיקע קאַלאָשן מיט דער נאַסער און ווייס־פאַרטריקנטער בלאָטע, וואָס כ׳האָב נאָך מיטגעבראַכט מיט זיך, דאַכט זיך, פון בעלץ...

דערזעענדיק פון דערווייטן פּרצן, ווי ער הייבט זיך אויף פונעם שרייבטיש מיר אַנטקעגן, האָב איך שוין די גאַנצע וועלט פאַרגעסן און זיך גלייך געגעבן אַ וואָרף צו אים. אוודאי איז די יידענע נישט פויל און שטעלט מיך גלייך אָפּ מיט אַ בייזן פאָרוואורף: „יונגערמאַן, די קאַ־לאָשן!“ — ווייס איך דעמאָלט, וואָס זי מיינט, אַז פּרץ שטייט שוין נעבן מיר? קוק איך זי אָן פאַרוואונדערט, און זאָג איר: „איך בין געקומען צום הער פּרץ“. דאָס הייסט: וועמען ליגט עס איצט אין קאָפּ קאַלאָשן? נאָר דאָ ערשט האָב איך שלעכט אָפּגעשניטן. די יידענע, וואָס איז גע־ווען טאַקע פּרצ׳ס פרוי אַליין, האָט מיר אָנגעהויבן זאָגן מוסר, אַז אונ־דזערע יונגע שרייבער זענען אַזוי נישט דערצויגן, אַז זיי מאַכן נישט אויס אַריינקומען צו פּרצן אין פאַרבלאָטיקטע קאַלאָשן... ערשט דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטון און בין געוואָרן אַזוי

אַראָפּגעפאַלן ביי זיך, אַז די טרערן האָבן זיך מיר אַזש געשטעלט אין די אויגן. לאָז איך שוין אַלץ איבער, און כאַפּ מיך אויף גיך אויסצוטון די קאַלאָשן, און שטעל זיי מיט ציטערדיקע הענט אַוועק הינטער דער טיר...

פּטור געוואָרן פון די קאַלאָשן, הויב איך שוין פרייער אויף די אויגן, גיב אַ קוק — און דערזע, צו מיין פרייד, אַז די פרוי פּרץ איז שוין נישטאָ, און פּרץ שטייט שמייכלענדיק, באַרואיקנדיק מיך:

— איצט מאַכט שוין נישט אויס. אַבי זי איז נישטאָ קענט איר שוין אפילו אויפן דיוואַן טאַנצן; מיט די קאַלאָשן און אָן די קאַלאָשן, ווי אייער האַרץ גלוסט...

דאָס איז געזאָגט געוואָרן מיט יענעם שפּילנדיקן און שטיפערישן טאָן פון פּרצן, וואָס קיינער האָט אים נישט געקענט נאָכמאַכן. עס איז געווען גלייך צו באַמערקן, אַז ער איז גוט געשטימט און איז גנעדיק צו מיר. איך בין גלייך באַרואיקט געוואָרן.

געווען איז עס אין יאָר 1903. דער איין און פופציק־יעריקער פּרץ האָט נאָך געגלאַנצט מיט אַזאַ יוגנטלעכקייט און פרישקייט, אַז דאָס האַרץ האָט געקוואָלן קוקנדיק אויף אים. ער אַליין האָט דעמאָלט מיט זיך ווי פאַרקערפּערט די יוגנט פון אונדזער ליטעראַטור, איר האָפענונג, איר פריילעכע זיכערקייט. נאָך דער אָדעסער ערנסטער, רייכער, נאָר אַביסל שווערלעכער פּלעיאַדע, האָט פּרץ געווירקט, ווי אַ פרילינג־שמייכעלע, ווי אַ סימבאָל פון לייכטער שאַפונג, פון נישט אָנגעשטרענגטקייט. זיינע אויגן, די אייביק־דורשטיקע, מיטן שוואַרץ־לייכטנדיקן ברען, מיטן גלאַנץ און התלהבות, פון רוח־הקודש, האָבן אַזוי דערמונטערט, אַז איך האָב אים, נישט געקענט זען אָן אַ געפיל פון שטאָלץ. דער חותם פון אויסדערוויילטקייט איז געלעגן אויף אים. אַליין בין איך נישט געווען פון זיין חדר. איך האָב שטענדיק געפילט, אַז די אָדעסער שולע דריקט מיט איר שווערער דיסציפלין, מיט איר קינסטלערישער שטרענגקייט און מיך האָט געצויגן צו דער פּרצ׳שער לופטיקייט; אינסטינקטיוו אָבער האָב איך געפילט, אַז אין פּרצ׳ס וועלט בין איך אַ גאַסט, — אַז מיין היים איז ערגעץ אַנדערש...

איך געדענק שוין שוואך, וועגן וואָס מיר האָבן דעמאָלט גערעדט. פּרץ האָט מיך אויסגעפרעגט הויפּטזעכלעך וועגן אָדעס. זיך אינטערע־סירט מיט די אָדעסער שרייבער, פאַרזיכטיק אָנגערירט מענדעלען, וועלכן איך האָב דעמאָלט פאַרגעטערט און מיט ליבשאַפט האָט ער באַזונדערס גערעדט וועגן ביאַליקן. עס איז גלייך געווען צו מערקן, אַז ער איז גע־שטימט קעגן די חכמי־אָדעסא, נאָר אַז טיף אין האַרצן שעצט ער זיי מער, ווי די וואַרשעווער ליטעראַטן און — אַז ער האָט אפילו אַביסל מורא פאַר זיי...

די מעשה מיט די קאַלאָשן האָט דאָך געהאַט אויף מיר אַן אָפּקילנ־דיקע ווירקונג. און ווען פּרץ האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל אַריינקומען צו אים, האָב איך אים מיט אַ האַלב־מויל צוגעזאָגט צו קומען, און אין האַרצן האָב איך באַשלאָסן, אַז דאָס דאָזיקע הויז איז נישט מיינס...

מיר איז אָבער דאָך אויסגעקומען נאָך מערערע מאָל צו באַגעגענען זיך מיט אים.

— ב —

אין עטלעכע וואָכן אַרום, אין אַ טאָג פון שפּעטן האַרבסט, בין איך מיט אַ שווערער האַרץ ווידער אַרויפגעגאַנגען אויף די טרעפּ פון הויז נומער 1 אויף ציעגלאַנאַ־גאַס, און מיט אַ נישט־זיכערער האַנט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר פון זיין וווינונג.

מיט אַ טאָג פריער האָב איך זיך מיט אים צונויפגערעדט, ביי איי־נעם פון אונדזערע באקאַנטע, וועגן אַ קליינער נישט־וויכטיקער איבער־זעצונג פון אַ רוסיש־פּאָפּולער וויסנשאַפטלעך־ביכל, וואָס ער האָט באַ־דאַרפט האָבן פאַר זיין געפּלאַנטן חודש־זשורנאַל „די אידישע ביבליאָ־טעק". איצט האָב איך אים געבראַכט אַ פאַר זייטלעך פון דער דאָזיקער איבערזעצונג, אַלס מוסטער, ווי ס'איז צווישן אונדז געווען אָפּגעמאַכט.

דאָס האַרץ האָט מיר געקלאַפּט. איך בין געווען אין אַ שווערער מאַ־טעריעלער נויט. און די פאַר רובל פאַר דער איבערזעצונג זענען פאַר מיר געווען פּשוט אַ לעבנס־פראַגע. נאָר אומרואיק בין איך געווען נישט צו־

ליב דעם, נאָר ווייל איך האָב אינסטינקטיוו געפילט, אַז איך באַדאַרף באַלד אויסהאַלטן אַ שווערן עקזאַמען.

איך האָב זיך דערמאָנט אין דעם קורצן געשפּרעך, וואָס איז פאָרגעקומען צווישן מיר און פרצן מיט אַ טאָג פריער. דער באַקאַנטער העברעאישער שריפטשטעלער וואָס האָט אויף מיר ממליץ געווען פאַר פרצן איז געווען זיכער, אַז די איבערזעצונג איז גאַנץ גוט צוגעפּאַסט פאַר מיר און אַז איך וועל זי אויספירן אָן שום שוועריקייט. אויף דעם האָט פרץ געזאָגט:

— איך ווייס נישט און פאַרשטיי נישט, וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט „איבערזעצונג". פאַר מיר וויַיניקסטנס, עקזיסטירט עס נישט. איבערזעצונג איז אַ ריין מעכאַנישער באַגריף. נאָר מענטשן, וואָס האָבן נישט קיין שפּראַך־געפיל זעצן איבער. פאַר מיר איז אַן איבערגעזעצטע פּראָזע, אַ געפעלשטע פּראָזע. איך וויל, אַז איר זאָלט מיר אויפשרייבן יידיש, וואָס דער רוסישער געלערנטער האָט אויפגעשריבן רוסיש. פון די ערשטע זאַצן, וואָס איר וועט אויפשרייבן — האָט ער זיך געווענדעט צו מיר — וועל איך באַלד וויסן, צי קענט איר די אַרבעט אויספירן.

אַז מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש און פרץ האָט הויך און לאַנגזאַם איבערגעלייענט די ערשטע פּראָזע, וואָס איז געווען איבערזעצט טריי, מיטן ריטם פון אַ גוט־געבויטן אייראָפּעאיש־גראַמאַטיקאַלישן זאַץ, זיך איינהערנדיק אין יעדן קלאַנג, אין יעדן בויג פון וואָרט, האָב איך גלייך דערפילט דאָס, וואָס איך האָב ביי דער אַרבעט אומזיסט געשטרעבט אויפצופּאַסן; איך האָב גלייך דערפילט, אַז אַ „איבערגעזעצטע פּראָזע איז אַ געפעלשטע..." אין ז יי ן מויל האָט זי געקלונגען אַזוי פרעמד, ווייט, אומנאַטירלעך. די יידישע ווערטער זענען, אין פלוג, געווען אויסגעשטעלט גלייך, גלאַטיק און זאָרגזאַם, אָבער אינערלעך נישט באַהעפט, נישט צונויפגעגאָסן, גלייך ווי זיי זענען נאָך קיינמאָל נישט א ו י ס ג ע ר ע ד ט געוואָרן, נישט באַגלייט געוואָרן פון אַ וואַרעמען מענטשלעכן אָטעם.

איך האָב גלייך דערפילט, אַז מיין שרעק איז געווען נישט אומזיסט.

ווײ, ווײ, איך האָב דעם עקזאַמען נישט אויסגעהאַלטן! איך האָב שוין נישט באַדאַרפט און נישט געוואָלט, אַז פּרץ זאָל לײענען ווײטער. ער אָבער איז שוין אַרײַן אין זײַן ראָל און האָט ווײטער צעלײגט יעדע אי־בערגעזעצטע פּראַזע און מיט זײַן גאַנצער שאַרפזיניקײט אַנאַליזירט יעדן שטריך און מיך געפּײניקט, ווי נאָר ער האָט אַמאָל געקענט. איך האָב זיך אײנגעהערט און אַפילו זיך נישט געפּרוּווט פּאַרטײדיקן. איך האָב דעמאָלט נישט אַלץ פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געפאָדערט און נישט מיט אַלצדינג מסכּים געווען. איך האָב נישט־דײַטלעך געפילט, אַז בויענדיק זײַן פּרימיטיוון יידישן זאַץ, די קורצע אָפּגעהאַקטע נערוועזע פּראַזע, אײַנהערנדיק זיך אין די טיפעניש פון דעם פּאַלקסטימלעכן ריטם, גײט ער, אומבאַמערקט פאַר זיך, איבער צום ס ט י ל י ז י ר נ ד י ק ן, וואָס איז מיר שטענדיק געווען און געבליבן פרעמד. נאָר אין דער זעל־בער צײַט האָב איך אויך געפילט, אַז איך האָב פאַר זיך אַ ג ר ו י ס ן יי ד י ש ן ל ע ר ע ר א ו ן ש אַ פ ע ר, אַז דאָ רעדט פאַר מיר אַ רײַפער גײַסט, וואָס טײלט זיך מיט מיר מיטן אינטימסטן, מיטן הײ־ליקסטן פון זײַנע שאַפונגס־נסיונות.

דאָס, וואָס פּרץ האָט אין יענע פאַר שווערע שעהן פאַר מיר אַרויס־געברויזט, האָט מיך לאַנגע יאָרן נאָכדעם פאַרפאָלגט און שטענדיק, ווען איך האָב אים געלײענט. מיר איז אַלץ קלאָרער געוואָרן זײַן באַדײַטונג אַלס ד ע ר צ י ע ר, אַלס בויער פון יידישער קולטור.

ער איז אפשר געווען דער גרעסטער אין באַצוג צו יידישן ריטם; ער איז געווען דער קאַמערטאָן פון דער יידישער וואָרט־קונסט. ער איז נישט געווען אַזוי היימיש ווי אַנדערע: זײַן גײַסט האָט זיך צו אָפט גע־ריסן אַ ר ו י ס. ער האָט זיך אָבער געוועהרט מיט אַלע כּוחות. זײַן געראַנגל איז געווען דער קאַמף פונעם שר־האומה מיטן פרעמדן, מיטן א ו י ס ע ר ל ע כ ן. ער האָט שטענדיק אָפּגעוואָרפן דאָס, צו וואָס ס׳האָט געגלוסט זײַן אײגענער גײַסט. און דאָרט ווו ער אַלײן איז אָפּ־געגאַנגען מיט בלוט, האָבן די, וועלכע זענען געקומען נאָך אים, גע־שניטן מיט געזאַנג,

# שלום־עליכם

## (צום 9־טן יאָרצייט)

ווילנדיק נישט־ווילנדיק קערן מיר זיך אַלץ אָפטער אום צו אים. צומאָל פאַרדריסט אַביסל: ס'איז דאָך אויף אַן אמת געפּערלעך אַלץ קוקן צוריק. עס ווילט אָבער זיך אָנהאַלטן אָן עפּעס אַזוינס, וואָס איז זיכער, וואָס לאָזט זיך נישט רירן פון אָרט. און אַלץ טיפער און זיכערער ווערט די איבערצייגונג, אַז שלום־עליכם איז די גרעסטע דערגרייכונג פון אונדזער ליטעראַטור. יאָ, וואָס רייפער מיר ווערן אַלע, אַלץ קלאָרער ווערט עס אונדז. די ראַפינירטע קומען נאָך מיט טענות — מיט גערעכטע טענות. נאָר דוקא צווישן זיי וואַקסן אויס די גרעסטע באַוואונדערער פון דעם דאָזיקן פענאָמען, וואָס איז געווען פאַרקערפּערונג פונעם יידישן פאָלקסטום, די איינציק סטיכישע שאַפנדיקע קראַפט, וואָס מיר פאַרמאָגן. בעת פּרץ'עס שאַפן האָט געליטן פון איבערלעכער צעריסנקייט און מענדעלעס — פון צופיל שטייפקייט און באַגרענעצטער שלימות, איז שלום־עליכם אויף אַזוי פיל אינגאַנצן באַרעכטיקט, אויף אַזוי פיל אינערלעך איבערצייגנדיק, אַז צו אים קען מען גאָרנישט צוגיין מיט קיין שום ליטעראַריש־קינסטלערישן מאסשטאב, ווייל דאָס איז געווען דער אייגציקער פרייער גייסט, וואָס האָט קיין יאָך נישט געוווסט, וואָס איז געגאַנגען שטענדיק מיט פאַרמאַכטע אויגן גלייך צום ציל, וואָס איז געהערט געוואָרן שטענדיק מיט אַן אומגעזעענער, געבענטשטער האַנט. סוף־כל־סוף זעען מיר דאָך יעדן מענטש נאָר לויט די געזעצן, וואָס ער אַליין אָנערקענט. שלום־עליכם איז דוקא נישט געווען פון יענע, וואָס קערן ווערלטן, און טרעטן מיט די פיס אַלע קינסטלערישע חומראָס. באַוווסטזיניק האָט ער דוקא געשטרעבט צו מענדעלען, זיין רבין, זיין קלאַסיקער, און זיך פאַרמאָסטן זיין גלייך צו אים. נאָר זיין גרויסער רייכער

גייסט, וואָס האָט אָן לופט, אָן פרייקייט זיך נישט געקאָנט באַוועגן, האָט זיך גלייך אויסגעדרייט פון אונטער דעם רבינס קאַנטשיק און זיך געגאַנגען זיין וועג. אין דעם איז אויך געלעגן דער כוח זיינער — וואָס די פרייקייט זיינע איז אויך נישט געווען קיין שולחן־ערוכדיקע — ווייל ס׳איז אַ מצווה צו זיין פריי אויף צו להכעיס די בטלנים; זי איז געווען אַ נאַטירלעכע, זי איז אַרויסגעקומען פון דער נויטווענדיקער הצטרכות פון זיין גייסט, פון זיין געטלעך־לייכטער שאַפונג.

אין די ענגע זאַלן פון אונדזער ליטעראַטור, ווו אָפטמאָל פאַרכאַפּט עס דעם אָטעם פון שטענדיקער אָנגעשטרענגטקייט, ווו אַלע גייען אַרום ווי איינגעשפּאַנט, ווי לאַסט־פערד אין שווערע רייטוועגן, איז שלום־עליכמס געבענטשטע שאַפונג געווען איר איינציקע לופט־קאַמער, איר אָפן פענצטער, דער לעגענדאַרער אוצר פון איר פאַרשלאָסענע ווינטן. צווישן סאַמע מחמירים איז ער געווען דער איינציקער מקיל, דאָס איז געווען דער איינציקער פריילעכער פוסגייער, וואָס האָט שפּילנ־דיק געלעבט און שפּילנדיק געשאַפן — אַליין געלאַכט און געמאַכט לאַכן אַנדערע און האָט מיט זיך אַליין פאַרקערפּערט דעם דיכטער מיטן לייע־נער, דעם זעער און דעם געזעענעם. נאָר אויף אים אַליין איז נישט גע־לעגן די קללה פון שווערקייט, וואָס דריקט אַפילו די גרעסטע פון אונדז. פּרץ, וואָס האָט אויפגעכאַפּט דעם אמתן פאָלקס־ריטם און דערגרייכט צומאָל דאָס, וואָס שלום־עליכמען האָט זיך קיינמאָל נישט איינגעגעבן — איז געווען מער סטיליזאַטאָר, מער באַוווסטזיניקער נאכאמער. ער האָט עס דערגרייכט נאָך קאָלאָסאַלער אָנשטרענגונג („פאָלקסטימלעכע געשיכטן״) אָדער אין געציילטע גליקלעכע מאָמענטן פון רוח־הקודש (חסידישע דערציילונגען). שלום־עליכם אָבער איז געווען אַ רעאַליסט, וואָס האָט געזויגן נאָר פון דער האַרטער ערד, און אויב ער האָט גע־טראָגן די דאָזיקע שווערע דריקנדיקע וועלט מיט דער לייכטקייט פון אַ ריזנהאַנט, איז דאָס געווען, ווייל ער האָט נישט קאָפּירט, נישט נאָכגע־מאַכט, נאָר פון אים אַליין האָט אַרויסגערעדט דער סטיל פון אַ גאַנץ פאָלק, פון אַ גאַנצער עפּאָכע. ער אַליין האָט אין זיך פאַרקער־פּערט די וועלט, וועלכע ער האָט געשילדערט — דאָס, וואָס ס׳הייסט די

גענויאַלסטע פאָלקס־שאַפונג: ווען דאָס פאָלק רעדט נישט דורך אַ שליח־צבור, נאָר דורך זיך אַליין. דערפאַר שפּירן מיר דאָ נישט, אַז דער קינסט־לער זאָל זיך עפּעס אַ כּוח אָנטון. פאַרקערט, מיר האָבן דאָס געפיל, אַז ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך, אַז ער באַפרייט זיך פון דעם, מיט וואָס ער איז געווען איבערגעלאָדן. נישט ער הייבט אויף דעם שטיין — נאָר דער שטיין ווערט אין זיין מעכטיקער האַנט פאַרוואַנדלט אין אַ לייכ־טער פעדער. צו וואָס דער דיכטער רירט זיך צו, ווערט עס באַפליגלט, לייכט, פליגלדיק, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם שלייער פון פאַרפרעמד־קייט.

דעריבער אָטעמען מיר אַזוי לייכט אין זיינע שאַפונגס־געצעלטן. עס זענען נישט קיין שטיינערנע מויערן. צווישן איין וואָרט און צווייטן ליגן דאָ גאַנצע פאַסן פון גערוימען שטח, גאַנצע פעלדער פון פרייער לופט. זיינע ביכער האָט ער נישט געשריבן; זיי זענען אַליין געשריבן גע־וואָרן. און נישט מיר לייענען זיי; נאָר זיי ווערן געלייענט פון זיך אַליין... עס איז די איינציקע גרויסע אימפּראָוויזאַציע אין אונדזער ביכער־ליטע־ראַטור, אין דער „תורה שבכתב".

געוויס איז ער צומאָל אַריינגעפאַלן אין געשמאַקלאָזיקייט. אָפט איבערגעטריבן, און, ווי מען זאָגט, „פאַררעדט" זיך צופיל. דאָס מוז דאָך טרעפן ביים פּראָפעסיאָנעלן הומאָריסט. מאַכן לאַכן — פאַר דעם זענען די מענטשן זייער דאַנקבאַר. נאָר דאָס לעבן איז ערנסט — און ווער עס שרייבט ערנסט, דער ווערט נישט אַזוי לייכט נכשל. שלום־עליכם איז אָבער צום גליק נישט געווען נאָר הומאָריסט; ריכטיקער געזאָגט — ער איז געווען יענער הומאָריסט־דיכטער פון גרויסן סטיל, וואָס זיין הו־מאָר קוועלט פון גרויסער ליבע, פון גייסטיקן רייכטום, פון מיטלעבן: עס קלינגט היינט אַביסל אַלטמאָדיש, ווען מען רעכנט אַזעלכע זאַכן פאַר מעלות ביי אַ קינסטלער. נאָר אָן דער דאָזיקער גרויסער ליבע, אָן מיט־פילן איז מען נישט גרויס.

שלום־עליכם האָט מיטגעלעבט. ער איז אפשר געווען דער איינצי־קער מענטש ביי אונדז, וואָס האָט אין זיך געטראָגן אַזעלכע אוצרות פון סימפּאַטיע צו מענטשן, צום פאָלק, צום געדריקטן, צום ליידנדיקן, נישט

רחמנות האָט ער געשפּירט צו מענטשן — ער האָט געלעבט מיט זיי, גע־טראָגן ביי זיך אין האַרץ זייערע חכמות, זייערע נאַרישקייטן, ווי גרויסע קאָסטבאַרקייטן. דאָס איז גרעסער ווי רחמנות, וואָס מ׳טראָגט פון אויבן אַראָפּ. דאָס איז — זיך אַליין שטעלן אומעטום; דאָס הייסט — באַ־שטראַלן די פרעמדע לעבנס אַזוי, אַז זיי זאָלן פון זיך אַליין שעפּן פאַר־גרינגערונג. יאָ, אין דעם זינען איז שלום־עליכם געווען נישט נאָר דער שרייבער פון פאָלק. ער איז געווען זיין גוטער געניוס, זיין שיצער — דער, וואָס האָט אויסגעגראָבן די אוצרות זיינע און אים געמאַכט רייך מיט יענער עשירות, פון וועלכער ער אַליין האָט נישט געוווסט.

עס איז היינט ריזיקירט, אפילו געשמאַקלאָז, צו זאָגן וועגן אַ שרייבער, אַז ער איז געווען דעמאָקראַטיש. מיר קענען זיי דאָך, די דע־מאָקראַטן, וואָס מאַכן גליקלעך דאָס פאָלק, וואָס חנפענען עס און טענהן שטענדיק אין זיין נאָמען. שלום־עליכם איז אָבער געווען דורכגעדרונ־גען אינגאַנצן מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר דעם פאָלקס־ מענטש, מיט אַזאַ פאַרשטענדעניש פאַר זיין פּשטות, פאַר זיין אמת — ער האָט אין אים געזען אַזאַ גרויסע ש ט י צ ע פאַרן נאַקעטן, קאַלטן אינטעלי־גענטישן לעבן, אַזאַ שפּייזער, פאַר אונדזער גייסט, אַזאַ ערלעכן טראָגער פון די אייביקע מענטשלעכע אידעאַלן, אַז זיינע פאַרשוינען, ווי חוזק ער זאָל נישט מאַכן צומאָל פון זיי, זענען דאָך די ב אַ ו ו נ ד ע ר ט ס־ ט ע , די געשעצטע, די זיילן פונעם לעבן. קיינער האָט, ווי ער, נישט געזען דעם אָרימאַן אַלס אויסדערוויילטן, פון גאָט געבענטשטן — אַ דאַנק די גרויסע לעבנס־כוחות, וואָס קוועלן אין אים. און קיינער האָט דעם גביר אונדזערן נישט געזען אַזאַ קלאָגעדיקן, אַזאַ גייסטיק־באַנר־מענעם, אַזאַ קליינינקן אין פאַרגלייך מיט זיינע „מענטשן“, — מיט די, וואָס פאַרמאָגן נישט זיין מיסט.

# צווישן מזרח און מערב

(צו פרישמאַנס אַכטן יאָרצייט)

אינעם זומער פונעם יאָר 1920, ווען בודיאָניס רייטער־אַרמיי האָט זיך אויף אַזויפיל צוגערוקט ביז הינטער וואַרשע, אַז אין מערערע אויס־לענדישע צייטונגען זענען געווען טעלעגראַמעס, אַז די פּוילישע רע־זידענץ איז שוין פאַרנומען דורך די באָלשעוויקעס, — האָט פרישמאַן, וואָס האָט זיך נישט לאַנג געהאַט אומגעקערט פון מאָסקווע און פאַר־עפנטלעכט אַ ריי בייסיקע אַרטיקלען קעגן דער ראַטנמאַכט, אויף גיך געכאַפּט אַן אויטאָמאָביל און דורך דאַנציק זיך אַריבערגעכאַפּט קיין בערלין.

געהייסן האָט עס, אַז ער ראַטעוועט זיך פון די באָלשעוויקעס, אויס מורא, זיי זאָלן אים נישט פאַרפאַלגן פאַר זיינע אַנטיקאָמוניס־טישע אַרטיקלען. מיר דוכט זיך אָבער, אַז דאָס איז געווען מער אַן אויסרייד צו פאַרלאָזן וואַרשע און אַריבערצופאָרן קיין דייטשלאַנד. אַ סימן — אַז נאָכדעם, ווי די באָלשעוויסטישע סכנה איז אַריבער אינ־גאַנצן, איז ער דאָך געבליבן אין בערלין און באַשלאָסן צו ברענגען אַהין זיין גאַנצע פאַמיליע און זיך באַזעצן דאָרט אויף שטענדיק. מער וויפיל ער איז אַנטלאָפן **פון** פוילן, איז ער געלאָפן **קיין** דייטשלאַנד. זיין גאַנצע לעבנס־ליניע האָט אייגנטלעך געפירט פון מזרח קיין מערב.

בערלין פון 1920 האָט נאָך געהאַט דעם נאָכמלחמהדיקן חן. מ'האָט נאָך געגעסן ברויט אויפן גראַם, און פאַר אַביסל פעטס האָט מען מי יודע וואָס אַוועקגעגעבן. אַלצדינג איז געווען פאַרהונגערט, פאַראָרעמט, פאַרקריפּלט פון לאַנגיאָריקער נויט. און דאָך פאָרט בער־לין — די שטאָט פון אַרבעט, פון תורה, פון תכלית! אין דער דאָזי־

קער סביבה פון פלאַנמעסיקייט, פון אויסגענוצטער ענערגיע, הייבט יעדער אָן צו גלויבן, אַז אַלצדינג איז נאָך צום דורכפירן, אַז ס'איז נאָך גאָרנישט פאַרשפּעטיקט.

פרישמאַן, וואָס האָט דאָס גאַנצע לעבן, זיינע כוחות צעזייט און צעשפּרייט אויף טויזנטער וועגן, האָט מיט זיין גאַנצער אומגעשטיל־טער שאַפונגס־דורשט זיך איצט פאַרטרויט אויף בערלין — אויף דער אייזערנער שטאָט פון אָרדענונג און אויסגערעכנטקייט, אַז זי וועט אים ברענגען ניי מזל, נייע שאפונגס־מעגלעכקייטן. דער עטלעכע און פופ־ציק יעריקער מאַן האָט נאָך אַלץ געקוקט אויף זיך, ווי אויף אַ מתחיל, און געזוכט אַזוינע באַדינגונגען, וואָס זאָלן אים סוף־כל־סוף מעגלעך מאַכן צו שאַפן דאָס ג ר ו י ס ע , צו וועלכן ער האָט זיין גאַנץ לעבן אומזיסט זיך געריסן.

דעריבער האָט אים בערלין אַזוי גליקלעך געמאַכט. בערלין איז געווען די שטאָט פון זיינע יוגנט־דמיונות. זי וועט אומבאַדינגט אים געזונט מאַכן, זי וועט אים געבן קאָנצענטרירטקייט, פלייס, רו. אַלע זענען מיר גענויגט צו גלויבן, אַז די נייע סביבה וועט באַנייען אונדזער לעבן, אונדזער שאַפונגס־מזל.

און ווי אָפט טרעפט טאַקע, אַז דאָס נייע אָרט איז מער צוגעפּאַסט צו אונדזער אינערלעכן ריטם און ווערט אַ סטימול צו אויפשטייג, צו נייער גייסטיקער אַנטוויקלונג (פּונקט, ווי עס טרעפט, געוויינלעך, אויך פאַרקערט).

דאָס אייביקע רייסן זיך צו גרויסע שאַפונגס־לייסטונגען איז געווען דאָס רירנדיקסטע און טראַגישסטע אין פרישמאַנס פערזענלעכקייט. קיי־נער האָט אַזוי טיף נישט אָנערקענט די נויטיקייט פון דעם אָפּגעטוענעם, ווי ער. זיין ביטול איז געווען באַרעכטיקט. ווייל ער איז געווען געווענ־דעט נישט נאָר קעגן אַנדערע, נאָר, אפשר, מער פון אַלץ קעגן זיך אַליין. זיין גאַנץ לעבן האָט ער, ווי אַ באַהאַלטענע ווונד, געטראָגן אין זיך דעם ה ו נ ג ע ר צ ו ש אַ פ ן , — דעם דאָזיקן אייביק אומגעשטילטן, אומבאַפרידיקטן הונגער!

אין יענער צייט האָב איך זיך מיט אים געטראָפן, און בין געווען דער־שטוינט פון זיין רואיקייט, צו וועלכן איך בין נישט געווען צוגעוווינט. מיר איז אויסגעקומען מיט פרישמאַנען זייער אָפט צו לעבן אין פאַרשיי־דענע ערטער. אין וואַרשע, אין אָדעס, אין מאָסקווע. אָבער אין ערגעץ האָב איך אים נישט געזען אַזוי מונטער, ווי דעמאָלט. די מפלה פון די באָלשעוויקעס, פון די דאָזיקע וואַנדאַלן, וועלכע ער האָט מבטל געמאַכט מיטן גאַנצן האַרץ, איז אייגנטלעך פאַר אים געווען די רעטונג פון דער מערב־קולטור, וועלכע ער האָט זיין גאַנץ לעבן פאַרגעטערט. און הגם ער האָט פון יולי 1914, ווען עטלעכע דייטשע פּאַטריאָטן זענען אָנגעפאַלן אויף אים אין בערלין אין גאַס און אים צעקנייטשט דעם קאַפעליוש, גע־וואָרפן אַן אומחן אויך אויף די טעווטאָנישע באַרבאַרן, האָט ער דאָך זיך אין בערלין געפילט „אין זיין אמתער סטיכיע". דאָ איז אייגנטלעך געווען זיין אמתע היים.

ער האָט אויסגעזען גאָר אַ יונגער מענטש. דאָ איז ער נישט געווען אַזוי געררייצט, ווי אין וואַרשע, ווי אין אָדעס — אפילו, ווי אין מאָסקווע, ביי שטיבעל'ן אין הויז, וווּ ער האָט געהאַט אַלע גרונטן צו זיין רואיק. בערלין, אפילו דאָס נאָכמלחמהדיקע, וואָס האָט אַזוי ווייניק געקענט גע־פעלן, איז געווען דער שטילער האָפן, ווו זיין אומרואיקע לעבנס־שיף האָט דאָס לעצטע מאָל געאַנקערט.

מיר פלעגן דעמאָלט — פרישמאַן, שניאור, ד״ר קלאַצקין און איך, עסן מיטיק אין אַן אָפענעם גאָרטן־רעסטאָראַן אין שאַרלאָטענבורג, נישט ווייט פון סאַוויני־פּלאַץ. ווייסט גאָט, ווי ווייניק מיר האָבן געשמעקט די דייטשע מאכלים, וואָס זענען נאָך געווען אויף העלפט געפעלשט. אָבער פרישמאַן האָט זיך נישט באַקלאָגט. און אַז ער פלעגט זיך נאָכדעם אָוועקזעצן אין אַ קאַפע מיט אַ באַרג צייטונגען אַרום זיך און זיך גע־מיטלעך געררויכערט זיין ציגאַר, האָט ער אויסגעזען, ווי דער צופרידנס־טער מענטש, וואָס עס קאָן נאָר זיין.

עס איז געווען אָנהייב סעפּטעמבער, וואָס איז שטענדיק אַזוי שיין אין בערלין. אויף די זוניקע וועגן פון שמאַרגענדאָרף, אין די אַלעען פון

טיער־גאַרטען, וואָס זענען שוין געווען באַווייעט מיט ערשטער האַרבסט־טיקער פרישקייט, צווישן די פּרעכטיקע ווילעס פון גרונעוואַלד פלעגן מיר אָפט שפּאַצירן. ער איז געווען ווונדערבאַר געשטימט. זיכער געווען, אַז אייראָפּע, ריכטיקער — „דאָס אייראָפּעאישע" מוז זיגן. ער האָט נישט געקענטליידן, וואָס קלאַצקין פלעגט אַמאָל זאָגן, ווי דער שטייגער איז אין דייטשלאַנד, אַ גוט וואָרט וועגן בײַיעם רוסלאַנד. זיין גלויבן אין מערב איז געבליבן אומדערשיטערט. זיגן מוז קולטור, זיגן מוז הומאַניטעט. אומ־געצווימטע מענטשלעכע אינסטינקטן מוזן ברענגען נישט נאָר צו פרעמ־דער, נאָר אויך צו אייגענער פאַרניכטונג.

אַזוי רירנדיק־געטריי איז ער געבליבן זיין גאַנץ לעבן דעם מערב־סטיל, — דעם האַרמאָנישן, געצווימטן, גראַד־ליניקן. ער האָט די גאַנצע וועלט געזען אין איר קלאָרן קרייז, אין איר קרעפּטיקער באַגרענעצטקייט. הויך־מענטשלעך איז ביי אים געווען נאָר די פעאיקייט פון גייסט זיך צו דערקענען — דערקענען זיינע אייגענע גרענעצן. דאָס מיסטישע, וואָס האָט אים אָפט געצויגן, האָט ער אָפּגעלייקנט, זייענדיק געטריי זיין השׂ־כלה־דערציאונג. אמתע עקזיסטענץ איז ביי אים נאָר געווען דאָס, וואָס רוט אין ליכט.

אין דעם איז באַשטאַנען די טראַגעדיע פון זיין שאַפונג, וואָס ער, דער מענטש פון געזאַנג, וועמענס אויסערלעכע וועלט, די וועלט פון פאַרב און פאָרם, איז געווען אַזוי אָרעם, האָט זיין גאַנץ לעבן זיך געדרענגט אין איר ענגן קרייז, — אין עלנדן קרייז פון ניכטערן, דעמאָלט ווען זיין אמת־דיק קעניגרייך איז געווען נישט פון דאַנען. דעריבער האָט ער אַזוי ווייניק קינסטלעריש פאַרווירקלעכט, ווייל ער האָט זיך אַליין אויפגעגעסן, זיך אַליין באַרויבט, פאַראָרעמט, נישט טרויענדיק זיך אַליין, נישט לאָזנדיק זיך באַצויבערן ביזן סוף.

זיין גאַנץ לעבן האָט אים געצויגן „אַהין", צו דער פרעמדער וועלט פון קראַפט, פון שלימות, פון פולן אויסדרוק. די מערב־קולטור איז געווען זיין אייביקער שטיץ־פּונקט. זיין גאַנץ לעבן האָט ער איר געזונגען שבחים, ביי איר געלערנט, איר געטריי געדינט. זיין גאַנצע שאַפונג, נישט

נאָר אַלס איבערזעצער און קריטיקער, איז אייגנטלעך באַשטאַנען אין דער דעמאָנסטרירונג פון דער מערב־קולטור, ווי אַ מוסטער, צו וועלכן מיר דאַרפן שטרעבן. אָבער דאָס איז געווען מער אַ בענקשאַפט צו פרעמדער שלימות, ווי אַן אָרגאַנישע אייגנשאַפט. אין תוך איז פרישמאַן געווען אַ מזרח־מענטש, דער זינגער פון אַ פאַרטרוימטער, קעגנזייטיקער וועלט. אין תוך איז ער געווען אַ סך מער חסידיש, ווי מען קאָן אָננעמען לויט זיין אייגענער מלחמה מיט פרצן. מער אפשר, וויפיל ער האָט באַקעמפט אין פרצן אַ געוויסן עלעמענט פון טעאַטראַלישקייט, פון אַביסל פאָרסירטן שאַפונגס־אימפעט, האָט ער אים מקנא געווען פאַר זיין מוט, פאַר דעם, וואָס ער האָט געקאָנט צוגליען זיך, איבערווינדן אין זיך דעם משכיל און דערגרייכן דאָס, צו וואָס ער אַליין האָט אומזיסט געשטרעבט זיין גאַנץ לעבן: צו פאַרפעסטיקן די יסודות פון פאָלקס־שאַפונג. צונויפגיסן אירע צעשיידטע עלעמענטן אין סטיל, אין ווערן דער שעפער פון יענעם פאָלקס־טימלעכן ריטם, וואָס האָט אַזוי באַלעבט אונדזער נייע קונסט. ער, דער אייביק־פאָרזיכטיקער, וואָס האָט יעדעס וואָרט, יעדע באַוועגונג זיינע נישט אויפגעהערט צו קאָנטראָלירן, האָט נישט געטרויט פרצעס דרייסטן גייסט, וואָס האָט געשאַפן מיטן כוח פונעם גלויבן אין זיך, אייגנס. ווער עס געטרויט זיך אַליין נישט, געטרויט, געוויינלעך, נאָך ווייניקער דעם צווייטן.

דאָס האָט אים, דעם הויכבאַגאַבטן, דעם פילזייטיקן, קולטור־רייכן און קלאָראויגיקן, אַזוי עלנד געמאַכט. אין די געציילטע מינוטן, ווען ער האָט זיך געלאָזט אינגאַנצן באַרוישן און זיך געלאָזט טראָגן אויף די לייכטע פליגלען פון געזאַנג. האָט ער געגעבן אַ טיפן אויסקלאַנג זיין פאַרחלומטער, נישט־ערדישער ערד.

אָט די צאַרט־לירישע, כמעט וויזיאָנערישע פראַגמענטן, פון זיינע פראָזע־פאָעמען זענען געווען דער אייביקער רייץ פון זיין שאפונג. זיי האָבן אונדזער קינדהייט באַצויבערט, ווי ווייטע פעלד־קלאַנגען. זיי האָבן געצויגן און דערצויגן. זיי זענען געווען דער ערשטער זוימען פון דער יונג־העברעאישער ליריק — איר ערשטער אָנזאָג. פרישקייט פון אַ נייער

תּקופה איז געלעגן אויף זיי, און אַ חן האָבן זיי געהאַט, דעם חן פון יוגנט, פון קומענדיקן.

ער איז נישט געווען באַרופן צו פאַרווירקלעכן. זיין שליחות איז געווען אַן אַנדערע: צו רופן, צו דערמונטערן צום בייעם. ער אַליין האָט נאָך פון זיינע אייגענע נצחונות נישט געקאָנט געניסן. דערצו איז ער געווען צופיל צעריסן צווישן ניכטערקייט און באַרוישטקייט, וואָס האָבן זיך ביי אים נישט צונויפגעגאָסן, אַזוי גליקלעך, ווי ביי פּרצן. „איין מלכות האָט ביי אים נישט אָנגערירט דאָס צווייטע״. אוי וויי! אין זיין פאַרכישופטן פּאַלאַץ האָבן זיך שטענדיק געטראָגן די קאַלטע צוג־ווינטן.

אַזוי, אין אייביקער איינזאַמקייט, אין אייביקן געראַנגל צווישן מזרח און מערב, בלייבנדיק שטענדיק געטריי נאָר זיך אַליין, האָט ער אָפּגעלעבט זיין שווער און פרוכטבאַר לעבן. אַזוי עלנד, ווי ער איז געווען מיט זיין גאַנצן רייכטום, איז, דאַכט זיך, קיינער פון זיין דור נישט געווען. און אין יענע געציילטע טעג, וואָס איך האָב פאַרבראַכט מיט אים אין בערלין, איז מיר טאָפּלט דערפרייענדיק געווען צו זען אים אַ פאַר־יונגערטן, אַ האָפענונגספולן, ווי ער גרייט זיך, ביי דער שקיעה פון זיין לעבן, צו דער גרויסער שאַפונגס־אָפּענסיווע, וועגן וועלכער ער האָט אַלע זיינע יאָרן נישט אויפגעהערט צו טרוימען.

ווער וואָלט געקאָנט גלויבן, אַז שפּעטער מיט צוויי יאָר וועט שוין זיין דער סוף פון דער וואַנדערונג? זיין חלום צו וווינען אין אייראָפּע איז מקוים געוואָרן, אָבער שוין צו שפּעט. ווען ער האָט איינגעאָרדנט זיין פּרעכטיקע וווינונג אויף דער קייזער־אַלעע, איז ער שוין אויף העלפט געווען אויפגעגעסן פון קאַנסער, וואָס די דאָקטוירים האָבן אַנטדעקט ביי אים אַ פּאָר טעג פאַר זיין טויט. אָבער נאָך ליגנדיק אויפן טויטן בעט האָט ער נאָך אַלץ, ריידנדיק מיט זיינע פריינט, געחלומט וועגן זיינע גרויסע ליטעראַרישע פּלענער, און אַזוי אַוועקגעטראָגן מיט זיך אין קבר זיין אייביק נישט־געשטילטן דורשט צו שאַפונג — די איינציקע פאַטאַ־מאָרגאַנאַ פון זיין גאַנץ לעבן.

# בן־עמי

אין די גאַסן פון תל־אביב, וואָס זענען שטענדיק פאַרפלייצט מיט רווישיק־פריילעכן יונגוואַרג, פלעגן מיר אים באַגעגענען זייער זעלטן. ער האָט געוווינט אין עק־שטאָט, האַרט ביי די גרינע פעלדער פון שרונה, און די שוואַכע אויגן און שוואַכע פיס האָבן שוין נישט געדינט. דער 77־יאָריקער מאַן איז געווען מיד און קראַנק פון זיין לאַנגן וואַנדער־וועג. צו שפּעט געקומען אַהיים. און כאָטש ס׳איז זיס אויך אַ שפּעט געשאַנק, און ווייל איז דעם, וואָס קומט אפילו ביים טאָג־פאַרגיין אין האַפן, צו וועלכן ער האָט פון גאַנץ פרי אָן געזעגלט, אָבער אַנגעטרונקען מיט טרויער איז שטענדיק די לופט אין יעדן לעצטן האַרבעריק — דער טרויער פון סוף.

אַט דער דאָזיקער טרויער האָט שטענדיק געהאַנגען איבער דעם גרייז־גרויען אַלטן מאַן, וואָס האָט זיך ווי אַ פרעמדער אַרומגעדרייט צווישן אונדז. ער איז שוין געווען כמעט נאָר צושויער, אָבער זיין ברען איז נאָך נישט געשטילט געווען, און יעדעס מאָל, ווען מיר פלעגן זיך טרעפן מיט אים, פלעג ער נאָך דורך די שפּעלטלעך פון די האַלב־בליבּ־דע אויגן אַ שפּריץ טון אויף אונדז מיט פייער און אַ היק טון גאַליק, בייסיק, שטעלנדיק זיך אויף די פיס מיט אַמאָליקן בייזער. ער האָט מיט אונדז אַלע געהאַט חשבונות. אַלע האָבן מיר אָפּגענאַרט די האָפענונגען, וואָס ער האָט אויף אונדז געלייגט. אוי, אַנדערש, אַנדערש האָט ער זיך אַלצדינג פאָרגעשטעלט פון ווייטן. אַנדערש האָבן די זאַכן געדאַרפט אויסזען. אַנדערש — אויך מיר.

שווער איז צו זיין פרעמד אין דער היים. שווער זיין איינזאַם צווישן אייגענע. דאָ זענען נאָך געווען חברים, מיט־קעמפער און מיט־וואַנדערער, צו וועלכע ער האָט זיך אַזוי הייס געריסן פון דער שיינער פרעמדער

שווייץ, אין וועלכער ער איז דאָך געווען שוין טיף איינגעוואָרצלט. נאָר ווייניקע האָבן אָפּגעענטפערט אויף זיין וואַרעמען האַרציקן רוף. יאָ, דאָ איז ער געווען אפשר עלנטער, ווי אומעטום. דערצו נאָך די שפּראַך־טראַגעדיע: ער, וואָס העברעאיש איז געווען זיין לעבנס־חלום, האָט זיין גאַנץ לעבן געמוזט אָנקומען צו אַנדערע שפּראַכן, און צוליב דעם שווער זיך צונויפגעגאָסן מיטן היגן עלעמענט. וואָס אים האָט ווי געטון, איז אפילו די נאָענטע נישט שטענדיק געווען פאַרשטענדלעך.

און ער איז געווען אַ ייד מיט טענות, וואָס האָט זיך נישט געלאָזט איינרעדן. ער האָט יידיש ווי און יידיש שאַנד געטראָגן שווערער, ביטערער ווי אַנדערע. זיך נישט צופרידנגעשטעלט מיט קיין תירוצים. געמאָנט שטרענג, אויפן קול, געוואָלט פאַרגיטיקונג פאַר אַלץ, פאַר אַלע באַליידיקונגען, פאַר אַלע עוולות, און נישט איינגעגאַנגען אויף קיין שום אָפּמאַכן. נאָר נישט אויף העלפט! נאָר נישט איבערלאָזן קיין לעכער אין דער מויער!

אַזאַ מין ייד איז דאָס געווען, — פון די וואָס פאַלן נישט אַראָפּ ביי זיך פאַר פרעמדער פּראַכט. וואָס טראָגן זייער יידישקייט, ווי אַ באַהאַלטענעם אוצר אין זיך, און זענען מבטל דעם דלות פון דרויסן. אַזוינע זענען קיינמאָל נישט מוחל יידישן כבוד. אַזוינע גייען אַרום צווישן די גוים, ווי צווישן ווילדע וועלף. און קענען נישט שלום מאַכן. אין ווילן זיך נישט איבערבעטן. אַ ייד וואָס האָט געקענט אויסשטיין אַלצדינג, איבערטראָגן אַלצדינג, אָבער מיט איין תנאי — אַז ער זאָל זיין באַרעכטיקט פּיינט צו האָבן מיט יעדן פאַרסמטן טראָפּן בלוט זיינעם, און מיט זיין שווערן שאָטן וואַרפן אַ שרעק אויף זיי.

דער סאָרט ייד האָט אויף קיין מינוט דעם גלות נישט פאַרגעסן. און אַפילו ווען ער איז מילדער געוואָרן, האָט ער נאָך אין זיינע אויגן אָפּגעשפּיגלט די פייער־שרעק פון אַלע דורות, פון אַלע געפּייניקטער, וואָס זענען אומגעקומען אויף קידוש־השם. אזוינע האָבן נישט געקענט מוותר זיין. זיי האָבן אין זיך געבריט די שנאה צו אדום ווי אַ לעבנס־עלעקסיר; געוווסט, אַז מיט דעם כוח פון אָט דער שנאה צו די

בזויים פון אַלע פעלקער, וואָס האָבן זיך אין זייער בלוט געבאָדן, לעבן זיי. דעריבער איז די שנאה געווען אַזוי טייער ביי זיי, אַז זיי האָבן גע־קענט צוריקווייזן די האַנט, וואָס איז געווען אויסגעשטרעקט מיט פרידן צו זיי. זיי האָבן איר נישט געגלויבט. זיי האָבן פאַר דער ליבשאַפט זייע־רער מער מורא געהאַט, ווי פאַר זייער פיינטשאַפט.

ווי אַ שאָטן איז ער פאַרבייגעגאַנגען אין די ווינקעלעך פון תל־אביב — דאָרט, ווו אַלצדינג בליט לייכט און ו י ל פ אַ ר ג ע ס ן. ער האָט ווי דערמאָנט, אַז ס'זענען נאָך דאָ  ב אַ ל יי ד י ק ט ע  יידן, אויף דער וועלט. אַז מע טאָר נישט זיצן נאָר אויף דער זון... מיר האָבן געוווסט, אַז ס'טוט אים וויי. אָבער אונדזער פּנים איז געווענדעט צו אַן אַנדער זייט. נישט צוליב דעם זענען מיר געקומען אַהער, אַז מיר זאָלן ווידער לעבן פון אונדזער ווייטיק, פון אונדזער שאַנד. מיר האָבן צע־עפנט די פענצטער, און געוואָלט אויפאָטעמען ברייט און  א ו נ ט ע ר־צ י ע ן  ד ע ם  אַ ל ט ן  ח ש ב ו ן ... אויסרייסן די שרעק, ווי אַ בייזע שפּראָצונג, פונעם האַרץ. פאַרגעסן. איבעררייסן. אָנהייבן אַ ביי זייטל, אַ נייע לעבנס־פּרשה.

און אַזוי איז ער געבליבן אויסער דעם קרייז.  ז י ך  נ י ש ט  מ צ ט ר ף  ג ע ו ו ע ן.

נאָר יענע נאַכט, די געזעגענונגס־נאַכט, האָט אונדז אַ טראָג גע־טון מיט אימפּעט צו אים. אַזוי דערמאָנט מען זיך שטענדיק — ווען ס'איז שוין צו שפּעט. אַ קליינע קאָמפּאַניע האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַרום דעם טויטן בעט, אויף וועלכן ער איז געלעגן אַזוי ליכטיק־רואיק, ווי ער איז אפשר זיין גאַנץ לעבן נישט געווען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער הערט זיך צו צו אונדזער שטילן געשפּרעך וועגן אים. און ערשט דעמאָלט האָבן מיר אים דערזען: דער טויט, וואָס זאַמלט מיטאַמאָל איין דאָס צעזייטע און צעשפּרייטע פונעם מענטשן אין אייביקן שייער אַריין, האָט אויך מיטאַמאָל בולט געמאַכט זיין געשטאַלט אין איר גאַנצער גייסטיקער גרויס. און אויך די, וועלכע ער איז שטענדיק געווען ווייט, האָבן דערפילט דעם טראַגישן גלאַנץ פון זיין לעבן. ווען מיר זענען גע־

זעסן ביים טיש און געבלעטערט די אַלטע „וואָסכאָדן", האָבן זיינע אַל־טע ברענענדיקע רוף־געשרייען ווידער געשפּריצט לעבעדיקע פונקען. און עס האָט אויפגעלעבט דער יונגער בן־עמי מיט דעם געטלעכן ברען אין האַרץ, מיט זיין גלויבן און ליבע, מיט דעם גאַנצן מענטשלעכן רחמנות, וואָס האָט געקוואָלן פון אים צו זיינע קליינע ברידער, פון וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזונדערט. זיין אהבת־ישראל, ווי זיין ליבע צו יידישקייט, האָבן קיינמאָל נישט געהאַט צו טון מיט קיין דאָקטרינע, מיט קיין נאַציאָנאַליסטישן „שולחן־ערוך", נאָר זענען שטענדיק געווען אָנגעטרונקען מיט יידיש געפיל, — מיט דער איבערצייגונג, אַז פאַר־לאָזנדיק די ווערטן פון דער אומה, ברענגען מיר נאָר ז י ך אַ ל יי ן שאָדן. זיין פאַנאַטישע ליבע צו יידישקייט, איז געווען דער פאַנאַטיזם פאַר דער יידישער אידעע, דער אייביקער באַטייט פון וועלכער איז: ר ח מ נ ו ת א ו ן אַ נ ט יי ל, און יענע אינטים־מענטשלעכע האַרציקייט, וואָס נאָר אַ ליידנדיק פאָלק האָט געקענט אַזוי טיף אַנטוויק־לען אין זיך. אין מאור־התורה האָט ער געזען נישט קיין רעליגיעזע ווערטן, נאָר מ א ו ר ה ח יי ם. יידישקייט און רחמנות, יידיש־קייט און לעבן, זענען געווען ביי אים איינס און דאָס זעלבע. זיין היי־סער אָנפאַל אויף שאָפּענהויערס פּעסימיזם, איז דער קאַמף קעגן איינעם, וואָס איז מוציא שם רע אויפן לעבן. עס איז דער קעגנזאַץ פון יידישקייט — אָנצוקלאָגן דאָס לעבן. אָנקלאָגן מעג מען נאָר גאָט, און נאָך מער — דעם מענטשן, וואָס דאַרף טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרן לעבן גלייך מיט גאָט. ווייל ער, דער מענטש, איז די לעצטע אינסטאַנץ: אָן אים געווענדעט זיך, אַז די וועלט זאָל זיין אַנדערש, ווי זי איז...

יידישקייט איז פאַר אים געווען נישט קיין סכום פון אידעען, אפילו נישט פון קיין מידות, נאָר דאָס אייביקע בליעכץ, דער גאָרטן פונעם מענטשנס האַרץ. זיין טרוים איז געווען, אַז די יידישע תורה, ווי דאָס יידישע האַרץ, וועלן אויפסנייִ זיך צעבליִען אויף יידישער ערד.

אין ד ע ם איז באַשטאַנען זיין ציוניזם. און ווי האָט אים גע־טון ביזן באַהאַלטענעם בלוט זיינעם, ווען ער האָט געזען, אַז אָט ד ע ר ציוניזם איז נאָך נישט פאַרווירקלעכט.

# אורי ניסן גנעסין

צוריק מיט צוועלף יאָר*) איז אין וואַרשע געשטאָרבן נאָך אַ לאַנגער האַרץ־קראַנקהייט, וואָס האָט אים ווי אַ באַהאַלטענער שאָטן באַגלייט זיינע שיינע יוגנט־יאָרן, אַ יידישער קינסטלער, וואָס האָט געהאַט דאָס גליק צו בלייבן זיין גאַנץ לעבן כמעט אומבאַמערקט אי פון אונדזער קריטיק, אי פון דעם בעל־הבתישן לייענער: ביידע האָבן אים גלייך נישט פאַרשטאַנען. זיין סטיל, זיין אַרט שרייבן, יעדע מאַניר זיינע איז זיי געווען ווילד, פרעמד, אָפּשטויסנדיק. וואָס ביי אים איז געווען די אינעווייניקסטע שעמעדיקע זעלן־שפּראַך, דער קוים־געפּאַסטער אויסדרוק פון זיין מהות, איז פאַר זיי געווען געמאַכט, געקינצלט, הילפלאָז; וואָס ביי אים איז געווען געזאַנג, ריטם, האַרמאָניע, איז ביי זיי געווען — דיסאָנאַנס, פאָרמלאָזיקייט, אַ מין קוידערוועלש. אָט אַזוי איינזאַם איז ער זיך דורכגעגאַנגען דעם טרויעריקן גאָרטן פון אונדזער ליטעראַטור, טראָגנדיק זיין שאַפונג און זיין קראַנקהייט, ווי אַ קללה אין זיין אָנגעווייטיקט האַרץ. נאָך זיין פריצייטיקער טויט, וואָס מיט אים איז באַהויכט זיין גאַנצע שאַפונג, האָט מיט איר לעצטן אַקאָרד אָפּגעשטעלט די גלייכגילטיקע און געוואָרפן זיין רויטן אָפּגלאַנץ אויף דער דאָזיקער אינטערעסאַנטער פּערזענלעכקייט; אָבער נאָענט און טייער איז ער ביז היינט געבליבן נאָר געציילטע פון די וואָס האָבן מיט אים מער אָדער ווייניקער דורכגעמאַכט דעם טראַגישן וועג פון אַ נייער עפּאָכע.

וואָס איז ער געווען? דערציילער, ליריקער, פּסיכאָלאָג? דאָס ווייס איך נישט. נאָר איין זאַך איז ער געוויס געווען — אַן עכטער דיכטער. אין דעם באַנד דערציילונגען פון זיין לעצטער שאַפונגס־עפּאָכע, ווען זיין קינסטלערישע אייגנאַרטיקייט האָט זיך אין גאַנצן באַשטימט, האָט ער אונדז דערציילט כמעט אויסשליסלעך די פּאָעמע פון זיין אייגענעם לעבן,

*) געשריבן אין 1925.

ווי ביי אַלע לירישע טאַלאַנטן, פאַלט כמעט אויף אַלע זיינע העלדן דער רייכער אָפּגלאַנץ פון זייער שאַפער, אַ געוויסע איינקלאַנגלעכקייט גיט אָפּ פון די דאָזיקע נאָוועלן מיט זייערע משונהדיקע ריין־גנעסינדיקע נע־מען. נאָר פון זיי אַלע ווייעט אַזאַ פרישער גייסט, אַזאַ קרעפטיקער לעבנס־אָטעם, אַזאַ בליענדער טרויער, אַז מיר הערן דאָס קלאַפּנדיקע האַרץ פון דעם, וואָס האָט זיי אויסגעוויטיקט, ווי דאָס פּאַקנדיקע געזאַנג פון איינזאַמע נאַכט־וואַנדלער, וואָס רופן אויף נישט צו ווערן געענט־פערט...

ער האָט אויך גערופן, נישט אויף געענטפערט צו ווערן. אין אים האָט געזונגען יענער וויי־געשריי צום לעבן, צו ליבע, יענער מעכטיקער דראַנג צום וואַרעמען שויס פון דער נאַטור, יענער איינגעהאַלטענער רחמנות אויף זיך און אויף די אַלע, וואָס האָבן, פאַרצערטע פון איינ־זאַמקייט, געפלאַטערט ווי די שטומע ים־פייגל איבער דער פאַרנעפּלטער וואַסער־פלאַך, און נישט געוווסט דעם וועג איינער צום צווייטן, — נישט געוואָלט און נישט געקאָנט אים וויסן, ווייל יעדער איז געפירט געוואָרן פון זיין טונקעלן שטערן און דורשטנדיק גליק, און אין זיך אַליין גע־טראָגן זיין פאַרניכטונג...

ער איז געווען פון די ווייניקע ביי אונדז, וואָס האָבן געקענט מיט שטילע ווערטער רעדן וועגן גרויסן, אייביקן טרויער פון מענטשן; פון די, וואָס האָבן ליב האָבנדיק דאָס לעבן, שטענדיק געהערט פלאַטערן די שוואַרצע פאָנען פונעם סוף, און אָפּגייענדיק מיט בלוט, פאַרנומען דאָס זיסע געזאַנג פון דער ערד.

וואָס פאַר אַ מערקווירדיק געפיל כאַפּט אונדז אָן, ווען מיר לייע־נען זיין לעצטע פּאָעמע „אצל“, דאָס קליינע פּראָזע־ווערק, וואָס וועט געוויס מיט דער צייט ווערן אַ צייכן־פונקט אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער פּאָעזיע! מיר גייען אום, ווי אין אַ קלינגענדיקן אלול־וואַלד, וווּ אַלצדינג בליט און וועלקט צוזאַמען, ווו דער שאַרפער ריח פון שמעקנדיקע קרייטעכצער מישט זיך אויס מיטן טרויער פון פאַלנדיקע בלעטער; ווו דער טויט, אַ ליכטיקער און פריינטלעכער, רירט זיך אָן אין די זוימען פונעם ליבן לעבן. אין קיין איינעם פון זיינע פריערדיקע

ווערק האָט דער קראַנקער דיכטער נישט אָפּגעשטעלט מיט אַזאַ ליבע, מיט אַזאַ געטלעכער רו זיין שטילן בליק אויפן שיינעם לאַכנדיקן לעבן, פון וועלכן ער האָט זיך געהיים געקליבן אַוועקגיין. איבער די אַלע פאַר־ביקע שמעקנדיקע בלעטלעך ליגט אויסגעגאָסן יענער דורכזיכטיקער און דאָך באַהאַלטענער זונען־טרויער פון ג ע ז ע ג ע נ ע ן ז י ך.

אין אַלע זיינע ווערק, אייגנטלעך, פילט זיך די וואַרעמע לופט פון צעשיידן זיך. אין די דאָזיקע אַלע לירישע פּאָעמען אין וועלכע עס ווערט אַזוי ווייניק דערציילט, פליסט אַזאַ מעכטיק לעבן, אַזאַ זינגענדיקע וועלט, אַזאַ באַהאַלטענע דבקות און אַזאַ עקל פאַרן מיאוסן, פאַרן א ו מ א ו י ס מ יי ד ל ע כ ן מיאוסן, וואָס הערשט איבער אונדז און אין אונדז, און פאַר וועלכן ס'איז נישטאָ וווהין זיך צו ראַטעווען, אויב נישט א ה י ן, צו יענעם לעצטן טונקעלן וועג־פּונקט, וואָס הייבט צומאָל אָן דעם מידן האַרץ לייכטן און רופן ווי די איינציקע גאולה, ווייל קיין זאַך לינדערט נישט אַזוי דאָס פאַרשפּילטע לעבן, דאָס פאַרלוירענע פון אונדזער האַרץ ווי דער באַרואיקנדיקער געדאַנק פונעם סוף — אַלץ איינס, צי איז ער נאָענט, צי איז ער ווייט. „יסורים — וואָס איז אַזוינס יסורים? זיי זענען געווען שוין ווייטע, פּונקט ווי די פולשטענדיקע רו איז געווען ווייט. און ווידער האָט זיך ער אויסגעוויזן, אַז נ ע ב ן לעבן קען מען און ס'איז אפילו לייכט צו לעבן".

דאַרף מען נאָך אונטערשטרייכן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין זין פאַר דעם אויסערלעכן, און דאָס וואָס אַנדערע רופן פאַקטן — האָבן אין זיין שאַפונג, די ליריש־פּסיכאָלאָגישע, קיין שום באַדייטונג נישט גע־האַט? דאַרף מען נאָך אונטערשטרייכן, אויף וויפל ער איז געווען צומאָל אומבאַהאָלפן — מיטן גאַנצן רייכטום פון זיינע קונסט־מיטלען — אויף אויסצודריקן געוויסע קאָנקרעטע מאָמענטן, אויף וויפל געוויסע ווערטער, פאַרבן, עפּיטעטן זענען געוואָרן פאַר אים אַזוי פיל אומפאַרמיידלעך־נויטיק, אַז ער האָט זיך נישט געקענט באַגיין אָן זיי, באַפרייען פון זיי? זיין וועלט, זיין צער, זיין געדאַנק האָבן געבליט אויף אַנדערע פעלדער. נאָר איז ער געווען אוממעכטיק צו געבן פאָרם, די גע־שטאַלטן, די פרעמדע וועלט, האָט ער דערפאַר געהאַט פאַר זיין אייגענער

אַזאַ אוצר פון אויסדרוק־מיטלען, וואָס האָבן אומדערוואַרטעט געוואָרפן אַ ליכטיקייט אויף די פאַרהוילנסטע תהומות פון אונדזער גייסט. און זעען מיר צומאָל, ווי ער צאַפּלט אין זיין אייגענער נעץ, איז עס דער־פאַר, ווייל זיין וועלט האָט נאָך זיך אַליין נישט געקענט, און זוכנדיק איר אויסדרוק, מיט פאַראַכטונג זיך באַצויגן צו יעדן אויסער־לעכן אויסדרוק.

זיין גאַנצע שאַפונג איז די אומגעהויערסטע, אומאויפהערלעכע גייסטיקע אָנשטרענגונג פונעם נייעם מענטשן צו געפינען זיך, צו אויפדעקן אַ וועלט, וואָס איז נאָך פאַרמלאָז און פאַרוויסט. זי האָט געבעטן אויסדרוק אין ווערטער, און נישט געגלויבט שוין אין זיי. עס איז שוין נישט געווען מער די באַרוישנדיקע אמונה פון אַ מענדעלע, אַז אין אָנהויב איז געווען דאָס וואָרט, — אַז דאָס וואָרט לייזט אויס, באַ־פרייט, דערפאַר גייט דורך אַזאַ געהיימע אומרואיקייט דעם דאָזיקן סטיל, דערפאַר איז זיין ריטם אויסערלעך אַזאַ נישט־זיכערער, און רייסט זיך אָפּטמאָל איבער אין דער מיט, ווי פאַרלירנדיק פלוצים זיינע ליכטי־קע ליניעס. ניין, עס איז שוין נישט דאָס קלאַסיש־באַרואיקנדיקע. גנע־סינס קונסט איז נישט קיין שאָטן־ווינקל אויף לייכט צו פאַרוויגן דעם מידן גייסט. זי אָטעמט לאַנג. נאָר שווער. גנעסין אַנטפּלעקט די בלוט־פלעקן פון זיין פּאָעזיע, אירע ברענענדיקע שאָטנס נאָר דעם, וואָס ער לעבט מיט, לעבט זיך איין אין איר. די, וואָס זענען געוווינט צום גלייכן אויסדרוק, צום שטרענג־געצייכנטן און פּראָסטן, וועלן נאָך אַ לאַנגע צייט בלאָנדזשען אַרום די הויכע פּלויטן פון זיין שאַפונג, ווי אַרום אַ פאַר־שלאָסענעם גאָרטן.

ער האָט געוואָלט בלייבן פאַרשלאָסן, ווייל נאָר איינגעהאַלטענער ווייטיק, ווי אויסגעשטאַנענער וויין, איז קרעפטיק. ער האָט געזאָגט און נישט דערזאָגט, ווייל דער, וואָס דערזאָגט, זאָגט אייגנטלעך גאָרנישט. ער האָט געשוויגט דעם טרויעריקן סוד פון זיין לעבן, און אים ווי אַ אוצר געהיט פאַר זיך, פון אים גענערט און פון אים פאַרצערט. זיין גאַנצע שאפונג איז אַ מין לירישע פּרעלודיע, אַ האַלב־אַראָפּגעלאָזענער פאַר־האַנג, און נאָר דאָרטן, וווּ איר טרויער צעבליט זיך העל־בלוי, איבערגע־

ציטיקט ווי די שפעטע סטעפּ־בלומען, ווערט זי אויף קורצע מאָמענטן פולקלאַנגיק, ווי אַ לעבעדיקער אָרקעסטער, און איר שטומער קלאַנג ברעכט אויס מיט אַן אויפרייסנדיקן רוף פון נצחון...

ער האָט געוווּסט, ווי טייער צו האַלטן דעם צער, מיט וועלכן מיר לעבן פיל מער, ווי מיט אונדזער גליק. דעריבער ציט זיין גייסט זיך שטענדיק פון ווייטע און פון נאָענטע צוריק צו זיך, צו זיין איינזאַמקייט. ער טראָגט זיין טרויער נישט ווי קיין קללה, נאָר ווי זיין איינציק רייכטום. ווי זיין באַהאַלטענע קמיע. אפילו אין „טונקעלן און טריומפירנדיקן שויס" פון דער פרוי שיצט אים דער פריילעכער געדאַנק, אַז ערגעץ וואַרט אויף אים זיין שטילקייט, אַז זיין געבורט־לאַנד איז נישט דאָ. און דאָך איז ער נישט געווען פון די, וואָס שפייזן זייער גייסט מיט קאַלטער שיינקייט. די וועלט איז ביי אים נישט געווען קיין שפּילצייג, קיין שטאָף פאַר קונסט. ער האָט געלעבט, געליבט, געליטן. זיין פּאָעזיע איז אָנגעטרונקען מיט ערנסט, מיט לעבנסשרעק, מיטן שווערן ווייען פוןליידנשאַפט. זיינע העלדן האָט ער „מיט ווייטיק געבוירן", אין זיין בלוט געבאָדן. די גאַנצע ריי לעבעדיקע מענטשן, וואָס גייען פאַר אונדז, ווי אין חלום, דורך זיינע ווערק, זענען זיינע נאָענטע. אין שלאָפלאָזע נעכט געדענקט ער זיי, טרויערט מיט זיי. די קליינע ליבע רוחמה, דאָס דאָזיקע ווילדע, דערשראָקענע וואַלד־חיהלע, אין וועמענס אָדערן עס ברויזט אַזאַ קאָכעדיק בלוט, אַזאַ מעכטיקע ליידנשאַפט, איז אַ שטיק האַרץ פון דיכטער אַליין, זיין טרוים־בילד, זיין פאַרברענטע יוגנט.

אין גנעסינס שאַפונג האָט די אויסערלעכע וועלט, וואָס האָט אין מענדעלעס ווערק אָנגעהויבן דריקן מיט איר שווערקייט, זיך ווידער אָפּגערוקט פאַרן אינערלעכן ווידערקול. אַלצדינג האָט ווידער באַקומען אַן אָפּקלאַנג, געוואָרן אַ רמז פון עפּעס, וואָס איז רייכער פון זיך אַליין. די וועלט איז מערער, ווי זי דערשיינט פאַר אונדזערע אויגן, „טיפער ווי דער טאָג האָט געמיינט". אין אירע חדרי־חדרים שפּילט אַ באַהאַלטענער אָרקעסטער. אינעם רויש, וואָס אַרום אונדז, ווערט זיין קול פאַרטויבט, פאַרגעסן, גנעסין, דער דיכטער, האָט דעם פאַרגעסענעם הימן פון דער ערד פאַרנומען און אים אונדז ווידערגעשפּילט אויף ציטערדיקע סטרונעס.

און שענער איז געוואָרן די וועלט, אַ פאַרברענטע אין זיין געזאַנג.

# דער 70סטער געבורטסטאָג פון י. ח. ברענער

עס זענען אַדורך 70 יאָר*) פון זינט ער איז געבוירן געוואָרן — אַ גרויסע היסטאָרישע תקופה פיל מיט האָפענונגען און פיל מיט אַנטוי־שונגען. און ער, וועלכער איז אָוועקגענומען געוואָרן פון אונדז מיט צענד־ליקער יאָרן צוריק אין זיין בליענדיקן עלטער, לעבט נאָך אין אונדז און צו אונדז דערגייט זיין קול אין יעדער צייט פון צעטומלעניש, וואָס איז נאָך נישט אַריבער אפילו מיט די גרויסע אָנגעקומענע געשעענישן. זיין גורל איז געווען צו לעבן אין אַ צייט פון שרעק און געפאַלנקייט, ער האָט נישט דערלעבט די נחמה. דעריבער טרויערט אַזוי אין אונדזער האַרץ זיין זכר.

וואָס איז געווען ברענער פאַר זיין דור ווייסן נאָר די, וועלכע האָבן געלעבט און געווייטיקט מיט אים צוזאַמען. ווען אפילו עס זענען גע־ווען אַנדערע, האָט ער, ווי אַ טריבע זון אונדז געלויכטן מיט זיין פולן ווייטיק, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרטוישט אויף פוסטע טרייס־טענישן אָדער טרייסטענישן אויף דער העלפט; פון „בחורף" ווו דער שריי־בער־אָנפאַנגער האָט אַרויסגעוויזן אַן אויסערגעוויינלעכע גייסטיקע רייפ־קייט און ביז „שכול וכשלון", דאָס בוך איינגעהילט אין פינצטערניש פון וועלכן עס שיינט אַרויס אַ נייער טאָג,* האָט ברענער, וואָס האָט געזען און באַוויזן ביזן סוף דעם צעבראָכענעם מענטש, נישט שלום גע־מאַכט מיט דער צעבראָכנקייט.

און אפשר נאָר אין די לעצטע טעג פון זיין לעבן, ווען ער האָט געוווינט אין אַ פאַרלאָזט הויז אין אַ פאָרשטאָט פון יפו, אפשר ערשט דעמאָלט, גייענדיק דורך שמאָלע סטעזשקעס פון די פרדסים, האָט ער צום ערשטן מאָל שלום געמאַכט מיט דער וועלט. ער האָט געגלויבט, אַז די רעטונג איז דאָרט, אין די אַרבעטער־אינדזלען, ווו עס שאַפט זיך אַן

*) געשריבן אין 1951.

אַנדער לעבן. און דווקא דעמאָלט איז געקומען דער ביטערער סוף, וואָס האָט שטענדיק געטונקלט פאַר זיינע אויגן, וועלכן ער האָט זיך פאָראויס־געזאָגט די גאַנצע צייט.

דאָס איז געווען אַ לעבן פול מיט ראַנגלענישן, פון וועלכע עס האָבן נישט געוווסט קיינער אין זיין דור. די שטורעמדיקע תקופה פון זיין יוגנט איז געווען אָנגעפילט מיט שווערע נסיונות. צוזאַמען מיט די גרויסע האָפענונגען האָט אויפגעבליט דער גרויסער יאוש, דעם גרויסן אמת האָט פאַרטונקלט דער גרויסער שקר. און ער, וואָס איז געווען אַזוי אַכזריותדיק־שטרענג צו זיך אַליין, איז געווען צוגעפּאַסט צו דערזען אין זאַכן און דערשיינונגען די קליינע מאָס ערלעכקייט און דעם ים פון מליצה. דאָס איז נישט געווען קיין פאָדערונג צו גרויסע זאַכן, און געוויס נישט — פאַר זיך.

ער האָט דווקא געשטרעבט צו נישט קיין סך, נאָר דאָס ביסל האָט געדאַרפט זיין אינגאַנצן שלמותדיק, אינגאַנצן אמתדיק. ווען ער האָט געשריבן וועגן ביאַליקן, האָט ער בעיקר אונטערגעשטראָכן דעם אמת אין אים. ער האָט אָנגעוויזן אויפן וווּנדערלעכן פערז, וועלכן ער האָט געקענט עדות זאָגן און אויף זיך אַליין:

ועד אלוהים מה נאמנה דמעתי!

(און גאָט איז אַן עדות ווי אמתדיק מיין טרער איז!)

און טאַקע דאָס איז געווען די שותפותדיקע אייגנשאַפט פון זיי ביידן, דאָס האָבן זיי ביידע אונדז געלערנט: צו זיין געטריי סיי אין לעבן און סיי אין דער שאַפונג. און אפשר צוליב דעם זענען זיי ביידע אונדז אַזוי טייער, ווייל זיי האָבן אונדז געלערנט צו זען דעם שקר און אונדז אַליין אַז מיר זאָלן אויפציטערן קודם־כל פאַרן געמיינעם, וואָס איז אין אונדז. נישט ווי אונדזער שטייגער איז איצט — ער האָט געהאַט דעם מוט אויפצודעקן דאָס געמיינע נישט נאָר ביי זיינע קעגנער נאָר אויך אין זיין אייגענעם לאַגער. פון אַלץ וואָס האָט אַרויסגעקוקט אָפּנאַרעריי, יעדע קליינלעכע בייזע באַרימעריי איז געווען אויסגעשטעלט אויף זיין פיינטלעכער קויל. אַפילו ווער עס האָט געהאַט אַ סך פאַרדינסטן, האָט ער אים אויך נישט געשוינט, אויב ער האָט אין אים אַנטדעקט נאָר

אָ סימן פון געמיינקייט. גבורה האָט אויפגעהערט צו זיין גבורה אויב זי איז געמאַכט געוואָרן דורך פרעכהייט, דורך מענטשלעכער געפאַלנקייט.

## ב.

די גרעסטע דאַטע אין ברענערס לעבן איז דאָס יאָר 1909, דאָס יאָר ווען ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל. אין אַלע געטאָס פון גלות האָט ער זיך פריער אויסגעוואַלגערט. ער האָט מיטגעלעבט מיט דער גאַנצער פאַראָרעמטקייט פון אונדזער לעבן אין די גרויסע און קליינע שטעט אין רוסלאַנד און גאַליציע. און די גאַנצע שטיקעניש, און די גאַנצע מיאוסקייט פונעם געטאָ אין דער פרייער שטאָט לאָנדאָן האָט ער איינגעזאַפּט אין זיך. זייענדיק נאָך אין דער הויפּטשטאָט פון ענגלאַנד האָט ער געטראַכט וועגן פאָרן קיין ארץ־ישראל, אָבער קיין שום זאַך איז אים נישט אָנגעקומען אַן קערפּערלעכע און גייסטיקע ראַנגלענישן. ענדלעך איז ער אין עלטער פון 29 יאָר אָנגעקומען צו די ברעגן פון לאַנד מיטן געפיל, אַז דאָס איז דער לעצטער אָפּשטעל־פּונקט און אז עס איז נישט פאַראַן קיין אַנדער שטיץ־פּונקט אין דער וועלט. דאָ וועט ער לעבן און דאָ וועט ער שטאַרבן, און כאָטש ער האָט פאַרגעפילט דעם סוף, האָט ער געוויס נישט געטראַכט, און אויך מיר האָבן נישט געטראַכט, אז ער וועט קומען אַזוי גיך, אז ער וועט זיין אַזוי שרעקלעך.

דאָ האָט ער געגלויבט, וועט ער קענען אויסשפּרייטן זיין טעטיקייט. אויסוואָרצלען די צעטומלעניש פון דער פאַרגאַנגענהייט און אָנהויבן אויפדאָסניי. ער האָט באַשלאָסן צו לעבן אַן אַרבעטער לעבן, צובינדן זיך צו דער ערד און דורך פיזישער אַרבעט אויסזויגן פון זיך די ביטערקייט מיט וועלכער עס האָט אים אָנגעפילט דאָס לעבן און דער גלות. אָבער ער איז גיך קראַנק געוואָרן — ער האָט נישט מצליח געווען ביים אַקערן און זייען. פאַרשטייענדיק, אַז ליטעראַטור איז זיין גורל, האָט ער באַשלאָסן צו פאַראַקערן דאָס לעבן פונעם ישוב מיט זיין געטרייער פעדער. ניט אָפּשרעקן זיך פאַר יעדן אמת, ווי ביטער ער זאָל ניט

זיין. נאָך אַ קורצער צייט האָט ער אָנגעשריבן דאָס בוך „מכאן ומכאן" — אַ גרויסע שאַפונג פול מיט וויטיק און שפּאָט, און דערשיטערונג איבער אונדזער הילפלאָזיקייט און גייסטיקער שוואַכקייט. צו דער זעלביקער צייט ווערט ער דער באַדייטנדיקער און לעבעדיקסטער פּובליציסט, וועלכער דערציילט וועגן די פּלאָגן אין ישוב — ער האָט נישט פאַרזיסט די ביטערקייט; ער האָט אויסגעפונען אַלע פעלערן אין אונדזער לעבן אין לאַנד, ער האָט נישט מסכים געווען צו אַ געטאָ אין היימלאַנד — אַ געטאָ אין היימלאַנד האָט אים אויסגעזען אַ סך שרעקלעכער, ווי אַ געטאָ אין דער פרעמד. ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז נאָר דורך דער קליינער גרופּע גייסט־מענטשן און דורך די אַרבעטער, נאָר דורך די וואָס זייערע הענט אַרבעטן און זייערע מוחות דענקען, וועט קומען די פאָלקס־גאולה. וועגן דעם דאָזיקן ברענער, וועלכער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אינגאַנצן אין תהום פון אונדזער לעבן — וועלכער האָט געזען, וואָס עס קען מיט אונדז געשען, אויב עס וועט נישט קומען די גרויסע רעוואָלוציע אין אונדזער לעבן אין אונדזער אויפפאַסונג, אויב מיר וועלן נישט זיין גרייט צום געבאָט פון טאָג — ווייסן נאָר די ווייניק נאָענטע. אָבער אין זיינע צאַפּלדיקע נאָטיצן מיטן באַלדיקן און לעבעדיקן אויסדרוק גלייכצייטיק, אין אַלעם, וואָס ער האָט געשריבן וועגן ליטעראַטור און וועגן לעבן אין זער תיכפדיקער ספּאָנטאַנישער רעאַגירונג, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויסע פערזענלעכקייט, דער כאַראַקטער פון אוראַלטן ייד, וואָס האָפט אויף אַ היים פאַרן יידישן פאָלק, איינער פון די ווייניקע, וועלכער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס אַנטלויפן פונעם אמת איז קעגן אונדז, קעגן אונדזער צוקונפט אין ארץ־ישראל. עס זענען נישט געווען ווי ער אין זיין צייט, אויסער ביאַליק און אחד־העם, וועלכע האָבן געוווסט שטראָפן און היילן, אַריינפאַלן אין פאַרצווייפלונג און אָנצינדן אַ פייער פון גלויבן — וועלכע האָבן אין תוך פון זייער פאַרצווייפלונג געשטאַרקט די הערצער פאַר דער צוקונפט.

פון זיין טיפן האַרצן, וואָס קיינער האָט עס נישט פאַרשטאַנען ווי ער, האָט ער פאַראויסגעזען, וואָס ס'וועט געשען. און אויב ער האָט נישט פאַראויסגעזאָגט, אַז מיר שטייען אין קאַמף, וועלכער וועט אַנטשיידן

די צוקונפט פון אַ סך דורות, האָט ער אָבער געגעבן אַן אָנדייטונג אַז מען קען דעם קאַמף נישט אויסמיידן, דער עצם פון אונדזער גרייטקייט — האָט געבראַכט אונדזער זיג. מיטן מוסטער פון זיין לעבן און מיטן מוסטער פון זיין טויט האָט ער אונדז באַוויזן זיין גערעכטיקייט — ווייל זיך אַליין האָט ער קודם־כל אָפּגעגעבן פאַר אַ קרבן.

זיין פעדער איז געוואָרן אַ שווערע און זי האָט נישט געקענט גלעטן. אָבער יעדער טראָפּן ווייכקייט, יעדער פונק פון ליבע, וואָס זיין פעדער האָט אַרויסגעלאָזט איז פול מיט האַרציקער ליכטיקייט. אין מאָמענטן פון דערלייכטערונג איז ער געוואָרן זייער נאָענט. און אין אָט די מאָמענטן האָט זיך אַנטפּלעקט, אַז זיין מהות, איז געווען דער דורשט נאָך ליבע, נאָך גרויסער מענטשלעכער שיינקייט, וואָס נאָר זי קען אָפּווישן די שטערבלעכקייט אין לעבן.

ער האָט געוויטיקט די פעלערן פון מענטש און געוויטיקט די פעלערן פון פאָלק און פון ביידע האָט ער זיך נישט מיאש געווען ביזן סוף. ער האָט געוווסט ווי ווייט מיר זענען אויסגעשטעלט אויף אַ דורכפאַל — ער האָט געוווסט דעם בוך פון מענטש בכלל און דאָס איז געווען זיין אויפגאַבע: וואָרענען אונדז פאַר זיך אַליין, אויפהאַלטן אין אונדז דעם פחד פאַר זיך זעלבסט.

**ג.**

שוין אַ סך צייט, ווי ער איז נישטאָ צווישן אונדז. זיין נישט־זיין פילט זיך אין אונדזער לעבן. דאָס פילט זיך אין אונדזער ליטעראַטור — דורך דער גאַנצער צייט, פילט זיך דאָס פעלן פון אַ שטאַרקן אָטעם, פון אַן אָפן אויג פאַר אונדזער גייסטיק פאַרמעגן. נישט געווען קיין מענטש וועלכער איז געווען צוגעגרייט אַרויסצוטרעטן קעגן אומגערעכטיקייט, קעגן פעלשונג, קעגן קליינלעכקייט אין טאַט און קעגן דער קליינלעכקייט אין דערגרייכונג — קעגן אַלץ, וואָס איז פאַרלאָזן געוואָרן — דאָס וואָס ברענער האָט געוויטיקט און אויפגעדעקט מיטן גאַנצן כוח און יושר־דיקייט פון זיין אויסדרוק, וואָס איז אים געגעבן געוואָרן. עס דערמאָנען

זיך איצט די ווערטער, וועלכע ער האָט געזאָגט קעגן יידישן פאָלק, און ווייניק נאָך געדענקען, אַז ער האָט זיך נישט געשראָקן פאַר זיין כבוד און נישט אויף די וואָס האָבן אים באַליידיקט, האָט ער אויפגעהויבן זיין בייטש, ווייל ער איז געשטאַנען העכער פון די באַליידיקונגען. ווייל זיי־נע שונאים און קעגנער זענען געווען קליינע מענטשעלעך, וועלכע האָבן נאָר פאַרגרעסערט די שטיקעניש. נישט שווינענדיק אפילו די, וועלכע זע־נען געהייליקט געוואָרן דורך דער מאַסע. אָבער ער האָט געוווסט ווי אויסצוגעפינען יעדן אמתדיקן כוח, יעדן וואָס האָט זיך נישט געשטופט און נישט אַרויסגערוקט און וועלכע האָבן מיט זיך נישט געטראָגן קיין „זאק" מיט קליינלעכע פניות. ווייניק ווי ער האָבן דערזען יעדן ווינט פון רעאַקציע, וואָס איר יסוד איז אין דער געפאַלנקייט פון געדאַנק, אין דער באַגרעניצטקייט פון גייסט. אין דער זעלביקער צייט האָט ער אויפגע־ציטערט פון יעדן שרייענדיקן, רעוואָלוציאָנערן, מליצהדיקן ראַדיקאַליזם פון דער גאַנצער כאַליאַסטרע הויכשרייער, וועלכע ער האָט פאַרפאָלגט מיט דער פולער שאַרפקייט פון זיין פעדער דאָס גאַנצע לעבן.

נאָענט פון זיין טויט האָט אים באַהערשט אַ גייסט פון גרויסער קלאָרקייט. אין דער איינזאַמקייט פון זיינע לעצטע יאָרן האָט זיך אין אים געשטאַרקט די ליבע צום מענטשן; עס איז ווי פאַרטיפט געוואָרן די זעלבסט־צוגרייטונגען און דער מידת הרחמים האָט גובר געווען דעם מידת הדין. מיר קענען זיך נאָר פאָרשטעלן וויפל מענטשלעכע גרויס־קייטן ער וואָלט באַוויזן אין זיינע שאַפונגען, ווען ער וואָלט נאָך געלעבט צווישן אונדז.

אין די דאָזיקע טעג פון אַ סך האָפענונגען און אַ סך אחריות — ווי שטאַרק ווייטיקט דאָס האַרץ, וואָס ער איז נישט מער מיט אונדז.

# שאול טשערניכאָווסקי

15 טעג אין תשרי איז דער דאַטום ווען שאול טשערניכאָווסקי איז נפטר געוואָרן — דער דיכטער וועלכער איז געשטאַנען אויף זיין פּאָסטן אַריבער אַ האַלבן יאָרהונדערט און איז נישט מיד געוואָרן צו זינגען, און איז נישט „מיד געוואָרן פון אַקטיוויטעט", נייערט איז געשטאַנען אין מיטן שליאַך, אין מיטן פון זיין שעפערישקייט, וועלכע האָט נישט אַרויסגעוויזן קיינע סימנים פון וועלקן ביז זיין לעצטן טאָג. ער איז געווען דער לעצטער אין דער הערלעכער פּלעיאַדע, וואָס דער דור פון נאָך דער השכלה האָט אונדז געגעבן מיטן אויפבלי פון אַ נייעם פרימאָרגן אין אונדזער לעבן. ער איז געווען דער לעצטער פון דער משפחה פון די ערשטע, וואָס מיט זיי הויבט זיך אָן דער נייער סטיל, דער נייער אויפבלי.

דאָס זענען געווען נייע מענטשן, מענטשן וועלכע זענען געווען שליחי־ציבור און גלייכצייטיק זייערע אייגענע שליחים. זיי האָבן געטענהט פאַר זיך אין דער זעלביקער מאָס וואָס זיי האָבן געטענהט פאַר זייער דור, זיי זענען געוואַקסן און האָבן געמאַכט וואַקסן, און באַלייכטנדיק זייער אייגן לעבן זענען זיי געווען אַ גרויס ליכט פאַר זייער פאָלק. די דאָזיקע וווּנדער־מענטשן זענען געקומען מיט אַמאָל פון פאַרשידענע זייטן — זיי האָבן געווירקט מיט דעם כוח פון אַ טראַדיציע וואָס איז באַנייט געוואָרן און מיט דעם אויסוואָרצלען אַ טראַדיציע, וואָס איר צייט איז פאַריבער; מיטן כח פון זיך מצרף זיין צום מנין און פון תפילה טון ביחידות — מיטן כישוף פון אַ פאָלק און דעם כישוף פון אַ וועלט, וועלכע האָבן צו זיי געווונקען פון דער זייט און פון יענער זייט.

די נייקייט פון טשערניכאָווסקי פאַר זיין דור איז באַשטאַנען אין

דעם, וואָס ער האָט איגנאָנצן אויפגעשפּראָצט פון פרילינג־ערד, וואָס ער איז געווען אימוניזירט קעגן שאָטנס פון נעכטן און דעם צויבער פון נעכטן — וואָס זיין פּנים איז געווען געווענדט אין איין זייט, צו איין ליכט. די העברעאישע פּאָעזיע אין דער פרעמד האָט נישט אַרויסגעגעבן אַ מענטשן, וואָס זאָל האָבן אַ מער גלייכן קוק און אַ מער אויפריכ־טיקע שטים ווי זיינע — אַ מענטש, וואָס „זיין נשמה איז פריי, און ריין פון יעדן שפּאַלט און ריס", וואָס איז נישט צעשונדן געוואָרן דורך ריסן און איז נישט צעפּיצלט געוואָרן דורך אינערלעכע ווידערשפּרוכן. נישט שטענדיק מאַכט גוט אַזאַ גאַנצקייט אַ דיכטער, ווען עמענס כוח איז גיכער אין דעם געראַנגל נאָך הארמאָניע איידער אין הארמאָניע וואָס קומט פון זיך גופא. און ווירקלעך האָט דער עצם פון זיין מאָדנעקייט פאַרשפּרייט עפּעס אַ מיסטעריעזן שאָטן אויף זיינע שיינענדיקע פלאַכן, און וואָס מער ער איז פאַרשלונגען געוואָרן פון דער שיין, איז ער געוואָרן בולט דורך דעם באַוווסטזיין, אַז ער איז אַן איינציקער אין דעם קרייז פון זיין זון און עס איז נישטאָ קיין אַנדערער וואָס זאָל קענען מיט אים טיילן אָט דאָס פאַרמעגן. די זון, וואָס איז גוט געווען צו אים פון זיין קינדהייט אָן, זי [illegible]ט עס אויך אַוועקגעשטעלט „איינזאַם אין מיטן פון זיין פאָלק", און אָט [illegible] זון־איינזאַמקייט האָט אים נישט פאַרלאָזט אויך דאַן, ווען ער האָט זי[illegible] געפונען אין דעם אַפּאָגיי פון זיין לעבן און פון זיין פּאָעזיע.

אָבער אויף וויפל זיין געפיל האָט אים נישט אָפּגענאַרט, איז ער נישט געווען קיין איינזאַמער. זיין קול האָט דערגרייכט אין אַן אַ שיעור ערטער, אין אַן אַ שיעור הערצער. אַ גרויסער אָנשפּאַר איז געווען זיין שטים פאַר זיינע אָנהענגער, פאַר די וועלכע זענען אויפגעשטאַנען דער־הערנדיק זיין קול, פאַר די וועלכע האָבן אָפּגעהילכט צו זיין ליד. דער כוח פון זיין באַפרוכפּערונג איז געווען שטאַרקער פון דעם פון אַ וועלכן נישט איז אַנדער דיכטער פון זיין צייט. אפילו ביאַליק, וועלכער האָט דעראָבערט דאָס הארץ פון דער גאַנצער אומה, וואָס זיין כוח געווען אויפ־צוטרייסלען, אַרויסרייסן פון דער פאַרגליווערטקייט און פון דער נידער, האָט טאַקע דורך אָט דער טיטאַנישקייט אָפּגעהאַלטן פון מיטגיין

מיט אים, נאָכגיין אים, און אַ טייל פון די וועלכע האָבן זיך צו שטאַרק דערנענטערט צו אים, זענען פאַרברענט געוואָרן אין זיין פלאַם, זענען בטל געוואָרן אין זיין ליכט, בעת טשערניכאָווסקי האָט דערמוטיקט מיט זיין קאָנטאַקט, האָט מיטגעריסן, האָט אין אונדז געוועקט אונדזער אייגענעם כוח. קיין פּאָעט אין זיין צייט האָט נישט ענטוזיאַזמירט צו זינגען, האָט נישט איינגעפלאַנצט קיין בטחון אין פּאָעזיע — אַזוי ווי ער. זיין אייגן לעבן האָט סימבאָליזירט אַ ווילן צו שעפערישקייט — אַזוי ווייט איז עס געגאַנגען און האָט תמיד אויסגעברייטערט די תחומים פון דער וועלט און די תחומים פון דער פּאָעזיע פאַר אונדז. אפשר האָט אויך דער חן וואָס אין זיינע שטרויכלונגען צוגעצויגן — דאָס וואָס ער איז אַריבערגעשפּרונגען איבער די אייגענע שפּאַלטן, וואָס ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן דעם יאוש, נייערט האָט פאַרדעקט מיט אַ נייעם אויפּבלי יעדע נאַקעטקייט, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט אין זיין פעלד. נישט אַזוי ווי ביאַליק און נישט ווי י״לג, וועלכע האָבן, מחמת שטרענגקייט צו זיך גופא, געשאַלט באַגעגנענדיק זייער שקיעה און זיך געאיילט מקבל פנים זיין זייער האַרבסט, ווען זייער כח האָט זיי נאָך נישט פאַרלאָזט. ער האָט נישט געמאַכט קיין הפסקה, צוהערנדיק זיך שטענדיק צו זיין בלוט, צעזינגענדיק זיין יאוש גופא. דאָס פענאָמענאַלע אין זיין שאַפן איז באַשטאַנען אין ציקלען פון וווּקס וועלכע האָבן זיך אומגעקערט און באַנייט ביי אים פון תקופה צו תקופה. — וואָס אַלע זיינע יאָרן איז אין אים געווען פון דעם חן פונעם אָנפאַנגער און פון דעם רייפן כח אין איינער און דער זעלביקער צייט: וואָס ער האָט נישט אויסגעשעפּט זיינע טעמעס ביז ענדע, און האָט זיי נישט אויסגעמאָגערט קיינמאָל, וואָס ווען ער פלעגט זיך אומקערן צו אַ פאַרלאָזן שטיקל פעלד, האָט ער אַריינגעשטעקט אין דעם זיין אַקעראייזן ווי אין קרקע־בתולה, ער האָט איר דערקענט מיטן ערשטן בליק, ווייל ער האָט נישט אויפגעהערט צו דערנערן זיך פון דער שיינקייט פון דער וועלט, און די ערד איז פאַר אים קיינמאָל נישט אַלט געוואָרן.

אין אַלץ וואָס ער האָט געשריבן, וואָס ער האָט געזונגען, וואָס ער

האָט אַריינגעבראַכט אין אונדזערע שפּייכלערס פון די תבואות פון דער וועלט, האָט ער געלאָזט וויסן וועגן זיינע פרילינגען וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט — האָט ער פאַרקערפּערט דעם טיפּ פונעם זינגער, דעם מענטשן, וואָס איז נאָר באַשאַפן געוואָרן צו זינגען. פון אַלע פּאָעטן פון דער עפּאָכע איז ער געווען דער, וועלכער האָט פאַרקערפּערט מיט זיין גאַנצן וועזן, מיט אַלע זיינע גענג דאָס געשטאַלט פונעם דיכטער. דערמיט האָט ער אונדז פון שטענדיק אָן באַצויבערט, וואָס ער איז געווען טריי צו זיין מוזע, וואָס ער איז נישט זאַט געוואָרן מיט זיינע קלאַנגען אַלע זיינע יאָרן, — וואָס ער האָט קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין אַנדערע אויטאָריטעט.

עס איז נישט געווען קיין גלייכן צו אים אין דער דאָזיקער סטאַביליטעט, אין דעם דאָזיקן מוט צו לעבן און צו זינגען, וואָס נאָר ער האָט געוווסט ווי אַוועקצוגעמען דעם באַריער צווישן זיי ביידע. מיט אים האָבן מיר זיך באַפרייט פונעם לעצטן שאָטן, מיט זיינע לידער האָט זיך געעגדערט אונדזער שטים — און ווען זיי זענען נאָך געווען אין אונדזער מויל האָבן זיי שוין געשפּילט אין אונדזער בלוט, זענען זיי שוין איינגעזאַפּט געוואָרן אין אונדזער בלוט. נישט אַזוי ווי מיכ״ל און נישט ווי מאַנע, וועלכע זענען געקומען פאַר אים, וועלכע האָבן אָנגעזאָגט זיין קומען. ביידע, קראַנקע פון פרילינג און קראַנקע פון ליבע, האָבן געהאַנגען איבערן תהום אין זייער סאַמע אויפבלי, בעת זיין האַנט איז נישט שוואַך געוואָרן און זיין גייסט איז נישט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, און זיין „זונענשריפט" הגם זיג־זאַג, איז שטענדיק געווען „לאַכנדיק און וואַרעם", האָט שטענדיק אָנגעוווּנקען אויף אַ ווונדער וועלכן מיר האָבן נישט משער געווען.

„דער דאָזיקער טאָג, אַ טאָג אין וועלכן אַ ליד איז געבוירן געוואָרן" — איז געווען אַ יום־טוב טאָג פאַר אים און אַ יום־טוב־טאָג פאַר אונדז אַלעמען. ער האָט מיט איינמאָל געמאַכט פאַרגעסן די פריערדיקע קולות, האָט מיט איינמאָל ליקווידירט די פּאָעזיע־וועלקונגען און לעבנס־וועלקונגען וועלכע זענען אָנגעהויפנט געוואָרן צווישן אונדז און צווישן גאָטס

וועלט. זיין בייקייט איז געווען אין דעם וואָס ער האָט נישט אויפגע־שפּראָצט פון די ספרים נייערט פון די געפּלעקטע לאָנקעס, פון יענעם בלויענדיקן דרום־סטעפּ וואָס איז נאָך נישט אַלט געוואָרן, איז נאָך נישט קלוג געוואָרן, — וואָס ער איז געבענטשט געוואָרן פון יענער בראשית־ערד, אין וועלכער עס לעבן „פעלד־אָדלער, די איינזאַמע פון דעם סטעפּ״, „די ריזן מיט שווערע פליגלען, וועלכע וואַנדערן פון ים צו ים״ און שרייען פון פיל שפע און פון פיל כח, נישט געפינענדיק קיין רו פאַר די טריט פון זייער פוס.

— ב —

וואָס עס האָט אים אָפּגעטיילט פון זיינע חברים און פאַרמערט זיין צויבער — אָדער איז געווען דער עצם פון זיין צויבער אין די אויגן פו־נעם דור, — איז אָן ספק געווען דאָס, וואָס זיין שאַפונג, מיט אירע מע־לות, און אפילו מיט אירע פעלערן, האָט אָנגעזאָגט וועגן דעם נ יי ע ם מ ע נ ט ש , דעם מענטש פון רענעסאַנס, וואָס האָט זיך אַרויסגע־שפּאַרט פון די גרעניצן, וואָס האָט נישט נאָכגעשלעפּט הינטער זיך די לאַסט פון די דורות, כאָטש ער האָט אָנערקענט דעם גורל פון זיין פאָלק און האָט נישט אָפּגעקערט זיין פּנים פון זיינע ליידן. אין דער דאָזיקער פּאָעזיע איז די וועלט געווען אַן אַנדערע. דאָ האָט מען נישט געטענהט קעגן די רבנים און נישט פאַר די רבנים, נישט קעגן בית המדרש און נישט פאַרן בית המדרש. דאָ האָט מען רעבעלירט קעגן דעם ג ע ש ע־ד י ק ט ן מ ע נ ט ש , קעגן דעם געפאַלענעם טיפּ פון דער אומה. דאָ האָט מען געזען אַ דרך זיך אויסצוגלייכן, צו געזונטמאַכן נישט דורך ישיבות און חדרים מתוקנים, נייערט דורך דעם אַרויסרייסן זיך פון דער שטיקעניש פון דעם געטאָ, פון דער אימפּאָטענץ פון געטאָ. — דער עצם ציוניזם איז דאָ געווען איינגעשלאָסן אין דער דעראָבערונג פון דער וועלט, אין דער שפע פון דער וועלט. די הכשרה פונעם מענטש צום פאָ־טערלאַנד איז דאָ געווען איינגעשלאָסן נישט אין דער הכשרה פונעם

גייסט, וואָס דאַרף קומען פריער, ווי דאָס האָט גורם געווען אחד־העם, נייערט די הכשרה פונעם גייסט גופא איז נישט געווען עפּעס אַנדערש ווי אַ רעזולטאַט פון דער געזונטמאַכונג פונעם בלוט, פון אַ צוגרייטונג צו דעם ליכט פון לעבן, צו אַ פולן לעבן. אָבער די פּאָעזיע איז דאָ נישט געווען קיין רוף צום לעבן, נישט קיין שטורעמען דאָס לעבן, נייערט אַ ט י י ל פ ו ן ל ע ב ן , אַ געקרעפטיקט ווערן דורכן לעבן. דאָס בוך „חזיונות ומנגינות״, „וויזיעס און מעלאָדיען״, האָט אויך מיט די קינד־הייט־סימנים אין דעם, קודם־כל באַצויבערט מיט יוגנט־בליטן, מיט יוגנט־טאַלאַנט. אויך דאָס וואָס ער האָט דירעקט אַריינגעבראַכט פון דרויסן (און ער האָט אַלע זיינע יאָרן פיל אַריינגעבראַכט) איז נישט גע־ווען קיין ספר־פאַרמעגן און קיין באַפעסטיקונג מיט ספר־דעראינערונגען, נייערט אַ הילפס־מיטל פאַר זעלבסט־אויסדרוק. די נייקייט אין דעם דאָ־זיקן ספרל, וואָס האָט דעמאָלט דערפרייט דאָס האַרץ פונעם דור, איז באַשטאַנען נישט אין ליבע־לידער און נישט אין זון־לידער, נייערט אין דעם, וואָס דאָ איז געווען אַ נייע האַרמאָניע צווישן דער פּאָעזיע און דעם דיכטער, צווישן דער שירה און צווישן דערווירקלעכקייט — וואָס דאָ האָט אַ מענטש אויסגעזונגען זיין לעבן און האָט געלעבט זיין פּאָעזיע אָן אומוועגן — וואָס יעדעס ליד, יעדער פערז דאָ איז געווען די פרוכט פון אַ פּערזענלעכער איבערלעבונג, אַן אויטאָביאָגראַפישער פאַקט.

ער האָט נישט געשריבן קיין סך ציון־לידער, און נישט אין זיי איז געווען זיין כוח. זיין ראָל איז נישט געווען צו זינגען וועגן זיין בענק־שאַפט, נייערט וועגן זיינע איבערלעבונגען — וועגן זאַכן וואָס זענען ג ע ש ע ן . דעריבער זענען ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן פּייזאַזש־לידער ווי „קעגנאיבער דעם ים״ אין מעכטיקע ציון־לידער, אין קאַמף קעגן קליין־גייסט, קעגן דער קליינער גלות־השגה. דעריבער האָט ער גע־זען דעם ענטוזיאַסטישן ציוניסט אין דעם געשטאַלט פונעם קליינעם וועלוועלע (אין „כחום היום״) — אַ יינגל אין וועלכן ער האָט אָן ספק אָפּגעשטעמפּלט אַ סך פון זיין אייגענעם געשטאַלט, פון דער נאַיוויטעט פון זיין קינדהייט, — גלייך ווי ער וואָלט אויסן געווען צו באַווייזן אַז

נאָר פון די דאָזיקע וועלכע „האָבן ליב דעם גאָרטן ביינאַכט“ און „די קליינע קאָרן־בלומען, וואָס נאָר רירעוודיקע האָבן די זכיה צו זען“ — אַז נאָר פון די דאָזיקע וועלן אויפשטיין די אמתע ציוניסטן...

יעדעס פלאַץ אין וועלכן עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער חן פון דער וועלט, ענערגיע פון דער וועלט, האָט פאַר אים סימבאָליזירט אַ סימן פאַר גאולה און אַן אָנהאַלט פאַר פּאָעזיע. נישט ווייל די נאַטור איז פאַר אים געווען אַ משל — קיינער האָט נישט געזען אַזוי זאַכן אָן אַ מחיצה ווי ער — נייערט, ווייל ער האָט נישט געהאט קיין לעבנס־קוואַל און קיין לעבנס־תורה אויסער איר. ער האָט נישט געזוכט קיין כוונות אין נאַטור־בילדער, — דער עצם קיום זייערער איז פאַר אים געווען די אָנדייטונג אויפן כוח פון דער וועלט און פונעם תיקון פון דער וועלט. נישט אַרויספּרעסן פון זיי געדאַנקען האָט ער געוואָלט, זיי מאַכן פאַר „שטאָף צו דרשענען“ — נייערט צו זיין אַזוי ווי זיי, צו לעבן מיט זיי, מיטגעריסן ווערן מיט זיי. זיין פרייד צו אַנטפּלעקן נאַטור־אוצרות איז געווען די פרייד צו אַנטפּלעקן די אייגענע אוצרות.

און נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט אַזויפיל פאַנטעאיסטי־שע לידער, זענען זיי דער עיקר ניט עפּעס אַנדערש ווי ע נ ט ו ז י אַ ז ם פ אַ ר ד ע ר מ אַ ט ע ר י ע, די פרייד פונעם אויג צו דער אַנט־פּלעקונג פון דער וועלט: דער באַוווסטזיין אַז, נאָך דער אָפּגעפרעמדקייט פון דורות, איז ער דער ערשטער וואָס האָט אויפסניי געעפנט פאַר זיינע ברידער אירע פאַרשלאָסענע אוצרות.

אַזוי האָט ער תופס געווען דעם מהות פון דער גאולה.

— ג —

פון דער נאַטור איז ער נישט געווען קיין מוסר־זאָגער און קיין מענטש פון צאָרן. דאָס איינציקע, וואָס האָט אים אָפּגעשראָקן איז געווען מיאוס־קייט און קיין זאַך האָט ער אַזוי נישט באַטראַכט אַלס פּגם אין אַ מענטשן און אַלס פּגם אין דער אומה ווי די פאַרלייקענונג פון דער נאַטור, ווי

דאָס קליגן זיך אויסצומיידן — צי צו איגנאָרירן. און די פּאָעזיע איז ביי אים נישט געהייליקט געוואָרן ווי נאָר אַן אַנטפּלעקונג פון דער נאַטור, ווי אַ סימן פון אַ פולער נאָענטקייט צו דער וועלט, צו דעם פאַרשווינדן פון דער מחיצה. דעריבער האָט ער געקעמפט פאַר פּאָעזיע ווי ער האָט געקעמפט פאַר דער נאַטור: די דערוווייטערונג פון פּאָעזיע האָט ער באַטראַכט ווי אַ דערווייטערונג פון דער נאַטור. נישט אַזוי ווי ביאַליק, וועלכער האָט אין געהיים נישט אויפגעהערט זיך מיט איר צו ראַנגלען — וואָס אין דער מאָס וואָס ער איז איר געווען טריי, האָט ער מורא געהאַט פאַר איר מאַכט: ער האָט אַלע זיינע יאָרן זיך באַמיט אויסצובערייטערן די דאָזיקע מאַכט. האָט נישט מוותר געווען אויף זיין זכות. אין דעם באַגריף פּאָעזיע איז ביי אים געווען איינגעשלאָסן פולע עקזיסטענץ: יעטוועדע אָרעמקייט אין דער נאַטור האָט ער באַטראַכט ווי אַ רעזולטאַט פון אָרעמקייט אין פּאָעזיע. אין אַ געוויסער מאָס איז ביי אים די פּאָעזיע אפילו געווען פ אַ ר דער נאַטור. אַזוי ווייט איז ער געווען פונעם געדאַנק אַז די פּאָעזיע פאַרנעמט דאָס פּ ל אַ ץ פונעם לעבן. לויט דעם עצם פון זיין נאַטור איז ער נישט געווען מסוגל צו זינגען אַנדערש ווי נאָר פון אַ שפע פון לעבן, פון אַ שפע דאַנקבאַרקייט פאַר די גרויסע מתנות פון לעבן:

כשבלת גנובת־ניר, היונקה שד הכפר
ורטובת עסיס חי, חולמת חלום הודה,
צמחתי גם אני! אך נפשי צמאה הודה,
אהה יום ירדף יום! האגבה את השטר?

(ווי אַ באַשיידענע זאַנג, וואָס זויגט די פעטקייט פון דאָרף
און דורכגעווייקט פון לעבעדיקן זאַפט, חלומט זי דעם חלום פון איר
שיינקייט,
האָב אויך איך געשפּראָצט! אָבער מיין נשמה דאָרשט נאָך איר שיינקייט,
אַך איין טאָג יאָגט נאָך דעם אַנדערן! וועל איך איינמאָנען דאָס וועקסל?)

אַזוי ווי ער איז געווען אַ מענטש פון דער נאַטור, איז ער אויך גע־

ווען אַ נאַטירלעכער פּאָעט. נישט געקוקט אויף דעם וואָס ער האָט אַלע זיינע יאָרן געשעפּט פון די קוואַלן פון דער וועלט־פּאָעזיע, זענען ליטע־ראַרישע שאַפונגען נישט געווען פאַר אים מער ווי רוי־מאַטעריאַל פאַר זיין שאַפונג. און כאָטש ער האָט זיך נישט פאַרלאָזט אין נאַטור־שילדע־רונגען אויף עפּעס אַנדערש ווי נאָר אויף זיין אוממיטלבאַרן איינדרוק, האָט ער אָנגעפולט אָן אַ סוף דאָס געזעגזע מיט פּרטים, וועלכע ער האָט געשעפּט פון וויסנשאַפט־ביכער. נישט נאָר אין „עמאָ דדהבאָ" („גילדן פאָלק") האָט ער אויסגענוצט מעטערלינגס בוך וועגן לעבן פון די בינען, נייערט אויך אין דעם לעצטן ליד, אין וועלכן ער געזעגנט זיך מיט די שטערן, האָט ער זיך באַנוצט מיט אסטראָנאָמיע־ביכער — און נישט נאָר צוליב די טערמינען, — דאָס איז אויך געווען בלויז אַ דערגאַנצונג צו זיין באַאָבאַכטונג: ער האָט מורא געהאַט טאָמער איז עפּעס אַרויסגע־לאָזט געוואָרן פון זיין זכרון, און זיין גרויסע פרייד איז געווען אַוועק־צושטעלן זאכן אין זייער פולן אַרומנעם, מיט אַלע זייערע פּרטים. אין אַ געוויסער מאָס איז ביי אים דער פּרט געווען חשובער פונעם כלל.

אין דעם האָט זיך אַנטפּלעקט דער כאַראַקטער פונעם עפּיקער, וואָס איז געווען דער הויפּט־שטריך אין זיין שאַפונג. דאָס איז געווען דער אָריגינעלסטער און שטאַרקסטער שטריך אין זיין טאַלאַנט, וואָס אַלץ וואָס ער האָט ליב געהאַט צו זינגען וועגן דער וועלט, איז נישט אויסגע־שעפּט געוואָרן נאָר דעמאָלט ווען ער האָט געוויזן אַלע זיינע וווּנדער. און אַ וווּנדער איז געווען ביי אים יעדעס בילד, אַלץ מיט וואָס די נאַטור דעמאָנסטרירט איר כוח צו פּרוכטבאַרקייט. נישט ווייל ער האָט ליב גע־האַט אָנצוהויפּענען ווערטער אויף ווערטער (דאָס איז דער היפּוך פונעם אמתן עפּיקער), נייערט ווייל די שמחה איז נישט קיין פולע ווען עמיץ פעלט פון דער משפחה. קיין זאַך האָט אין אים נישט אויפגעוועקט אַ קעגנערשאַפט ווי  ג ע נ ע ר אַ ל י ז אַ צ י ע .  אין יעדער חיה און פלאַנץ דאַרף מען דעפינירן אין פולן דאָס קול, דאָס בילד, די פאַרב, דאַרף מען אָנגעבן  ס י מ נ י ם — דאַרף מען אונטערשטרייכן דאָס וואָס איז  נ י ש ט  ענלעך אין זיי צו זייער מין, און דו קענסט נישט

אונטערשיידן קיין איין סימן אין דער נאַטור אויב דו דערקענסט נישט די אַנדערע סימנים אירע. דעריבער האָט ער זיך געפּרייט צו פאַרמערן ווערטער און צו פאַרמערן סימנים, יעדער טישטוש איז אין זיינע אויגן געווען אַ דעפעקט פונעם געטאָ־מענטש.

— ד —

און ווירקלעך האָט ער זיך אַנטפּלעקט פאַר אונדז ווי אַזאַ וואָס האָט אַ „שיינע שטים", און זיין גאַנץ לעבן, אויך דאַן ווען זיינע מוסקולן זענען שטאַרק געוואָרן און זיין כח איז גרויס געווען אין סקולפּטור, איז די פרייד פון זיין פידל געווען די  מ ע ל אָ ד י ש ע  קונסט. ער האָט ליב געהאַט דעם לייט־מאָטיוו און די פרייד פון זיין שאַפן איז געווען דער סאָנעט. אויך אין דער באַלאַדע, וואָס איז אַ געמיש פון מעלאָדיע און דערציילונג, האָבן אים געפאַנגען די קלאַנגען, און טיילמאָל האָט מנצח געווען דאָס קול און האָט פאַרשלונגען דאָס בילד. („ויהי בישורון מלך", און אַנדערע).

אין „חזיונות ומנגינות", באַזונדערס אין דעם ערשטן טייל, האָט אונדז פאַר אַלעמען באַצויבערט די מוזיק. און כאָטש אויך דאָ איז די וועלט נישט אויסגעטון נאַקעט, און מען דערקענט באַלד דעם קינסטלער פון דער באַלאַדע, זענען מיר דער עיקר מיטגעריסן געוואָרן מיט די „קלאַנגען פון די פרילינג־קולות" און „זיינע פיל סימפאָניעס". אויך דער נאָמען פונעם בוך זאָגט דערויף עדות: דער פּאָעט דאָס ייִנגל האָט דאַן מער געהערט ווי ער האָט  ג ע ז ע ן.  און נישט נאָר וואָס אויך אין מוזיק איז ער נישט געשטאַנען פון  ווי י ט ן — ער איז געשטאַנען אינגאַנצן אין  מ י ט ן  פון דער מוזיק פון דער וועלט.

דאָס איז געווען דער נייער ניגון, — „די שטים פון פרילינג". די דאָזיקע גרופּע פּאָעטן פון מאנה און שפּירא, י"ל גאָרדאָן און פינעס — די אַלע וועלכע זענען געבוירן געוואָרן „בין הזמנים" און זענען געווען פּאָעטן פון דעם איבערגאַנגס־פּעריאָד, האָבן אָנגעזאָגט דעם דאָזיקן ניגון,

אָבער זיין אמתער אורשפּרונג איז געווען דער דרום. אין טשערניכאָווסקין איז ענדלעך מגולגל געוואָרן דער ניגון פון עמנואל הרומי, פון ש. ד. לוצאַטאָ — פון דער איטאַליענישער שירה וואָס איז איבערגעהאַקט געוואָרן. אויף אַ צווייטן פּלאַץ האָב איך באַטאָנט דעם דרום־עלעמענט פון דער דאַזיקער פּאָעזיע: די דאָזיקע זיסע מעלאָדישקייט, די באַרוישונג וואָס זאַפּט זיך אַריין דורך דער לויטערקייט פונעם אויג, דורך דעם „אַפּאָלאָ־עלעמענט", וואָס לייטערט דאָס בלוט און טריפט אַריין אין דעם זיין האַרמאָנישע ניכטערקייט, איז געווען אין קעגנזאַץ צו אַן אַנדער ניכטערקייט — דער ראַציאָנעל־תורהנישער, די ניכטערקייט פון תלמידי־חכמים, וועמעס בלוט איז קאַליע געוואָרן און האָט דורך אָרעמקייט דערגרייכט צו אויפרעגונג, אָבער נישט צו „דיאָניסיום־באַרוישונג", אויב מען זאָל זיך באַנוצן מיט ניטשעס דעפיניציעס, וועלכע מיט זייער גאַנצער צו גרויסער סכעמאַטישקייט (ווי אַלע דעפיניציעס פון דעם מין), פּאַסן זיי ביידע עקסטרעמע עלעמענטן, פון וועלכע עס ווערט געשאַפן יעדע אמתע פּאָעזיע אין פאַרשידענע פּראָפּאָרצן — און טשערניכאָווסקיס פּאָעזיע באַזונדערס.

דאָס דאָזיקע דרום־בלוט ווערט שנעל רייף פאַר ליבע, און ווירקלעך די גרעסטע טייל לידער פון זיין ערשטן בוך „חזיונות ומנגינות" זענען ליבע־לידער — דאָס געזאַנג פון פרילינג, וואָס איז אינגאַנצן בלי און מוזיק, אינגאַנצן אויפברויז פון בלוט, יוגנט־נאַיוויטעט, בענקשאַפט און ערשטע גליק־ווייען. עפּעס פון אָט דער נאַיוויטעט געפינט מען כמעט אין אַלע שפּעטערדיקע ליבע־לידער, אָבער זיי זענען מער ערדישע, מער עראָטיש־פיזישע, בעת דאָ איז דאָס איינציקע ליד, וואָס זיינע פערזן בריען מיט „פייער און חשק, פייער פון תאווה" אַ „טאַטאַריש ליד". אין קעגנזאַץ צו דער גרעסטער טייל אַנדערע לידער וועלכע רוישן פון פרילינג לויטערקייט, פון דער פאַרערונג פון דער גרויסער פרוי:

„וכילדת רום מבנות ארץ רוממת,  
כילדת גן־העדנים,  
ומלא גיל ומורא בעינך בי שמת..

סגדתי ואליט הפנים״.

(„און ווי אַ געבוירענע פון די הויכן פון די ערדישע טעכטער האָסטו
זיך דערהויבן,
ווי אַ געבוירענע פון גן־עדן,
און פול פון פרייד און מוראָ דורך דיין בליק וואָס האָסט אויף מיר געטון,
האָב איך געקניט און מיר פאַרשטעלט דאָס פנים״.)

וואָס מער דער פּאָעט איז רייפער געוואָרן און האָט בעסער געזען,
איז זיין בענקשאַפט נאָך בראשית נאָך ערד גרעסער געוואָרן, אויך נאָך בראַ־שית־טעכטער — נאָך דער פרוי, וועלכע איז נאָך אינגאַנצן חן פון ערד וואָס איז נישט אויסגעמאָגערט געוואָרן, און וואָס רוישט ווי אַ פולער בעכער פון בליעכץ־זאַפטן — כאָטש, ווי געזאָגט, ער האָט קיינמאָל נישט מיאוס געמאַכט זיינע געפילן און האָט נישט אויפגעהערט צו פאַר־הייליקן די געליבטע. און ווירקלעך זענען וווּנדערלעך די דאָזיקע ליבע־לידער, די ערשטע אין אונדזער נייער פּאָעזיע — אויך נאָך מיכ״ל. — וווּנדערלעך איז דער ברען און וווּנדערלעך די נאַיוויטעט. נאָר פּאָעטן וועלכע האָבן נישט פאַראומווירדיקט זייער נשמה מיט קליינלעכע „עבירה־געדאַנקען״, קענען אַזוי ליב האָבן, אַזוי פאַרפלאַנצן די געליבטע אין דעם האַרצן פון דער וועלט, — באַלייכטן מיט איר שיין אַלע פינצ־טערנישן פון לעבן, און גלייכצייטיק נישט צו פאַרמינערן די שפּיל פון יוגנט, וואָס לינדערט די פאַרביטערונג און דעם ווייטיק.

קיין וווּנדער נישט, וואָס ער האָט געזען די לאַנדשאַפט, די פּראַכט פון דער וועלט דורך דעם שפּאַקטיוו פון דער ליבע. די סאָלידע האַר־מאָניע אין זיין פּאָעזיע קומט באַזונדערס צום אויסדרוק אין דעם צוזאַ־מענגיס פון דער לאַנדשאַפט מיט דער ליבע. אַן אייביקער בונד עקזיס־טירט דאָ צווישן דעם מענטש און צווישן דער נאַטור — גלייך ווי אַלע עלעמענטן האָבן שלום געמאַכט, האָבן אויפגעהערט צו קעמפן. דאָ איז נאַטירלעך, וואָס דער פּייזאַזש און די ליבע זענען איינס און דאָס זעל־בע. די דאָזיקע עראָטישע צוגעבונדנקייט צום לעבעדיקן, צום דומם און

שפּראָצנדיקן, די דאָזיקע גלוסטעניש צו דעם פּילבאָרן, צו דעם בולטן, צו אַן אַחיזה אין די פּאַלמענצווייגן פון דער עקזיסטענץ...

דו וואונדערסט זיך לחלוטין נישט, ווען דו געפינסט אין זיין בוך, אין דער אָפּטיילונג וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר ליבע־לידער,ביידע שנירלעך לידער: „צווישן בערג" און „צום וואַסער", וועלכע זענען מער נאַטור־לידער איידער ליבע־לידער. עס איז נישטאָ דאָ קיין מחיצה צווישן דעם אויפבלי פון דער פרוי און אירע פאַרגענגלעכע רייצן און צווישן דעם אויפבלי פון דער לאַנדשאַפט און דער זיסקייט פון אירע מיסטער־יעס; ביידע מאַכן זינגען דאָס בלוט פונעם דיכטער און ער כאַפּט אויף אין ביידע דאָס פּלאַסטישע, דעם חן פון דער וועלט, נישט פּראָפּאָרציר־דיק גלייכצייטיק, דאָס לויטערע און דערהויבענע אין זיי ביידע. דאָ איז בטל געוואָרן די גרעניץ צווישן מאַטעריע און גייסט, צווישן דעם „גוף פון דער וועלט", און דער „ליכט פון דער וועלט", וואָס האָט זיך אונדז נאָכגעשלעפּט, נאָך אונדז אַלעמען — און נאָר אין אים האָבן מיר זיך דערזען אַנדערע.

דאָס איז דער אור־צויבער וועלכער איז שוין אַריינגעוואָקסן געוואָרן אין זיינע ערשטע לידער, נאָך איידער זיין האַנט איז געוואָרן דערפאַרן, איידער זי האָט געוווּסט אויסצושמידן דעם סאָלידן פערז, וואָס איז געוואָרן שטאַרקער אין זיינע שפּעטערדיקע לידער, אַזוי ווי ער האָט נישט באַזיגט די וועלט פון דערווייטן, נייערט האָט אַריינגעדרונגען אין יעדער שיין, אין אַלץ ביי וואָס מען האָט זיך געקענט אָנהאַלטן, אַזוי איז ער צוגעגאַנגען צו דער פרוי מיט אַ ליבנדיקן בליק און מיט דער סקולפּטאָר־דלאָטע אין איינער און דער זעלביקער צייט, און דאָס האָט פאַר אונדז דער־מעגלעכט גלייכצייטיק צו ליב האָבן און צו זען, צו אונטערשיידן די איברים, די קייט גלידער, וואָס איז פאַרשטעלט פון אויג — ניט אַריבערשוועבן איבער זיי, נייערט זיך אָפּשטעלן ביי זיי, דערפילן זייער גרויס. און אַזוי האָט ער מיט זיינע בעסטע לידער באַשאַפן אַ נייעם ליריזם, אַ וואונדער־לעכן סינטעז פון מירמלשטיין און מוזיק.

**
*

אין דעם בוך קומען אויך אַריין ציון־לידער דאָס בעסטע פון וועל־כע איז אָן ספק געווען „אַ וויג־ליד". כאָטש עס מערקט זיך אין דעם שטארק די ווירקונג פון לערמאָנטאָוון, ווי מען מערקט זי אין אייניקע אַנדערע לידער (און דאָך זענען זיי די בעסטע אין דעם בוך, ווי „בעת אַ פידל צעקלאָגט זיך אונטער אַ פילנדיקער האַנט", ער איז נישט געווען קיין „ציוניסטישער" פּאָעט אין שאבלאָנעם זין; און ווירקלעך, אזוי ווי ער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר דער נאטור וועלכע דאָס פאָלק האָט מזלזל געווען, האָט ער זיך אויך איינגעשטעלט פאַרן כבוד פון זיינע העלדן, די העלדן פון ישראל, — וועלכע זענען פאַרגעסן געוואָרן פונעם האַרצן פון דער אומה. אויף וויפל עס האָט אים נישט וויי געטון די יידישע צרה, האָט אים אָן אַ שיעור מער וויי געטון די יידישע שאַנד.

אין דעם ערשטן בוך געפינען מיר אויך דעם מאָטיוו, צו וועלכן ער האָט זיך אומגעקערט אַ סך מאָל אינעם פאַרלויף פון זיין לעבן, און דאָס איז: דער באַוווסטזיין פון זיין פרעמדקייט, דאָס געפיל, אַז זיין צייט איז נאָך נישט געקומען, אַז זיין דור פאַרשטייט אים נאָך נישט: איז דאָך די וווּנדערלעכע עלעגיע פון זיין מוזע: „אַ פרעמדע פלאַנץ ביסטו פאַר דיין פאָלק", וואס איז איינס פון די רייפסטע לידער ביי אַ פּאָעט אָן אָנפאנגער אין יענער צייט, דער ערשטער רינג אין דער קייט פון עלעגיעס, טרויער־לידער וועגן זיין גורל, וועגן גורל פון די, וועלכע זענען געקומען פאַר דער צייט — וואָס דאָס בעסטע פון זיי איז „דער מענטש איז נישט עפּעס אַנדערש ווי אַ שטיקל ערד": דער אָפּאָגיי פון זיין לירישער פּאָעזיע.

— ה —

די אייניקייט אין דעם דאָזיקן שאפן, ווי אין יעדער אמתער שאַפונג, וועלכע איז נישט קיין אָפּקלאַנג פון אַ פרעמדער תפילה, קומט צום אויס־דרוק אין אַלע פאַזן פון דער פּאָעזיע, און צווישן איין עפּאָכע און דער אַנדערער איז נישטאָ קיין אַנדערער אונטערשיד ווי נאָר דער אונטער־

שיד פון רייפקייט און ווּקס. נאָך אין „חזיונות ומנגינות" זענען שוין געווען אָנגעוווּנקען אַלע יסודות, אַלע צורות. דו טרעפסט דאָ דאָס ליבע־ליד און דאָס לאַנדשאַפט־ליד, די באַלאַדע און דעם סאָנעט; די פאַר־אַכטונג צו דעם פאַרוועלקטן און דעגענערירטן אין דער אומה און די בענק־שאַפט נאָך דער צוקונפט, נאָך די קומענדיקע דורות („אין דער נאַכט פון חנוכה"). אין צוויי־דריי זאַכן האָט דער פּאָעט אויך אַרויסגעוויזן גרויסע קונסט פון אַן איבערזעצער, וועלכער ווייסט אַרויסצוברענגען נישט נאָר דעם פרעמדן ריטם, נייערט אויך דאָס האַרץ פונעם אָריגינאַל — די דאָ־זיקע קונסט, אין וועלכער ער איז אמת נישט ריין געווען פון שווערע פּגימות, וואָס שייך פּרטים, האָט ער זיך זייער אויסגעצייכנט מיט דעם איבערגעבן די מוזיק, — מיט אַ זעלטענער פעיקייט אויסצוזינגען פרעמ־דע ריטמען, ווייטע און וווּנדערלעכע.

צו די דערמאָנטע מאָטיוון און פאָרמען האָט ער זיך אַלע מאָל אומגע־קערט, און וויפל נייעס ער האָט נישט אַריינגעבראַכט, האָט מען זייער נייקייט כמעט נישט דערקענט. דאָס איבערחזרן זיך פונעם דיכטער, וועל־כע אייניקע טייטשן אויס לגנאי פון ווינציק באַאָבאַכטונג, איז שטענדיק אַ נייער ווּקס — אַ נייער כוח, ווי דער דעמב וועלכער הגם ער מאַכט שפּראָצן יעדעס יאָר די זעלבע בלעטער, ווערן זיינע פּרוכט רייפער פון יאָר צו יאָר, זיין שאָטן ווערט טיפער. דער גאַנצער סוד פון ווּקס איז דווקא אין אָט דעם איבערחזרן זיך. „איין ליד האָט דאָס האַרץ — און ס'איז נישטאָ קיין צווייטס" — האָט געזאָגט ביאַליק. און אפשר איז דער גאַנצער חן און דער אמת פונעם דיכטער אין דעם, וואָס אין דעם אי־בערזינגען די מאָטיוון בעסערט ער זיך אויס און פאַרמערט דעם כוח.

אין דעם צווייטן טייל „חזיונות ומנגינות" אַנטפּלעקן זיך די זאַכן אין אַ נייעם שיין. דאָס, וואָס איז פריער אָנגעוווּנקען געוואָרן און האָט אויסגעזען צופעליק אין דער פּאָעזיע פונעם דיכטער, איז דאָ געוואָרן אַ באַשטימטע זאַך. די שטים גופא איז געוואָרן טיפער, איז שטאַרקער גע־וואָרן מיט דעם אָנהויב פון רייפקייט. און דער עיקר האָט זיך פאַר־שטאַרקט דער באַוווּסטזיין — דער דאָזיקער גלויבן, אַז די שוואַכקייט

פון דער אומה איז נישט נאָר דער סימפּטאָם פון אַ פיזישן דעפעקט אַליין. אויב ביאַליק האָט, אַנשפּאַרנדיק זיך אויף אחד העמען, זיך איינ־געשטעלט פאַר דער ירידה פונעם גייסט אין דער אומה (און עס איז גע־ווען אַ יסוד פאַר זיין איינשטעל!), האָט טשערניכאָווסקי געזען די אָרעמ־קייט פונעם גוף, און ער איז געווען דער ערשטער, נאָך יל״ג אין דער פּאָעזיע פון ישראל, וועלכער האָט אָנגעוויזן אויף דעם ליד פונעם שמיד, ווי דאָס ליד פון גבורה וואָס „איז לאין ערך שענער״ פון אַלע „לידער פונעם מענטש״. אויך טשערניכאָווסקי איז געווען, אַזוי, דער פאָרזעצער פון יל״ג — ווייל וואָס אַנדערש זענען „מחזיונות נביא השקר״, ספּע־ציעל: „חזון נביא האשרה״, אויב נישט די פאַרטיפונג פון „צדקיהו בבית הפקידות״?

קיין ספק נישט אַז דער דאָזיקער באַוווסטזיין, וועלכער איז פריער געווען טונקל, איז רייף געוואָרן אין היידעלבערג, און עס איז זיכער די השפעה פון ניטשע, — פּילייכט אויך דורך דעם קאַנאַל פון בערדי־טשעווסקי, — אָבער דאָס איז אויך געווען די שטים פון זיין בלוט, זיין דורשט, אַ דורשט נאָך אַ דור, וואָס זאָל אָראָפּטרייסלען פון זיך דעם שטויב פון לאַנגוויל, — „אַ דור וואָס איז גרויס מיט זיין גלויבן״, און כאָטש ער איז „שטאַרק פאַרשולדיקט״. פּילייכט איז דאָס נישט געווען קיין פילאָזאָפיע פון באַוווסטזיין, נייערט דאָס געפיל פון כוח, אַן אויס־ברוך פון כוח — וואָס איז, פאַרשטייט זיך, בעסער, באַזונדערס ביי אַ דיכטער, פון יעדער „פילאָזאָפיע״. דאָס דאָזיקע געפיל איז געקומען צו אַ שטאַרקן אויסדרוק אין זיינע לידער „צווישן פרעמדע קברים״, אַ ליכ־טיק ליד, אַ ראָמאַנטישער און רעוואָלוציאָנערער הימן אין איינעם און דער זעלבער צייט; אַ הימן צו אַ גבורה וואָס איז שוין פאַרשוווּנדן פון דער ערד:

אני זאת חפצתי: כל שעפי, מעבדי
יתגלמו — ועיני הרואות — בין ידי
ובהלמות הפטיש על סדן היצירה
ינע זה חזי, כנע הסירה,

ר ע נ ג ב ו י ג ן

ושרירי מתוחים מרעידים ביגיע
מקלעת כל גידי עלימו תציע.

(איך האָב אָט דאָס געוואָלט: אַלע מיינע געדאַנקען, מיינע אויפטועך
זאָלן פאַרווירקלעכט ווערן — און מיינע אויגן זאָלן זען — צווישן
מיינע הענט

און מיטן קלאַפּן פונעם האַמער אויף דער קאָוואַדלע פון דעם באַשאַף
זאָל זיך באַוועגן מיין ברוסט, ווי עס באַוועגט זיך דאָס שיפל,
און מיינע געשפּאַנטע מוסקולן זאָלן וויברירן מיט דער מי
וואָס דאָס געוועב פון אַלע מיינע אָדערן פאַרשפּרייט איבער זיי.)

דעם ווילן צו „געשפּאַנטקייט פון מוסקולן" האָט נישט אויסגע־דריקט נאָר ער אַליין. אויך ביאַליק האָט דעמאָלט געזונגען וועגן כוח, אַז „ס'איז אים ענג אין דער ברוסט און ער וויל צעשטערן די ווענט פונעם האַרץ פון איינהאַלטן און שטאַרקייט". אָבער פאַר טשערני־כאָווסקין איז די דאָזיקע שטים געווען דאָס געמורמל פון זיין האַרץ, די תפילה פון זיין לעבן. איז דען דאָס נישט געווען קיין נבואה פון האַרצן און קיין ציטער פון האַרצן — אַ פאָרגעפיל, אַז מיר דאַרפן זאַמלען כוח, זיך שטאַרקן צו דעם וואָס דאַרף קומען? וואָס ער האָט געפאָדערט איז געווען מער פון כוח — ער האָט גערופן צו דערוואַכונג פונעם גאַנצן מענטש אין אונדז, צו דער מאָביליזירונג פון דער גאַנצער ענערגיע, פון אַלע רעטונגס־מיטלען. די באַנייאונג פון דער יה־דות, צו וועלכער ער האָט געשטרעבט, איז געווען די פעאיקייט פון דער אומה אויף קיום, די פעאיקייט צו געבן אַ ווידערשטאַנד דער כוואַ־ליע וואָס הייבט זיך אויף קעגן איר.

דאָס איז אויך געווען די באַדייטונג פון די „חזיונות נביא השקר", וואָס ער האָט זיך מער פאַרטיפט אין לידער אויף דער טעמע וואָס זענען אָנגעשריבן געוואָרן אין ארץ־ישראל. אָבער אויך אין יענע לידער, וועל־כע זענען נאָך אָנגעשריבן געוואָרן אין היידעלבערג מיט פערציק יאָר צוריק, וויברירט שוין דער גאַנצער ביטערער באַוווסטזיין פון אונדזער פאַרלוירנקייט:

י ע ק ב   פ י כ מ א ן

וביום יעמד עמי על נפשו, והצר
כי יפרש את ידו נוראה,
הנשבעים בשמכם יהרסו העיר,
ידיכם ימיטו הרעה;
והיתה בה חרב האויב ביום
ויד איש באחיו בליל,
ומכונני מלכות שמים ועל
ירפו ידי איש־החיל...

***

אויף וויפל דער דור האָט זיך נישט צוגעהערט צו די „חזיונות נביא השקר" און צו די הימנען וועלכע פאַרגעטערן אַפּאָלאָ, — האָבן נישט זיי אויפגערודערט זיין האַרץ, נייערט די רואיקע העקזאמעטרס, אין וועל־כע עס איז אויפגעשריבן געוואָרן „דעיאַנירא" און די „שטריכן", — פערזן אין וועלכע עס האָט וויברירט אַן אַנדער גייסט, עפּעס וואָס האָט ג ע וו אָ ר פ ן אַ ן אַ נ ד ע ר ש יי ן אויף דער וועלט אָן שום מאַניפעסטן און פּראָקלאַמאַציעס מצד דעם משורר. די דאָזיקע לאַנג־אָטעמ־דיקע פערזן האָבן ווי ב אַ וו י ז ן „די שפע פון לעבן און כוח", צו וועלכער ער האָט געשטרעבט. און אויף וויפל עס זעען אונדז נישט אויס איצט קינדיש־נאַיוו שילדערונגען פון אַ „וואונדערלאַנד", אין וועלכער „עס שפּאַצירן אַרום אײדעלע און שײנע געטינס" — איז געוועזן אין זיי עפּעס פון אַ ווייטער און וואונדערלעכער דורכזיכטיקייט, פון דעם חן פון אַ וועלט וואָס מיר האָבן נישט געקענט. עס איז מער נישט געווען די דערשטיקטע שטים, אַ קול פון ליידן און שרעקן: פונעם עצם ריטם, וואָס האָט געשטראָמט ווי פון זיך אַליין און איז געווען מיט זיין גע־לאַסנקייט, מיט דער גאַנצער ריינקייט פון זיינע קלאַנגען, ניי אין דער פּאָעזיע פון ישראל, — איז ווי געקומען צו פּ א ר ק ע ר פּ ע ר ן אַ נייע וועלט. די וועלכע זענען מקפיד אויף „ריינקייט פון סטיל" אין די

נאַציאָנאַלע פאָרמען קוקן אויף געבאָרגטע מעטריק ווי אויף אַ „פרעמדן פלאַנץ", אָבער די שפּראָצונג פון אַ נײַ לעבן פאָדערט אויך נײַע ריטמען; און די גרויסע פּאָעטן שפּריצן אַרײַן פרעמדע ריטמען אין זייער פּאָעזיע און העלפן זיך אַרויס מיט זיי צו קרעפטיקן זייער אייגענע מוזיק און אויך די מוזיק פון זייער פאָלק. האָט דען נישט דער העקזאַמעטער געהאָלפן ביאַליקן אויסבויען זײַן נבואישן ריטם, וועלכער האָט באַוויזן, אַז דאָס קאָמבינירן דעם פּסוק פון תנ"ך מיטן גריכישן העקזאַמעטער איז נישט נאָר אַ מעגלעכקייט, נייערט אויך אַ גרויסע ברכה?

אויך די פּייזאַזש־לידער האָבן אײַנגעזאַפּט אָט די עפּישע פולקייט, וועלכע האָט משפּיע געווען אויפן דיכטער פון האָמערס און געטעס שאַפונג. „קסמי יער", „בסתר היער", די סאָנעטן „קרים", און באַזונדערס „דאָס שטאַרבן פון דעם תמוז" — זענען געווען פאַזן פון אויפשטײַג אין דער פּאָעזיע פון טשערניכאָווסקי — אין די לאַנדשאַפט־לידער האָט ער אויסגעדריקט זײַן „פּאַגאַניזם" מער ווי ער האָט אים אויסגעדריקט אין אַלע זײַנע אידעאָלאָגישע לידער פון דעם מין. דאָ, ווו די נאַטור איז געלאָזט פרײַ, האָט זיך אויפגעהויבן דער פייכטער אָטעם פונעם שר פון וואַלד פון דער מיסטעריע פון וואַקסן, פון דער שפע פון גרינס. זײַן אויג איז צוגעשמידט צו אָט די פאַרגעסענע וואַלד־ווינקלען, אין וועלכע עס האָבן זיך אָנגעקליבן לעבנס־אוצרות אין דער פאָרם פון „אומגעפאַלענע כאָסנעס געטראָפענע פונעם שטורעם" און מינים „שוואָמען וועלכע זענען אויסגעוואַקסן און אויפגעקומען איבער נאַכט" — אַלע „פייגל און רמשים, וועלכע פרייען זיך פון דער זון" און געניסן אין דער טיפעניש פונעם וואַלד פון דעם שײַן פון עקזיסטענץ. דער פּאָעט גופא איז ווי דאָ פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין פריילעכן און שלויען וואַלד־שד, וועלכער קוקט זיך איין פון זײַן באַהעלטעניש אין דער דאָזיקער קאָמפּאַניע פון גרינע און פלינקע יאַשטשערקעס, פון אינזעקטן־שפּרינגערס וועלכע ליגן מיטן פּנים אַרויף, גילדיקע שפּינען און זשומענדע בינען — ווי אַ שומר אויף דער שפע באַשעפענישן אין די גרעניצן פון זײַן ממשלה.

אין יענער צייט, ווען ער איז געשטאַנען אינעם מיטן טאָג פון זיין לעבן און זיין שאַפן, האָט ער געזונגען די זון־לידער, אין וועלכע ער האָט דערגרייכט דעם העכסטן אויסדרוק זיינעם אַלס פּאָעט און אַלס קינסט־לער. קיינער פון אונדז וועט נישט פאַרגעסן „מות התמוז" — די ווונ־ד׳ערלעכסטע פּאַגאַנישע סימפאָניע וואָס עס האָט אונדז געגעבן זיין פּאָעזיע. אזא זוניקן ריטם האָט ער מער נישט דערגרייכט אויך אין זיינע אויסגעצייכנטע לידער. דאָס דאָזיקע קלאָג־ליד וועגן טויט פונעם תמוז, וועגן „וואָלקן־טעג" וועלכע דערנענטערן זיך, איז געווען דער אַפּאָגיי פון דער „אַפּאָלאָגישער" קונסט אין זיין שאַפן:

בקשנו התמוז...
בסבך בשלכת,
ביערות גפר, במסבות האוג,
פן יישן, פן ינוס לקטרתו של ארז,
לריחות פטריות מצטרפות לחוג. —

ולא נמצאו עקבות
כל שדות בכרים.
ופסק קול צחקן עם רזי הגל;
הכר מרעה בקר ותישים ירקדו
אל שקתות המים עם שכבות הטל...

אַזוי קלינגעוודיק, אַזוי מוזיקאַליש איז געווען זיין שטים ווען ער האָט באַוויינט אַ פּראַכט וואָס איז פאַרגאַנגען, אַז אין דעם קלאָגליד גופאָ האָבן מיר געהערט די ווערט „לאַכן מיט די סודות פון דער כוואַ־ליע", און דאָס האַרץ האָט נישט געגלויבט צוהערנדיק די דאָזיקע זון־קלאַנגען, אַז עס וועט באמת מקוים ווערן זיין נבואה און „די קומענדע וואָלקנטעג וועלן זיין טעג פון לקוי־נשמות פאַר דעם צייטיקן האַרבסט"...

רעצענזיעס

— ו —

דער דור האָט אין אים געזען זיין פּאָעט, און סתם אַ העברעאישער פּאָעט, איז אַ ל י ר י ש ע ר פּאָעט. קיין אַנדערע פּאָעטן האָבן מיר כמעט נישט געהאַט אין אונדזער נייער ליטעראַטור. די עפּישע עלע־מענטן אין פּאָעטן ווי מיכ״ל און יל״ג זענען געווען זייער שטאַרק, אָבער זיי זענען פאַרשלונגען געוואָרן אין ליריזם, אין חקרנות אין סאַטירע. טשערניכאָווסקי איז געווען דער עפּישער פּאָעט מיט דער ה״א הידיעה. אויף וויפל ער איז נישט געווען אַ גרויסער ליריקער, איז נישט שטענ־דיק געווען דער פולער צויבער אין זיין אויסדרוק, און עס זענען פאַראַן אומקלאָרע קאַפּיטלען אין זיין פּאָעזיע, וואָס דער גערויש פון זייערע שטי־מען טוט זייער ווי. אַ פּאָעט, פאַרשטייט זיך, איז ער געווען שטענדיק, און זיין מאָמענטאַלע שוואַכקייט אין דער ליריק איז נישט געווען ווי זיין כמעט שטענדיקע שוואַכקייט אין פּראָזע, — אַ פּגם וואָס האָט פאַרצויגן אַ הויך פון שווערן שאָטן אויף זיין גלענצנדיקן שאַפן. אָבער אין ליריק איז אויך דער טיילווייזער פּגם זייער געפערלעך. אין אַ ניגון איז אויך איין פאַלשער טאָן שעדלעך. די דאָזיקע הילפלאָזיקייט וואָס אַנטפּלעקט זיך אין אָפּגעזונדערטע צעדרייטע פערזן, באַווייזט אַז נישט שטענדיק האָט ער זיך אַנאַליזירט און נאָכגעפאָרשט — באַווייזט אויף וויפל עס שעדיקט די דאָזיקע אימפּראָוויזאַטאָרישע איילעניש, וועלכע ער האָט באַטראַכט (לויט מען קען אורטיילן פון זיינעם אַ שמועס מיט י. זרחי) אַלס אַ גרויסע מעלה. ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף זיין נאַטירלעכן טאַלאַנט — ער האָט זיך פאַרלאָזט אויף אַ נס, וואָס אָן אים שאַפט מען נישט, אָבער זיין אויטאָ־קריטיק איז נישט תמיד געווען צופרידנשטעלנדיק. דער־רויף זאָגן עדות נישט נאָר די פעלערהאַפטע פערזן, נייערט אויך די גרוי־סע דראַמאַטישע פּאָעמע „בר־כוכבא“, — אַ טעמע, וואָס איז אים געווען אַזוי נאָענט — וועלכע האָט זיך אים אפילו אויף אַ העלפט נישט איינ־געגעבן.

גרויס און דער ערשטער במעלה איז ער געווען דער עיקר אַלס עפּי־

שער פּאָעט. אין דעם איז ער געווען אַ יחיד אין זיין דור. מיט זיין גאַנצן אַקצענט און מיט דער גאַנצער געשפּאַנטקייט פון זיינע אברים איז ער געווען אַ פּלאַסטישער קינסטלער, וועלכער האָט צו זיך קיין גלייכן נישט ביז היינט אין אונדזער פּאָעזיע. זיין ראָל אין אונדזער לעבן אַלס באַ־גייער און צוגרייטער צו רענעסאַנס און אויפבוי איז באַשטאַנען אין דעם וואָס ער האָט אָנגעפילט די אטמאָספער פון אונדזער וועלט, די פאַר־גרייזטע מיט פליענדיקע אותיות, מיט וויכטיקע זאכן, מיט פיל־ריידיקער ממשות, וועלכע איז איבערפולט מיט צורות און פאַרבן, חיות און פלאַנצן, ריחות און קלאַנגען. ער האָט צו זיך קיין גלייכן מיט דער דאַזיקער שפּע. זייענדיק ווייט פון קליינלעכן, באַלעסטיקנדיקן רעאַליזם, האָט ער גע־זאַמלט די ברכה פון דער ערד מיט פריידיקע הענט, האָט ער אָנגעפילט יעדן לאָך מיט זיסער ערדישקייט. דאָס איז געווען זיין גרויסע שליחות אויפצובויען די חורבות פון אונדזער לעבן, אַריינצוברענגען אין שאַפונגס־לאַבאָראַטאָריע דאָס רייכטום פון דער וועלט, צו ווייזן די זאַכן סאָליד און פריידיק ווי אין דעם ערשטן מאָמענט פון זייער געשאַפן ווערן.

דעם פאַרגעניגן וואָס עס האָבן אונדז פאַרשאַפט די אידיליעס — באַזונדערס די ערשטע: „ברית מילה", „לביבות מבושלות", „כחום היום", וועלכע זענען די צום מיינסטן פערפעקטע, די פּאָעטישסטע, — דאָס וועט נישט פאַרשטייען א שפּעטערדיקער דור. זיי האָבן אַרויפגעגאָסן אַן אַנט־ציקנדיק ליכט אויף דער פּשוטער עקזיסטענץ, וועלכע האָט באַקומען אַ מאַיעסטעטישע שיינקייט — זיי האָבן פאַרטריבן דעם לאַנגווייל, האָבן אויסגעלייטערט אונדזערע אויגן, האָבן אונדז געלערנט איבעראַנייס צו זען און אָפּהיטן יעדן בליאיקן בייט אין אונדזער פאַרוואָרלאָזטן גאָרטן. עס איז געווען אין זיי עפּעס פון וועלט־באַנייאונג. גלייך ווי אַ ברכה־רעגן וואָלט מיט איינמאָל אָפּגעשווענקט דעם שטויב פון דער עקזיס־טענץ. גלייך מיט די קליינע זאַכן זענען אָנגעוווּנקען געוואָרן אַלע גרויסע זאַכן, וואָס וועלן קומען. אין דער אידיליע זענען קאָנצענטרירט געוואָרן זיינע בעסטע אייגנשאַפטן. די אידיליע איז געווען די לופט פון זיין נשמה, די געגנט פון זיין גרויסן אויפבלי. כמעט יעדע אידיליע האָט באַ־

צייכנט אַ גייע דעראָבערונג; און אין דעם זשאַנר זענען נאָך געווען גרויסע אויפשטייג־מאָמענטן, ווען די טעמעס זענען אפילו געווען אַלטע און זייער אויסגענוצטע ווי „שמחה לאו דוקאַ", ווי „עלקע׳ס חתונה", אין וועלכע ער האָט אויפגעלעבט דעם יידישן שענקער פון דער פאָלקס־מעשה מיט אַן עפּישער באַלייכטונג, וואָס איז טיפער פון לעגענדע. מעגלעך אַז אין קיין שום אַנדער זשאַנר איז ער נישט געווען מער פּאָעט, מער ליריקער ווי ער איז דאָס געווען אין יענע פּייזאַזש־פראַגמענטן און עלעגיע־פראַגמענטן, וועלכע געפינען זיך אין זיינע בעסטע אידיליעס. און גערעכט זענען געווען די וואָס זאָגן אַז ס׳איז אין זיי געווען אויך אַ טראַגישער עלעמענט. איך פּערזענלעך האַלט, אַז דאָס איז נישט קיין טראַגישער עלעמענט, נייערט דער באַלאַדע־עלעמענט (כאָטש עס איז כמעט איינס און דאָס זעלבע). „כחום היום", „לביבות מבושלות", אין אַ געוויסער מאָס אויך „הכף השבורה" — זענען אָן ספק, לויט זייער אינהאַלט, מער באַלאַדעס ווי אידיליעס. אָבער אין זאַכן פון פּאָעזיע איז מכריע דער ניגון. דער ריטם פון דער אידיליע און אירע פאַרבן טרינקען אָן מיט אַזאַ גליכער שיין דאָס גליק, אַזוי גוט ווי דער טרויער, אַז ביידע ווערן ווי פאַרשלינגען איינס אין אַנדערן. און אָט דאָס, און נישט דער אינהאַלט, גיט דאָך צו דער פּאָעזיע אַן אויסגעשפּראָכענעם אידישן כאַראַקטער! אָט די ברייטע שטים, די עלעגיש־זיסע און עלעגיש־טיפע אין איינער און דער זעלביקער צייט — אָט דער טרויער פון שפע, כּון אַ רייכן בלוט־געדויש, פון איבערפלוס און בענקעניש אין איינער און דער זעלביקער צייט; דער דאָזיקער סורפּריז פון פּאָעזיע אינעם האַרצן פון דער פּראָזע, אינעם האַרצן פון הומאָר — די ווונדערלעכע אייגנשאַפטן פון סערוואַנטעס, פון גאָגאָל, פון מענדעלע — די דאָזיקע גאַנצע נייע גאַמע קלאַנגען אין אונדזער פּאָעזיע, וואָס האָט עדות געזאָגט אויף אַ ווייטער ראיה, אויף גרויסער איינזאַפונג. אין דעם דאָזיקן לעבנסבאַנעם איז מער אַריינגענומען געוואָרן, איז מער פּאָזיטיווע אנערקענט געוואָרן. דאָ איז גאָרנישט פאַרזיסט געוואָרן, נישט פאַרענטפערט געהאָרן בדוחק. און נאָך אַמאָל: נישט די אידעאָלאָגיע, נייערט די אויפ־

נאָמס־כלים וועלכע האָבן זיך פאַרמערט, זיי האָבן עדות געזאָגט אויף דער רעוואָלוציע אין דעם אויג און אין דעם האַרצן — אויף דעם נייעם צוגאַנג צו דער וועלט.

— ז —

זיין וועלט־באַנעם און אייגנקייט זענען געקומען צו אַנטפּלעקונג אויך אין דער אייגנקייט פון זיין לשון, וועלכע האָט, נישט גע־קוקט אויף אירע אַלע בולטע פעלערן, אויך געדינט פאַר אונדז אַלעמען ווי אַן אָנהאַלט, האָט געדינט ווי אַ מוסטער מיט אירע דערגרייכונגען, און אַפילו מיט אירע דעפעקטן, — אין דער מאָס, וואָס איז אין זיי אָב־געוווינקען דאָס ברעכן די ליניע פונעם „פּסוק״, דאָס אויסרייסן פון דער פאַרשקלאַפונג צום ספר.

דאָס דאַזיקע לשון, וואָס האָט אַזויפיל דערנער, האָט געדינט אַלס מוסטער מיט עפּעס אַ מין פרייען ריטם, און מיט עפּעס אַ קאַפּריציעזן רעליעף. אין קאָנטראַסט צו אונדז אַלעמען, וואָס דער הונגער צו אויס־דרוק און צו זיין קלאָריט נויגט אונדז טיילמאָל צום אויסדרוק אַן און פאַר זיך, האָט ער קיינמאָל נישט געשטרעבט צו עפּעס אַנדערש ווי נאָר צו דער אַנטפּלעקונג פון דער וועלט — נישט צו באַווייזן די שיינ־קייט פונעם לשון, נייערט די שיינקייט פון דער וועלט. דעם כבוד פון דער וועלט און דעם כבוד פון דער פּאָעזיע האָט ער געזען אין דער דע־מאָנסטראַציע פון דער רייכקייט פון דער וועלט. די דאָזיקע טונקעלע שטרעבונג האָט אים טיילמאָל געבראַכט צו דידאַקטישע שילדערונגען. אָבער ער האָט אויך דאָס געטון מיט אַ גרויסער פרייד, ווייל ער האָט אַרויסגעבראַכט די פאַרבנרייכקייט פון דער וועלט. ער פּאָעטיזירט אַזוי־פיל די זאַכן אַן און פאַר זיך, אַז מיר פרייען זיך לייענענדיק די נעמען — דעם עצם פאַרצייכענען זיי און באַשטימען אין דער מלוכה פון פּאָעזיע.

אויך אין דעם דערקענט מען דעם „וועלטלעכן דיכטער״ וועלכער האָט געקנאָטן דאָס לשון און האָט עס באַזיגט פאַר וועלטלעכע באַדער־

פּעגישן — האָט דאָס געמאַכט פּעאיק צום אויסדרוק פונעם נייעם, פון די נייע פאָרמען. אויף וויפל ער איז נישט געשטרויכלט געוואָרן מיט מאָדנעקייט (טיילמאָל אפילו מיט געשמאַק), האָט ער אָנגעוווּנקען מיט דעם עצם מאָדנעקייט זיינעם אויף נייע מעגלעכקייטן, האָט ער אויסגע־ריסן פון דער טראַדיציע און האָט אומגעקערט דער רוטינע עפּעס וואַ־רעמס און באַלעבנדיקס, האָט ער צעברעקלט די הרודעס פון פאַרגלי־ווערטקייט און האָט אויפגעבראַכט שפּראַך־רעמיניסענצן, וועלכע זענען געווען פאַרוועלקט שוין פון וויפל דורות. טיילמאָל האָט אים די אָרעמ־קייט געשטויסן צום מקור פון רייכקייט — טיילמאָל איז זי גופא פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מקור פון רייכקייט.

דער צויבער פון זיינע שפּראַך־חידושים, פון זיינע שפּראַך־טערמי־נען, האָט זיך נישט באַזירט אויף פילאָלאָגישע אַנטפּלעקונגען, אויף פי־לאָלאָגישן אַנאַליז, נייערט ווידער אויף עפּעס אַ מין פּ י ז י ש ע ר סענסיטיוויטעט, אויף אַ פּלאַסטיק אין זיין אויסדרוק — אויפן דורשט פונעם סקולפּטאָר צו בולטע אברים. ער האָט אונדז אָנגעדייטעט אַז דאָס וואָרט האָט נישט נאָר אַ באַדייטונג, נאָר אַ קלאַנג, נייערט אויך קערפּערלעכע פאָרמען, עפּעס וואָס איז געגעבן געוואָרן אָנצוטאַפּן, פאַר אַ מאַטעמאַטישן אַנאַליז — און אָט דאָס האָט פאַרדעקט אַלע זיינע פע־לערן.

דעריבער האָבן מיר מיט אים נישט מדקדק געווען ווען זיינע קאָמ־בינאַציעס האָבן נישט געשטימט מיט די אָנגענומענע שפּראַך־געזעצן, ווען זיינע טערמינען זענען געווען צופיל איילִיקע — מיר האָבן אויך פאַרמאַכט די אויגן אויף קאָמפּליצירטקייטן אין דער לאָגיק, ווייל קודם־כל איז פּ אַ ר פּ ו ל ט געוואָרן די ל יי ד י ק יי ט , האָט אויפ־געהערט די לופטיקייט, און מען האָט דערפילט די זאַכן מיט זייער גאַנ־צער ממשות. דעריבער האָט טיילמאָל אויך אַ נישט־פּאַסיק וואָרט זיך איינגעפּאַסט מיט איר א ו ר ש פּ ר ו נ ג ־ כ ו ח — דערמיט וואָס עס האָט פאַרשטאָפּט עפּעס אַ חלל, אפשר נאָר דערמיט אַליין וואָס

עס האָט א נ ג ע ו י ז ן אויף דעם חלל, וועלכן מען קען נישט לאָזן ליידיק אַזוי ווי געווען. דאָרט ווו דו געפינסט די דעפעקטן פון זיין לשון, געפינסטו אירע צויבערן.

אָבער, אפילו ער, וואָס זיין כח איז תמיד געווען אין פלאַסטיק, האָט מער א ו י ס ג ע ה ו נ ג ע ר ט איידער האָט אונדז באַפריי־דיקט מיט דעם, וואָס האָט אונדז געפעלט — האָט אויסגעהונגערט צו מאַ־טעריעלן, האָט אונדז געמאַכט פאַרהאַסט דאָס נאַקעטע. קיין זאַך איז ביי אים נישט געווען אַזוי פאַרהאַסט ווי פלאַסטישער דערזאַץ, ווי פלאַס־טישער הורט, ווי דאָס אַריבערשפּרינגען דיווירקלעכקייט. אין קאָנ־טראַסט צו אונדז אַלעמען, וועלכע באַנוגענען זיך טיילמאָל מיט אַ מע־לאָדיע, האָט ער מוותר געווען אפילו אויף אַ גוטן קלאַנג, וואָס האָט אים אַזוי שטאַרק באַצויבערט, צוליב פּולקייט, צוליב באַטאָנען די זאַכן גופא.

אין דעם דאָזיקן דורשט צו דער וועלט אין איר פולקייט האָט ער אונדז דערצויגן, האָט ער צוגעוויגט אונדזער חוש צו די פיל עקספּאָ־נענטן — האָט ער אַריבערגעפירט אונדזער פּאָעזיע פון פּונקט צו פּונקט, פון וועלט צו וועלט.

***

אפילו אין הויפּט־שטריכן איז נישט מעגלעך אַרומצונעמען די דאָ־זיקע געבענטשטע שאַפונג, וועלכע איז עלטער פון 50 יאָר און וואָס איר ווזקס האָט נישט אויפגעהערט די גאַנצע צייט. אויף וויפל דער דיכטער האָט נישט דערגרייכט נאָך אין זיין יוגנט צו די הויכן פון „ברית מילה", „כחום היום", „דעאנירא", „קסמי יער", „מות התמוז" — האָט זיין אויפבלי נישט אויפגעהערט ביז דער עלטער, און יעדע נייע לעבנס־עפּאָכע האָט געהאַט אירע אייגענע הויכן, אירע אייגענע פרילינגען. אויך אין טעג פון קאַטאַסטראָפעס, וועלכע האָבן כמעט נישט אויפגעהערט אין אונדזער צייט, האָט נישט אויפגעהערט זיין טאַלאַנט צו געבן וווּנדער־לעכע פּרוכטן. אַט דעם סימן וואָס מען דערקענט תמיד אין אַן אמתן טאַ־

לאַנט איז זיין וו אַ ק ס ן, און קיין זאַך ברענגט נישט קיין פרייד פאַר דער וועלט אין אַ שעפער ווי אַט די דאָזיקע טייערע אייגנשאַפט.

מיר קענען בלויז אין קורצן אָנווייזן זיינע שפעטערע דערגרייכונ־גען, וועלכע האָבן נישט אויפגעהערט אויך אין דער צייט ווען אַלע קאַש־מאַרן פון דער עפּאָכע האָבן געדריקט אויף אים. די ערשטע וועלט־מל־חמה, מיט די געשפענסטיקע טעג פאַרן אוקראַינער יידנטום, וועלכע זע־נען געקומען נאָך איר, און די יאָרן פון הונגער און טרויער וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אין דער יידישער באַפעלקערונג פון רוסלאַנד וועל־כע האָט זיך געראַנגלט מיט אירע שונאים, — איז געווען אַ פּרוכטבאַ־רע תקופה פאַרן פּאָעט. אין יענער צייט זענען אָנגעשריבן געוואָרן: „מנגינה לי", „ממנגינות הזמן", „זאת תהיה נקמתנו", און וואָס עס שטייגט זיי אַלעמען איבער — דער קראַנץ סאָנעטן „על הדם", אין וועל־כן עס וויברירט דער טרויער פונעם גרויסן דיכטער ביים צוזען די „יעוו־נוכן פון הארץ", און די „תליינים אין קדושה" — די צעשטערונג פונעם מענטש, פון וועלכער ער איז געווען אַן עדות... אָבער ווען ער האָט נאָך געוויזקט אין טרויער, האָט ער זיך אומגעקערט און רעאַגירט אויפן צווי־בער פון דער וועלט מיט די סאָנעטן־ציקלען „קרים", און „צו דער זון", אין זיי פּיעשטשעט ער זיך אויפסניי פאַר זיין גאָט „ווי דער היאַצינט און אַזויווי די מאַלווע, וועלכער האָט נישט עפּעס אַנדערש אין זיין וועלט אויסער זיין לויטערער זון"... און אין איינעם פון די האַרבסטן פון יענער פינצטערער צייט (אין דעם יאָר תרפ"א — 1921) איז ער געזעסן אין אָדעס און האָט אין צ ע ן ט ע ג אָנגעשריבן די גרויסע אי־דיליע „עלקעס חתונה", — אַן עפּישע פּאָעמע אין וועלכער עס קומט צום אויסדרוק דער זוניקער תמצית פון דעם יידישן דאָרפס־שטייגער אין דרום, אַ רייכקייט פון בילדער, וואָס איז אויפגעבראַכט געוואָרן מיט הומאָר און נאַיוויטעט, וואָס זייער גלייכן האָט ער נישט דערגרייכט פּי־לייכט אין קיין שום אַנדערער שאַפונג.

אין דעם קראַנץ סאָנעטן, וואָס זייער אַקצענט איז טיילמאָל אַ גע־בויטער און נישט ווינציק געקינצלט, איז דאָך פאַראַן אַ גרויסער אויפ־

שטייג אין זיין פּאָעזיע. דער צמצום פון אויסדרוק און די קאָנצענטרי־רונג פון געדאַנק און זיין שאַרפקייט האָבן דאָ דערגרייכט אַ הויך, וואָס די יידישע שירה האָט נישט דערגרייכט זינט שמואל הנגיד און עמנואל הרומי. דאָ אַנטפּלעקט זיך טשערניכאָווסקי ווי דער באַנייער און פאַר־זעצער פון דער פּאָעזיע פון יענע שפּאַנישע יידישע פּאָעטן פון דער „גאָלדענער עפּאָכע" נאָך וועלכער ער איז נאָכגעצויגן געוואָרן אין דער מאָס, וואָס ער האָט זיך געשראָקן פאַר זיי.

אַן עפּאָכע פון גרויסער פּרוכטבאַרקייט און באַנייאונג איז געווען די עפּאָכע פון זיין שאַפן אין ארץ־ישראל. דאָ האָבן אַלטע מאָטיוון איינ־געזאַפּט נייע ליכט און נייע טיפקייט, און עס האָבן אויך אויפגעבליט נייע, שפּראָצונגען פונעם פּאָטערלאַנד. דאָ זענען אָנגעשריבן געוואָרן די קליינע אידיליעס און אַ ספּעציעלער זשאַנר פון זכרונות, וואָס אַ העלפט פון זיי איז געווען אידיליע און אַ העלפט סאַטירע. דאָס אַלץ פאָדערט אַ באַזונדערע באַטראַכטונג און אַ נייע אָפּשאַצונג. באַזונדערס: אַזעלכע זאכן פון שטאַרקן אויסדרוק ווי „די הרוגים פון טירמאָניע", אַ נייע אויסגאבע פון „ברוך פון מאגענצע" און „עמאָ דדהבאָ" — דער גרויסער אַרבעט־הימן, אין וועלכן ער האָט פאַרגעזעצט און האָט באַנייט די אי־דיליע אין איינער און דער זעלביקער צייט. מיט אזא שפע פון פּרוכטבאַר־קייט ווערט פאַרענדיקט דער גרויסער זומער פונעם דיכטערס שאַפן. דער האַרבסט האָט נישט אַראָפּגענידערט אויף זיינע פעלדער. די פאַרשאָל־טענע קראַנקהייט, וועלכע האָט אין פאַרלויף פון צוויי יאָר אויסגענאָגט טראָפּנסווייז דעם מאַרך פון זיין לעבן, האָט נישט באַוויזן צו צע־שטערן די קעמערלעך פון זיין גייסט און זיין שאַפן האָט נישט אויפגע־הערט מיט דעם גאַנצן כוח פון איר שפּראָצונג ביז זיין לעצטן טאָג.

און זאָל דאָס זיין אונדזער טרייסט, וואָס ער איז אַוועק פון דער וועלט אין מיטן פון אַ שאַפונגס־שפע, אין מיטן פון אַ ברכה „צו די שטערן פון די ווייטע הימלען", וועלכע זענען געווען מיט אים און האָבן אים נישט פאַרלאָזט אויך אויפן ראַנד פונעם פינצטערן תהום פונעם טויט. אין דער דאָזיקער שפע וואָס האָט זיך נישט איבערגעריסן איז

## ר ע ג נ ב ו י ג ן

סימבאָליזירט געוואָרן זיין לעבן. איז סימבאָליזירט געוואָרן זיין פער־זענלעכקייט, איז סימבאָליזירט געוואָרן דער עצם פון זיין פּאָעזיע, וועל־כע האָט געשעפּט איר ברכה פון אַ נישט־אויסשעפּבאַרן קוואַל און האָט זיך נישט געענדיקט ביז זיין לעצטן אָטעם־צוג.

# קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

(פּאָרטרעט־שטריכן)

אַ געוועזענע העברעאישע קינדער־גאָרטן־לערערן, וואָס איז צוזאַ־מען מיט חנה ראווינאַ געוואָרן אַ שילערן פון האַלפּעריגס פּרעבל קורסן אין וואַרשע, פאַרלאָזט זי נאָך דער מלחמה, צוליב אומבאַקאַנטע מאָטיוון, די העברעאישע שול־אַרבעט און ווערט אַ לערערן אין אַ יידישיסטישן לערן־אַנשטאַלט.

וועגן אירע ערשטע שריט ווי אַ דיכטערן דערציילט מען נאָר, אַז זי האָט אין אָנהויב געמאַכט אַ פּרווו מיט העברעאישע קינדער־לידער, אָבער אָן דערפאָלג. אויף יידיש האָט זי גיך געפונען איר אייגענעם סטיל און איז אין אַ קורצער צייט באַרימט געוואָרן ווי איינע פון די אויסגע־צייכנטסטע דיכטערנס.

נאָך אין יאָר 1927, גלייך נאָכדעם ווי זי האָט אַרויסגעגעבן איר ערשטן בוך „חשוון׳דיקע נעכט" שטעלט זי זיך פאַר אונדז אין איר פּער־לער קראַפט. קורץ נאָכדעם פאַרעפנטלעכט זי אַ באַנד קינדער־לידער, „גייען שיכעלעך אַוועק" — אפשר איר פּאָלקאָמענסטער בוך ביז הייניקן טאָג. די לעצטע יאָרן האָט זי אַרויסגעגעבן איינע נאָך דער אַנדערער צוויי לידער־זאַמלונגען, אין וועלכע דער סאַטירישער טאָן האָט אַביסל פאַררוקט אָן אַ זייט דעם ליריזם. נייע מאָטיוון לאָזן זיך הערן אין די נייע לידער, און קאַדיע מאָלאָדאָווסקי איז געוואָרן אַן אַנדערע — איז געוואָרן אי שטאַרקער, אי שוואַכער. אָבער אין אַלץ, וואָס זי האָט ביז איצט געגעבן, אַנטפּלעקט זיך איר זיכערער טאַלאַנט. מעגלעך, אַז מען איבערטרייבט אַביסל מיט לויב־געזאַנגען וועגן איר, אָבער עס איז נישט

קיין חטא; ווען אַן אמתן טאַלאַנט איז שטענדיק אַ מצוה צו איבער־טרייבן.



איך האָב זיך מיט איר צום ערשטן מאָל באַגעגנט אין פרילינג פון יאָר 1917 — אין יענעם גליקלעכן פרילינג פון דער ערשט געבוירענער רעוואָלוציע, וואָס איז אַזוי גיך פאַרשווונדן. און איך זע זי אין ליכט פון יענע אַפּריל־טעג, וואָס די פרילינגדיקע ים־ווינטן און די יונגקייט פון דער נייער וועלט האָבן זיי אויפגעשטורעמט מיט אַ פרייד אָן גלייכן. זי האָט דעמאָלט געאַרבעט אין העברעאישן מוסטער קינדערגאָרטן ביי די קורסן, וואָס האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין אָדעס. זי האָט דעמאָלט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ מענטשן, וואָס איז פריילעך און ערנסט אין דער זעלבער צייט. איך האָב באַמערקט די דאָזיקע קינדערגערטנערין, וועלכע איז געווען באַליבט ביי קליין און גרויס. עס איז אין איר געווען עפּעס, וואָס דערמאָנט אָן אַ קינד, און דאָס איז זי פאַרבליבן עד היום. זי האָט ביי אירע באַקאַנטע אַרויסגערופן אַן אומקלאָרע ווייכקייט, אַזוי ווי מיר וואָלטן אין איר דערקענט יענעם ווייטיק פון דערוואַרטונג, יענעם ציטער, וואָס איז אַן אָנדייטונג, אַז אַ מענטש טראָגט אין זיך אַ מתנה, וואָס וועט אַמאָל איבערראַשן די וועלט.

איך דערמאָן זיך אירע שטילע טריט אין סאַמע פרייד און טומל פון דער רעוואָלוציע, איר עניוותדיק פנים און איר טרויעריק־ליכטיקן שמייכל. אַזוי האָט אויך געשמייכלט ר ח ל, ווען זי איז צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין מיין הויז אין אָדעס, אָבער ביי קאַדיען איז איר פּאָעטישער סוד געווען פאַרבאָרגן נאָך טיפער. זי האָט געהאַט ווייניקער צוטרוי צו זיך אַליין.

מען האָט זי געהאַלטן פאַר איינער פון די בעסטע קינדער־גערטנע־רינס — צווישן די פּיאָנערינס פון דעם העברעאישן קינדערגאָרטן. זי האָט דעמאָלט געאַרבעט צוזאַמען מיט רבקה רובין (איצט אין עין חרוד).

דער קאָנטאַקט מיט די קליינע קינדער האָט אַן צווייפל באַפרוכפּערט איר הארץ, און אפשר זענען שוין דעמאָלט רייף געוואָרן אירע קינדער־פּאָע־מעס, אין וועלכע עס לייכט דער שטיפערישער שמייכל פון אירע אומע־טיקע אויגן. איך פלעג זי זען ביי דער אַרבעט, און פון צייט צו צייט פלעג איך זי טרעפן אין די אָדעסער גאַסן, זיך טראָגנדיק מיט די פייכ־טע ים־ווינטן פון אַ פריצייטיקן דרומדיקן פרילינג. זי האָט געלאָזט דעם איינדרוק פון אומזיכערקייט, פון בלאָנדזשעניש, פון קווענקלעניש אין אַנ־געזיכט פון לעבן. אונדז דוכט זיך דאָך תמיד, פּאַסט פאַקטום, אַז מיר האָבן שוין פריער דערפילט אַז דער אָדער יענער מענטש וועט זיך אין דער צוקונפט מיט עפּעס אויסצייכענען. מען דאַרף זיין פאַרזיכטיק מיט אַזעלכע השערות, וואָס מען דריקט אויס לאחר מעשה. אָבער אין איר פּנים איז דעמאָלט אָן ספק געווען עפּעס, וואָס האָט אויסגעדריקט קאָנצע[illegible]ירטקייט, אויסדויער, דערוואַרטונג פון קומענדיקן. זי האָט גע־האָט [illegible]ע אויגן און איז געווען שעמעוודיק און פאַרדאַכטפול, און אין דע[illegible] גלייכער צייט האָפענונגספול און פאַרכאַפּט פון די גרויסע כוואַלי[illegible]ס, וועלכע האָבן אונדז אַלעמען געטראָגן.

**
*

יאָרן זענען פאַרגאַנגען. איך האָב זיך מיט איר פונדאַסניי באַ־געגנט נאָך דער מלחמה, ווען די האַריזאָנטן זענען אַנטבלויזט געוואָרן, ווען עס איז שוין געווען קלאָר, אַז נישט דער סוף פון דער מלחמה, נישט די רעוואָלוציע האָט מיט זיך געבראַכט יענעם ווונדערלעכן גליק, וואָס מען האָט דערוואַרטעט. פאַר אונדזערע אויגן איז געלעגן „דזשי־קע גאַס" מיט איר מיאוסער אָרעמקייט און מענטשלעכער טעמפּקייט. איך האָב זי געפונען אין דעם קרייז אַרום „די ליטעראַרישע בלעטער", וואָס האָט איר אַ סך געהאָלפן זיך ליטעראַריש צו פאַרפעסטיקן. אירע לידער האָבן באַלד אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס. עס איז אין זיי געווען אַן אומגעוויינלעכע צאַרטקייט, צוזאַמען מיט דער חכמה פון אַ

דערפאַרונגסרייכער, פיל־געליטענער פרוי. די דאָזיקע לידער, אין וועלכע עס איז געלעגן אַ גרויסע רייפקייט און גאָר קיין סימן ניט פון ווירטואָזיטעט, זענען געשריבן געווען אויף יידיש. זי האָט העברעאיש ליב געהאַט ווי פריער, און אין אירע יידישע לידער איז אויך פאַרבליבן עפּעס אַן אגדהשע פאָלקסטימלעכקייט.

עס איז אויך געווען אַ צייט, ווען מיר האָבן געזוכט אַ וועג, ווי אַזוי זי איבערצופירן קיין ארץ־ישראל. אָבער זי האָט אירע לידער געשריבן אויף אַ שפּראַך, וואָס איז שוין געוואָרן איר נשמה־שפּראַך, און דאָס לאָזט זיך נישט ענדערן. אין די פריערדיקע יאָרן האָבן אויך די גרויסע העברעאישע שריפטשטעלער געשאַפן אויף צוויי שפּראַכן: איין שפּראַך האָט דערגאַנצט די צווייטע. אָבער, צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון ביידע שפּראַכן, האָבן די שאַפער זיך אַלץ מער קאָנצענטרירט אין איין שפּראַך — יעדער איינער אין דער שפּראַך, וואָס איז פאַר אים געוואָרן דער אממערסטן נויטיקער אויסדרוקס־מעדיום. קאַדיע מאָלאָדאָווסקי שרייבט יידיש נישט דערפאַר, וואָס זי איז איצט אין אַן אַנדער לאַגער. זי איז, אפשר, אין אַן אַנדער לאַגער, דערפאַר וואָס די יידישע שפּראַך איז איר שורש־נשמה.

און דאָך זענען מיר געבליבן נאָענט איינער צום אַנדערן. איך האָב זייער הויך אָפּגעשאַצט איר עכטן לירישן טאַלאַנט, איר אויסדרוקס־קולטור און איר מענטשלעכן צויבער. איר דיכטונג, וואָס איז אַ געוועב פון גוף און נשמה, פּשטות פון געבעט און זייער קאָמפּליצירטע איבערלעבונגען, איז מיר זייער נאָענט צום האַרצן. אין אירע לידער פון יענעם פּעריאָד זענען אירע קינדהייט־דעראינערונגען, די היים פון טאַטע־מאַמע און די האָריזאָנטן פון דער וועלט געוואָרן איין געוועב; די יידישע נויט און די וועלט־נויט זענען באַלויכטן געוואָרן מיטן מיטגעפיל פון אַ יידיש האַרץ. אַ פרוי האָט באַקלאָגט דאָס וויאַנען פון דער וועלט און פון זיך אַליין און דער אונטערגאַנג האָט אויפגעבליט אונטער אירע וואַרעמע טרערן. איר תפילה פאַר אירע פאַרוואָרלאָזטע שוועסטער, די מידאויגיקע, וואָס וואַנדערן אָן גליק, אָן אָן אַנשפּאַר, איז געווען אַ געבעט

פאַר איר אייגענער בלאָנדזשענדיקער נשמה, וואָס איז אַרויסגעגאַנגען אַנטקעגן דער וואַרעמקייט פון דער וועלט און איז באַגעגנט געוואָרן פון קאַלטע, אַכזריותדיקע ווינטן.

דאָך איז איר זאַמלונג „חשוונדיקע נעכט" געווען דורכגעדרונגען מיט אַזאַ צאַרטקייט, וואָס האָט געבליט מיט האָפענונגען, מיט דערוואַרטונג פון גליק. פון דער אָרעמקייט האָט אַרויסגעקוקט די ווייסקייט פון באַרויִקנדיקע קינדהייט־בילדער.

ווי אַ דיכטערין האָט זי זיך געשראָקן פאַרן לעבן, און דער דאָזיקער פּחד האָט אָנגעפילט דאָס האַרץ און פאַרשיכורט. אין שטילע מינוטן, בשעת זי האָט דערפילט די זיכערע שיינקייט פון דער וועלט, פלעגט זי אויך דערשפּירן די טריט פון פרייד, ווי זיי קומען אַלץ נענטער און נענטער. אויך דעמאָלט האָט זי געשריבן וועגן דער יתומדיקייט פון דער פרוי, וועגן „אָטוואָצק", דעם מקלט פון די קראַנקע, וואָס האָט זי אויך אויפגענומען בשעת זי איז אַליין געווען קראַנק. אָבער פון אונטער די קאַלטע שטיינער האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט די גוטע לעבנס־שפּראָצונגען, און פון צייט צו צייט פלעגט זי איר קאָפּ באַהאַלטן אין אַ קופּע היי, און אַנטשלאָפן ווערן אין שמעקעדיקן גראָז „און חלומען וועגן פעלד און וועגן האָז — וועגן אַלץ, וואָס איז אַמאָל געווען אַזוי ליב". און אויב זי האָט זיך שטענדיק געשראָקן פאַר דער וועלט־פינצטערניש, פון וועלכער מען קען נישט אַנטלויפן, האָט זי אָבער אויך נישט אויפגעהערט בעטן:

לאָז מיך נישט פאַרגיין!

***

דאָס בוך „חשוונדיקע נעכט" איז ביז היינטיקן טאָג פאַרבליבן קאָדיע מאָלאָדאָווסקיס פולסטער לירישער אויסדרוק. עס איז אין דעם דאָזיקן בוך פאַראַן אַזויפיל איינזאַמקייט, אַזויפיל בענקשאַפט און גליק. זי טוליעט זיך צו דער וועלט און שרעקט זיך פאַר איר. אַ רייך און זייער

אומגליקלעך פרויען־האַרץ איז אַנטפּלעקט געוואָרן אין דעם דאָזיקן בוך. טאַלאַנט איז נאָך נישט אַלץ. דאָ האָט זיך געעפנט דאָס האַרץ פון „אַ שוועסטער און אַ מאַמע". מיטלייד ברענט דאָ ווי אַ פייער און — עפּעס אַ ווייסקייט איז אויסגעשפּרייט איבער דער נידעריקער ערד, און עס איז נישט אַזוי שווער אויף איר צו שפּרייזן, צו בליען און צו וויאַנען.

גאָר אַן אַנדער בוך איז געווען די זאַמלונג „גייען שיכעלעך אַליין". פון אויבנאויף — קינדער־לידער; אַ זשאַנר, וואָס אַ סך האַלטן אים פאַר זייער אַ גרינגן, כאָטש עס איז אין דער אמתן נישטאָ קיין מער שווערער טיפּ פּאָעזיע. אפשר, האָב איך קיין רעכט נישט צו אורטיילן וועגן דער דאָזיקער דיכטונג, וואָס יעדע אמתע דערגרייכונג אירע פילט מיך אָן מיט פרייד. אָבער מיר דוכט זיך, אַז דאָס איז אפשר דאָס אָריגינעלסטע בוך, וואָס די דיכטערן האָט ביז איצט געשריבן. עס איז מיר געווען שווער צו גלויבן, אַז זי באַהערשט אַזאַ מוזיקאַלישן ריטם, וואָס איז אינ־גאַנצן אַ טראָציקער פרייד־אויסגעשריי דעם דלות און דער יתומדיקייט, אין וועלכע יידישע קינדער פאַרברענגען זייערע יונגע יאָרן אין די נעסטן פון אָרעמקייט און קויט. אין קאַדיע מאָלאָדאָווסקיס בוך איז די יידישע גאַס באַלויכטן מיטן הומאָר, וואָס שטראַלט אַרויס פון דער דיכטערנס אויגן. עס דוכט זיך, אַז די וועלט איז פול מיט עפּעס אַ ווילד־פריילעכער פאַנטאַסטישקייט, אָן גרענעצן און אָן אָפּהאַלט, אַז די וועלט אַליין איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון איר פּלאַץ, פון איר אַקס. עס איז גענוג צו לייענען די מעשה „אַ מאַנטל פון אַ טונקעלן געוואַנטל" (פאַראַן אויך אין העברעאיש. עס האָט פנינה האַלפּערין איבערגעזעצט עטלעכע לידער מאָ־לאָדאָווסקיס און פאַרעפנטלעכט אין דער קינדער־ביילאַגע פון „דבר"), וואָס דערציילט וועגן דעם מאַנטל, וואָס האָט באַקליידט די פינף קינדער אין הויז, און וואָס יעדער קינד האָט אין אים געפונען עפּעס אַ באַזונ־דער חן און אַ באַזונדער פגימה, ביז וואַנען עס האָט זיך צום מאַנטל גענומען דער מיזיניק פון דער משפחה, „דער תכשיט פאַנטל", און ער האָט פון אים קיין שריד ופּליט נישט געלאָזן — כדי צו דערפילן, וואָס אַזאַ ליד לייגט אַריין אין דער יידישער אָרעמקייט.

יעקב פיכמאַן



אין אירע לעצטע ביכער („דזשיקע גאַס“ און „פריידקע“) דערציילט די דיכטערן, מיט אַן אָנגעגליט האַרץ וועגן דער יידישער אָרעמקייט אין פערזן, וואָס שלאָגן אַזוי ווי פלאַמענדיקע קלעפּ איבערן לעבעדיקן לייב. עס איז נאַטירלעך, וואָס דער ליריזם לייכט אין זיי נישט אַרויס פון זיך אַליין, ווי אין אירע ערשטע לידער. עס איז נאַטירלעך, וואָס דער וויטיק רייסט זיך דאָרט אַרויס אין דרויסן. צייטנווייז כאַפּט זיך אויך אַרויס נישט קיין צוגעפּאַסט און שאַקירנדיק וואָרט, ווי, צום ביישפּיל, דער שטאָך וועגן דעם בעל־הבית, וואָס לייענט דעם „השלח“ און איז דערפאַר, הייסט עס, פעאיק אויף יעדער נידערטרעכטיקייט... — אַ שטאָך, אין וועלכן ס'איז נישטאָ נישט קיין אמת און נישט קיין איבעריקע שאַרפקייט — גלייך ווי אַן עם־הארץ קען קיין עקספּלואַטירנדיקער אַרבעטסגעבער נישט זיין! אין די דאָזיקע לידער איז פאַראַן אַ סך ביטערקייט, אָבער נישט קעגן דעם ווילן מיר אויסזעצן, נאָר קעגן דער באַנאַליטעט וואָס קלינגט אָפּ אין איר טאָן. מיר ווילן נישט זאָגן, אַז די דיכטערן איז אין די דאָזיקע לידער אומאויפריכטיק. מיר זענען זי לגמרי נישט חושד אין פאַלשקייט, אָדער איבערטרייבונג, אָבער דיכטער, ווי קאָדיע מאַלאָדאָווסקי, געפינען דעם געלייטערטן, דורכאויס־אמתדיקן טאָן, נישט אַזוי לייכט אין סאַטירישער ווי אין לירישער פּאָעזיע, ווו ער קומט כמעט פון זיך אַליין, ווו ער ווערט אויסגעזונגען מיטן אינערלעכן ניגון פון האַרצן.

אין אירע לעצטע זאַמלונגען איז דער דיכטערנס פאַרנעם אַ סך ברייטער געוואָרן. אַזאַ פּראָצעס מוז באַגלייט ווערן פון נייע געבורט־ווייען. מיר ווילן איר ווינטשן, אַז זי זאָל שטענדיק זיך צוהערן בלויז צו איר אייגן האַרץ און זי זאָל זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון צווייפלהאַפטיקע מיטלען, וואָס זענען עלול צו פאַרטונקלען די שענסטע אייגנשאַפט פון איר ליד — די ריינקייט פון קלאַנג.

# הערצל דער פּאָליטיקער און קינסטלער

— א —

גרויסע פּאָליטיקער זענען ניש ט נאָר פּאָליטיקער אַליין, פּונקט ווי גרויסע קינסטלער, וויסנשאַפטלער א. ד. גל. זענען נישט נאָר פאַך־מענטשן אַליין. אין אָט־דער אייגנשאַפט דערקענט מען אייגנטלעך דעם גרויסן, — דעם שאַפנדיקן: ער איז קיינמאָל נישט איינגעשלאָסן אין דעם ענגן קרייז פון ספּעציאַליטעט. אויף וויפיל דער צענטער פון זיינע מעשים איז הויך, אויף אַזויפיל איז ברייט זיין גייסטיקע פּעריפעריע.

די גענויאַליטעט פון הערצלען האָט זיך אויך אויסגעדריקט אין האַרמאָנישער צווייזייטיקייט — אין דער גליקלעכער פּראָפּאָרציע פון קינסטלער און פּאָליטיקער, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געשטערט, נאָר כמעט תמיד מיטגעהאָלפן, דערגאַנצט איינער דעם אנדערן. עס איז נישט געווען קיין אינערלעכער אַנטאַגאָניזם, נאָר יענע פריילעכע פילפאַרביקייט, וואָס יעדער אויסטערלישער גייסט באַזיצט שטענדיק. וואָלט הערצל געווען נאָר פּאָליטיקער, וואָלט ער קיינמאָל נישט דערגרייכט זיין געוואַלדיקע הויך: ער וואָלט קיינמאָל נישט געוואָרן לעגענדע.

— ב —

מיט דעם האָט ער זיך אויסגעצייכנט פון אַלע פאָרגייער און מיטגייער פון זיין צייט: מער וויפל ער האָט געווירקט מיטן כוח פון איבערצייגונג, האָט ער געווירקט מיטן צויבער־שטעקן אין דער האַנט. געוויס האָט ער גערופן בויען, טוען, קעמפן. נאָר מער פון אַלץ האָט

געווירקט דער רוף אַליין, דער צוויבערקלאַנג פון דער בשורה.

מיט דעם באַזונדערס האָט ער זיך אויסגעצייכנט פון אחד־העמען — זיין שטאַרקסטן קעגנער און שאַרפסטן אַנטיפּאָד: מיט דעם, וואָס ער האָט פאַרמאָגט די שפע פונעם דיכטער. אחד־העמס זשעני האָט געוואָרנט און וואָרענענדיק געפּענטעט, נישט געלאָזט זיך אַ ריר טון פון אָרט. הערצל האָט פאַרפירט, און פאַרפירנדיק געוועקט, באַרוישט, געבראַכט אַ פאַרגליווערטע וועלט אין באַוועגונג. אחד־העם האָט דערצויגן, געלערנט, דערמאָנט אַלע שטרויכלונגען פון דער געשיכטע. הערצל האָט געמאַכט פאַרגעסן, פאַרדעקט מיט זיך אַליין אַלע אָפּגרונטן. ער האָט נישט זייער הויך געשעצט די מעשים, וואָס זענען נישט געווענדעט דירעקט צום לעצטן פּינטעלע, און דאָך געשאַפט די גרעסטע רעאַליטעטן, אויף וועלכע אונדזער רעאָרגאַניזירטקייט איז דעמאָלט געווען פעאיק.

אים האָט געהיט פון יעדער שטרויכלונג דאָס באַוווסטזיין, אַז ער מאַכט דעם לעצטן נסיון — דאָס באַוווסטזיין, אַז ער גייט נישט אויף פּאַליאַטיוון, אויף קיין נויט פשרות. זיין גאַנצקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט נישט געוווסט פון „תפילה עושה מחצה", וואָס ער האָט זיך נישט געלאָזט, ווי דער ניכטערער אחד־העם, זיך אָפּשרעקן פון דער ווירקלעכקייט. ער האָט געקענט איינשטעלן — איינשטעלן זיך און זיין אידעע, ווייל ער האָט אין זיך געטראָגן דאָס באַוווסטזיין, אַז ס'איז נישטאָ וואָס איינצושטעלן — אַז סיי־ווי גייען מיר צו גרונט.

אחד־העם האָט צוגעגרייט, פאַרפעסטיקט די גייסטיקע פּאָזיציעס, געבראַכט אָרדענונג אין אונדזער בעל־בתישקייט. הערצל האָט זיך אָריענטירט נאָר אויפן רעוואָלוציאָנערן, אויפן גרויסן שטורעם וואָס וועט פון זיך אַליין אַלצדינג ענדערן, אַלצדינג רעכט מאַכן.

אַלע מעשים זענען דעריבער געווען ביי אים נאָר עפּעס צייט־ווייליקס, איבערגייענדיקס, ביז דעם גרויסן טאָג, וואָס קומט אָן, — וואָס מוז קומען.

— ג —

מיט זיין אומגעדולד, מיט דער גאַנצער פיבערדיקייט פון זיין האַנד־לען איז הערצל כלל נישט געווען קיין מערב־מענטש, קיין מענטש פון דיסציפּלין און אויסרעכענונג, אין דער דאָזיקער הינזיכט איז דער מזרח־ייד אחד־העם אַ סך מערבדיקער פון אים. זיין כוח איז אָבער געווען דוקא אין דעם, וואָס ער האָט אין זיך פאַרקערפּערט דעם אייראָפּעאישן פּאָלי־טיקער מ י ט  נ אָ ך  ע פּ ע ס, אָט דער צוגאָב, דער נאָך עפּעס, האָט אים גרויס געמאַכט. מיט אים האָט ער באַצויבערט זיין דור, מיט אים האָט ער געשאַפן דעם ווייטן אויסקלאַנג פאַר שפּעטערדיקע דורות.

ער האָט אויך גערופן צו טאַט. ער האָט אָבער נישט געלאָזט אַז קליינע פאַרווירקלעכונגען זאָלן פאַרשטעלן דעם וועג צום עיקר. ער האָט מורא געהאַט פאַר קליינע צילן, וואָס שטעלן צופרידן און מאַכן רעכט. ער האָט גערופן צום גרויסן, גלויבנדיק, אַז לויט דער גרויסקייט פונעם שטח — איז דער כוח פון דער שפּירונג. וואָס גרעסער אַ אידעאַל איז, אַלץ מער איז די ענערגיע, וואָס ער רופט אַרויס. ווייל העכער פון אַלע קליינע רעאַליטעטן און נישטיקע פאַרווירקלעכונגען האָט ער געשטעלט די אידעע אין איר ריינקייט — דער נישט־גערירטער אוצר פון יעדער גרויסער באַוועגונג.

אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן זיין גרויסקייט אַלס פירער, וואָס אים האָט נישט איבערגעשראָקן קיין דורכפאַל, וואָס ער האָט נישט אָנערקענט קיין דורכפאַל, ווייל ער האָט געקענט דעם דורכפאַל אַליין מאַכן פאַר אַ מיטל צום נייעם זיג, צו נייעם ענטוזיאַזם. אַלצדינג, אי זיי־נע נצחונות, אי זיינע מפּלות, האָט ער פון פריער שוין אַריינגענומען אין חשבון — אַלע זענען זיי ביי אים געווען נאָר שטאַפּלען צו דער לעצ־טער דערגרייכונג.

מיר ווייסן פון זיינע טאָג־ביכער, פון וויפל ספקות ער איז געווען באַהערשט. ער האָט ווייניק געגלויבט אין זיינע מיטגייער, נישט זייער גרויס איז געווען אויך זיין גלויבן אין פּאָלק אַליין. אומדערשיטערלעך אָבער איז געווען זיין גלויבן אין דער קראַפט פון דער אידעע. זי אַליין

מוז ברענגען די גרויסע איבערקערעניש, וואָס וועט אַ ריר טון דעם פאַר־שטיינערטן וואַלד און מיט לעבעדיקן בלוט־זאַפט אָנפילן אַלע זיינע פאַר־קאַלעכטע אָדערן. דעריבער האָט ער אַזוי געציטערט פאַר יעדן מיעוט־הדמות פון אידעאַל, פאַר יעדע פאַרטושונג פון זיין מאַיעסטעטישן גלאַנץ.

דאָס אַליין האָט ער געהאַלטן פאַר דער גרעסטער מפּלה.

— ד —

ער האָט נישט מורא געהאַט פאַרן מאַקסימאַלן — פאַר צופּיל. ער האָט נישט מורא געהאַט, טאָמער וועט נישט קלעקן קיין כחות. ער איז געווען דער באַפרייער פון דער אָנגעזאַמלטער נאַציאָנאַלער ענערגיע, איר וועקער, איר אָקומולאַטאָר. ער אַליין איז געווען אַ מוסטער פון איי־ביקער וואַכזאַמקייט, פון נישט געשטילטער ברען צו אַקטיוויטעט — פון איינעם, וואָס טוט פאַר אַלע און גלויבט פאַר אַלע, וואָס פילט אויס מיט זיך יעדער ליידיקן חלל און פאַרריכט מיט זיך אַלע פגמען.

זיין געניאַליטעט איז באַשטאַנען אין זיין בטחון, אין זיין צוטרוי צו זיך, — אין דעם, וואָס ער האָט געקענט נישט זען דאָס, וואָס אים איז געשטאַנען אין וועג, און דעריבער פון אים נישט גע־שטרויכלט צו ווערן. אין זיין גאַנצן וועזן, אין אַלע זיינע מעשים האָט געהערשט דער טריב פון שנעלקייט, זיין גאַנץ אומרואיק בלוט האָט פּראָ־טעסטירט קעגן קליינלעכע אויסרעכענונגען, ווייל ער האָט געגלויבט, אַז די לעצטע שעה האָט געשלאָגן, און מען קאָן מער נישט אָפּלייגן. אים האָט כסדר באַהערשט אַ געפיל, אַז נישט נאָר מיר, נאָר די גאַנצע וועלט דערנענטערט זיך צום תהום, און אַז יעדע מינוט איז טייער, ווייל יעדע מינוט קען מען פאַרשפּעטיקן...

אים האָט נישט געאַרט, וואָס מיר זענען נישט צוגעגרייט, ווייל ער האָט געגלויבט אין דער היסטאָרישער נויטווענדיקייט פון זיין אידעע — געגלויבט, אַז ווען דער גרויסער טאָג וועט קומען, וועט ער אַליין אונדז

מכשיר זיין, און אַז דער רוף צום גרויסן, ער אַליין וועט אונדז דער־ציען צום גרויסן.

אַך, ווי ער האָט נישט איבערגעטראָגן אונדזער קריכענדיקן טעמפּאָ! זיין שיף איז געשטאַנען מיט אַלע זעגלען אויסגעשפּרייט, און געוואַרט אויפן גרויסן ווינט, וואָס וועט זי אַרויסרייסן פונעם פאַרפרוירענעם ים. ער האָט געקרעכצט אונטער דער לייכטקייט פון דער באַוועגונג מער וויפל ער האָט געקרעכצט אונטער איר לאַסט. „מען מאַכט אַזוי שווער אונדזער לעבן — רופט ער אויס פאַרביטערט אין איינער פון זיינע טאָג־אויפצייכענונגען: — און דעריבער מוז אונדזער באַוועגונג זיך אַ רייס טון פון אָרט, אָדער אינגאַנצן אונטערגיין". דאָס איז געווען ז יי ן סטראַטעגיק — אַז מעשים, וואָס ווערן נישט געטון מיט דער גאַנצער שנעלקייט, ק ע נ ע ן זיך נישט איינגעבן, — אַן אָפּענסיווע, וואָס איז נישט געמאַכט מיט אַמאָל און מיט דער גאַנצער אָנשטרענגונג, זאָל בעסער נישט געמאַכט ווערן.

— ה —

וואָס איז ער געווען מ ע ר : דיכטער אָדער פּאָליטיקער? לייכט לאָזט זיך געוויס באַהויפּטן, אַז פריער פון אַלץ איז ער געווען דער, וואָס האָט אָנגעוואָרפן דעם פּלאַן, און צוגעגרייט די כלים אויף צו שאַפן די יידישע מדינה. ווער עס האָט אָבער כאָטש אַביסל שטודירט זיינע טאָג־ביכער און געזען מיט וואָס פאַר אַ מיטלען ער האָט זיך באַנוצט, מיט וואָס פאַר אַ קינדעריש־תמימותדיקע אידעען ער האָט זיך ארומגעטראָגן, מוז מודה זיין, אַז אויב אפילו הערצל איז נישט געווען קיין דיכטער פון גרויסן פאַרנעם, איז ער דאָך אַן ערשטקלאַסיקער שריפטשטעלער, אַ גלענצנדיקער סטיליסט, און אַז דאָס ווייניקע, וואָס ער האָט אויף דעם געביט געשאַפן, ווייזט דאָך, אַז דאָס איז געווען זיין ב אַ ר ו ף , און אַז פּאָליטיקער איז ער ג ע וו אָ ר ן — געוואָרן, געוויס, דורך אַן אי־נערלעכער נויטווענדיקייט, אָבער — אומגעריכט, מיטאַמאָל באַוועגט דורך אַ אידעע־פיקס, פון וועלכער ער איז באַהערשט געוואָרן, ווי גע־

טראָפּן פון אַ בליק. דיכטונג איז געווען זיין באַרוף, צו וועלכער ער האָט זיך אַ האַלב לעבן געגרייט. פּאָליטיקער איז ער געוואָרן דורך רוח־הקודש. זיין הכשרה אין פּאליי־בורבאן האָט אים נאָר געגעבן די טעכניק, אָבער נישט דעם אינהאַלט.

מעגלעך, אַז אַלס פּאָליטיקער איז הערצל געווען דוקא אַ דילע־טאַנט, אָבער — אַ גענויאַלער דילעטאַנט, אין דער צייט, ווען קינסטלער איז ער געווען עכטער, הגם נישט מער, ווי הויכבאַ־גאַבטער. אַלס פּאָליטיקער איז ער צופיל געווען פאַרנעפּלט, צו אָפּט גע־ביטן די פּאָזיציעס, כדי אונטערצוהאַלטן זיין אויטאָריטעט אָדער — לאָ־מיר זאָגן — דעם אויטאָריטעט פון דער באַוועגונג. די אינטואיציע פאַר־לאָזט אים קיינמאָל נישט. טויזנט זאַכן האָט ער פאָראויסגעזען און טויזנט זאַכן האָט ער פאָראויסגעזאָגט. אָבער ער האָט מער אָנגעטאַפּט די וועגן, אויף וועלכע ער איז געגאַנגען, ווי געזען זיי: מער געמאַכט עקספּערימענטן, ווי געוווּסט, וואָס מען דאַרף טון אומבאַדינגט. די ערשטע גרויסע לעקציע האָט אים ערשט געגעבן דער נסיון מיט אוגאַנדע — אַ לעקציע, וואָס האָט אים צום ערשטן מאָל קלאָר געמאַכט, וואָס ס'איז צופעליק און וואָס אומבאַדינגט. אַ לעקציע, אָבער פאַר וועל־כער ער האָט צו טייער באַצאָלט.

— ו —

אָבער דיכטער, הגם נישט געניאַל, איז ער שטענדיק געווען; דאָס איז ווי געזאָגט, געווען זיין באַרוף, און ווו ער איז נכשל געוואָרן, ווי אַ פּאָליטיקער, האָט אים געגאָלטן זיין קינסטלערישע באַגאַבונג. ער האָט גוט געוווּסט, אַז אונטער אים שטייען נאָך נישט קיין עכטע, נאָר געמייני־טע רעאַליטעטן: אָבער ווי אַ דיכטער האָט זיך אים איינגעגעבן צו שאַפן די אילוזיע פון אַן אָרגאַניזירט פאָלק, פון אַ מדינה, פון אומגעהויערע מיטלען אויף צו שאַפן זי. ער האָט געקענט שפּילן אויף די הערצער פון מענטשן, ווי מען שפּילט אויף אַ מוזיקאַלישן אינסטרומענט. דעם קאָנ־גרעס האָט ער נישט געפירט, נאָר אויסגעזונגען, ווי אַ וווּנ־

דערבאַרע מעלאָדיע. די קאָנגרעס־בינע האָט ער דעקאָרירט נישט נאָר מיט זיך, נאָר האָט געשאַפן פאַר איר אַ נ יי ע ם נ אָ ר ד ו י מיט זיין באַגייסטערונג און אָנגעפילט מיט מאַיעסטעטישקייט, מיט נבואה־געזאַנג. ווי אַ קינסטלער האָט ער זיך באַנוצט מיט די נישטיקסטע מיט־לען, וואָס גיבן דעם גרעסטן אָפקלאַנג: — „אומבאַמערקט האָב איך אָנ־געריירט אין זייערע האַרץ־סטרונעס און זיי אַריינגעבראַכט אין דער שטי־מונג פון דער מדינה און אויפגעוועקט אין זיי דאָס געפיל, אַז זיי זענען דאָס די נאַציאָנאַלע פאַרזאַמלונג“.

מיט אַזוינע מיטלען האָט ער געשאַפן די גרויסע ווונדער.

— ז —

וואָס ער האָט נישט דערגרייכט, ווי אַ פּאָליטיקער, האָט ער דער־גרייכט ווי אַ קינסטלער. מיט דער דאָזיקער איראַציאָנעלער קראַפט — האָט ער געמאַכט פון צעפאַלענע מענטשן־ברעקלעך אַ לעבעדיקן אָרגאַ־ניזם. מיט איר האָט ער אָרגאַניזירט אין פאָלק דעם ווי ל ן צו אַ מדינה, וואָס איז געווען ביי אים פאַררעכנט, ווי אַ מדינה אַליין. מיט דער דאָזיקער צויבערקראַפט האָט ער געוואָלט מאַכן דעם הונגער צו אויסלייזונג שטאַרקער, ווי דעם הונגער צו ברויט. און אין אַזאַ קורצער צייט באַוויזן צו שאַפן די וויכטיקסטע מכשירים, וועלכע באַדינען די באַ־וועגונג ביז היינטיקן טאָג.

דאָס אַלצדינג האָט ער דערגרייכט נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט אין יעדער חשבון אַריינגענומען דאָס, וו אָ ס א י ז א י ב ע ר אַ ל ע ח ש ב ו נ ו ת; ווייל ער האָט געווירקט שטענדיק מיט יענער גע־שווינדקייט, וואָס געפינט די פּאַסנדיקסטע מיטלען דורך דעם באַוווסטזיין פון דער גרויסער סכנה — ווייל ער האָט אין אַלע זיינע פּלענער אַריינ־גענומען דאָס, וואָס ס'איז אויסער יעדער פּלאַן: די נויטווענדיקייט פון ווונדער.

דער פאַקט, וואָס ער איז געווען אַ הויכבאַגאַבטער שריפטשטעלער, און איינער פון די גלענצנדיקסטע סטיליסטן, איז אונדז פון גרויסער וויכ־

טיקייט, ווייל כמעט אין יעדן גרויסן מענטשן גיסן זיך צונויף שטראָמען פון קינסטלער מיט דער אוממיטלבאַרקייט פון אינסטינקט, די איידלס־טע קולטור מיט דער עלעמענטאַרישקייט פון אוראַלטן ראַסן־בלוט.

די געלייטערטע מענטשלעכע שיינקייט וואָס דריקט זיך אויס אין אַזאַ נאָבעלן סטיל, ווי הערצלס, איז נישט קיין זאַך פון צופאַל. פאַר־קערט, אין דעם ליגט דאָס איבערצייגנדיקע פאַר אונדז, אַז מיר האָבן צו טון מיטן אויסדערוויילטן. מעשים קענען זיין צופעליקע. ס ט י ל א י ז ק יי נ מ אָ ל נ י ש ט צ ו פ ע ל י ק.

# יוסף טרומפעלדאָר

## (צען יאָר נאָך תל־חי)

מיט צען יאָר צוריק, דעם עלפטן אדר*), ווען אין גליל בלויען אַלע פעלזן־שפּאַלטן פון אומצאָליקע ציקלאָמען און בערעניקא־בלימעלעך, זע־נען אויף זיינע הויכקייטן געפאַלן מיט אים צוזאַמען זיבן פון אונדזערע שוועסטער און ברידער. געוויקסן פון אַ נייעם אויפבלי, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַלע, און נישט געקלערט און נישט געפרעגט, רואיק געגאַנגען וווהין זייער האַרץ און זייער גורל האָט זיי גערופן — און אַזוי רואיק געפאַלן, שיצנדיק יידישע ערד און יידישן כבוד.

אַך, אַזוי ווייניק זענען זיי געווען, די וואָס האָבן נישט פאַרלאָזט די ערד, וואָס איז געוואָרן פאַרהייליקט דורך ברידער־אַרבעט און ברידער־צער, און אָנגעטרונקען די פעלדער פון תל־חי, וואָס האָבן איינגעזאַפּט זייער שווייס, און מיט זייער ריינעם יוגנט־בלוט. אָבער ווי רייך האָט זיך דער באָדן צעבליט פון דעם דאָזיקן טייערן בלוט־זאַפּט, ווי ווייט האָט אָפּגעקלונגען זייער הייליקער רוף אין די יונגע הערצער פון אונדזער דור! תל־חי איז גלייך געוואָרן און וועט נאָך אויף לאַנגע דורות בלייבן אַ סימבאָל און מוסטער פון יידישער מסירת־נפש, פון יידישער טרייהייט.

איך געדענק נאָך יענעם טאָג — אַ ווונדערלעכן פרילינג־טאָג אין יהודה. געוווינט האָב איך דעמאָלט אין רחובות, אויף דער זוניקער ערד פון מיין היים האָב איך אָפּגערוט פון די שרעקן־טעג, וואָס האָבן נאָך געטונקלט הינטער מיר. אַרום מיר האָט רואיק געדרימלט אַ יידיש דאָרף, און יידישע גערטנער האָבן געבליט און ברייט צעוואָרפן זייערע גרינע שאָטנס, און ווי שטילע וואַסערן האָט געפלאָסן גאָטס פרידן אין אַלע ווינקעלעך.

---

*) געשריבן אין 1930.

און אין דעם דאָזיקן וואַרעם־פריידיקן טאָג האָט זיך, ווי אַ קאַלט מעסער פלוצים אַריינגעשניטן די שרעקלעכע בשורה פון צפון...

דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוווסט, ווער איז עס דער וווּנדער־לעכער מענטש, וואָס האָט מיט זיין איינציקער האַנט נישט נאָר גע־קענט האַלטן די העלדן־שווערד, נאָר אויך באַהערשן מענטשן מיט זיין ליכטיק אויג און זיי ציען נאָך זיך מיט זיין פּערזענלעכן חן צו פריידיקע קרבנות. אָבער געוווסט האָב איך אויך דעמאָלט, אַז דאָס שענסטע און בעסטע, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט אין אונדזער יוגנט, איז געפאַלן אויף די שטראַלנדיקע הויכקייטן פון גליל און מיין האַרץ האָט געוויינט אויף דער דאָזיקער מענטשלעכער פּראַכט, וואָס מיר וועלן שוין קיינמאָל נישט זען.

אָבער ווי ווייניק האָב איך נאָך געוווסט, וואָס מיר האָבן פאַרלוירן! אודאי איז דער נאָמען טרומפּעלדאָר מיר געווען באַקאַנט און איך האָב געוווסט, אַז ווייניק זענען דאָ ביי אונדז מענטשן, וואָס זענען, ווי ער שטייפע, ווי אויסגעגאָסענע פון בראָנדז. רייך מיט ווילן און רייך מיט קראַפט צו פאַרווירקלעכן דאָס, וואָס זיי האָבן איינמאָל זיך געשטעלט פאַר זייער לעבנס־ציל. ער, וואָס האָט אויף זיינע פּלייצעס אויסגעטראָגן די שווערע לאַסט פון גאַליפּאָלי, און דערקענענדיק אונדזער מענטשן־מאַטעריאַל, נישט צעבראָכן געוואָרן, און דעמאָלט, ווען די גאַנצע וועלט האָט זיך פאַרכלינעט אין בלוט און אין חורבן, ווידער געוועקט און ווי־דער געראופן, און סוף־כל־סוף גע פ ו נ ע ן יענע, וועלכע ער האָט ביז דעמאָלט אומזיסט געזוכט אויף אַלע זיינע וועגן, האָט צוגעצויגן מיט זיין אָריגינעלער פיגור. אָבער ערשט נאָכדעם, ווי זיין לעבן איז געוואָרן אַנטפּלעקט פאַר מיר מיט יענע קליינע און גרויסע שטריכן, וואָס בילדן אַ מענטשן־געשטאַלט אין איר גאַנצקייט און גרויסקייט, — ערשט דע־מאָלט האָב איך געוווסט וואָס מיט אים איז פאַרלוירן געגאַנגען פאַר אונדז אַלע. פון אַלע זיינע בריוו, טאָג־ביכער, פון דער קלענסטער אויפ־צייכענונג, האָט נישט נאָר אַרויסגעשטראַלט זיין אידעאַליזם, זיין טיף געפיל פאַר פליכט, פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פאַר מענטשלעכן כ ב ו ד. איבער אַלעמען האָט געלויכטן דער מענטש, ד ע ר ח ב ר,

דער באַשירמער, וואָס האָט מיט זיין ריינקייט געשיצט יענע אַלע, וואָס זענען מיט אים אין דער רייע געגאַנגען. און פון אַלע זיינע דרכים, האָב איך דערקענט, אַז מיט אים איז פאַרלוירן געגאַנגען אַ מענטש, וואָס אין זיין נאָענטקייט איז דאָס לעבן געוואָרן דערהויבן און וואָס זיס איז גע־ווען מיט אים צו לעבן און שטאַרבן צוזאַמען...

אויסערלעך איז ער געווען אַ סאָלדאַט אַ מאַן פון דיסציפּלין, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אויסגעדרייט פון צו דערפילן זיין פליכט און נישט געלאָזט אויך קיין אַנדערן זיך אַרויסצומאַכן פון איר. אָבער אינער־לעך איז דאָס געווען אַ האַרץ, וואָס האָט, ווי אַ פולער בעכער, איבער־געשטראָמט זיינע נאָענטע מיט ליבע און צערטלעכקייט, וואָס האָט מיט־געריסן און באַזיגט מענטשן נישט מיט כוח, נאָר מיט מענטשלעכער מילדקייט, מיט יענער האַרציקער שפע, וואָס נעמט אַזוי די יוגנט, וועל־כע גאַרט צו מענטשלעכן גענאָד.

ווהין זיין מזל האָט אים פאַרוואָרפן — אין לאַגער פון די קריגס־געפאַנגענע אין יאפאן, צו די רעשטלעך פון אַ אידעאַליסטישער יידישער יוגנט אין קרים, צו דער אַרבעטער־משפחה אין עמק־הירדן און צו דער ענגער גרופע באַשיצער פון תל־חי — אומעטום האָט ער געטראָגן זיין ליכטיק געמיט, זיין חברשע געטרייקייט, זיין פעאיקייט צו אָרגאַניזירן, שטיצן, לייכטער צו מאַכן — אונטערצוליי‎גן זיין פּלייצע, ווו עס איז אַמשווערסטן און טראָגן מיט אַלע אינאיינעם פרעמדע לאַסט, ווי זיין אייגענע. אָט די גרויסע מענטשלעכע ליבלעכקייט, די פרייד פון מעשים־טובים — זיי האָבן באַהעפט און פאַראייניקט, זיי האָבן אים געגעבן די באַהאַלטענע קראַפט צונויפצושמידן מענטשן; צו פאַרוואַנדלען מענטשן־בּרעקלעך אין אַ פאַראייניקטער און שאַפנדיקער געמיינדע.

# א. ד. גאָרדאָן - דער קנאי

ווען איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז אַ גרויסער טאָט אין לעבן איז מכפּר, אַז ער מוז אַלץ מכפּר זיין — האָט פאַר מיר גאָרדאָנס נאָמען אַנטהאַלטן אין זיך אַ באַצויבערנדיקע צוציאונגס־קראַפט אַ לאַנגע צייט, נאָך איידער איך בין געקומען קיין ארץ־ישראל. פון מיין פרוי, וועלכע איז דערצויגן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין טאָכטער אין אַ קליין דערפל אין פּאָדאָליע און זיך געפונען אונטער זיין איינפלוס, האָב איך מיך דערוווּסט פאַרשידענע איינצלהייטן פון זיין פריערדיקן לעבן, לויט וועלכע איך האָב דערקענט דעם דאָזיקן מענטשן און זיין לעבנס־שטייגער. נאָך זייענדיק אַ באַאַמטער ביים באַראָן גינזבורג, האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין שטאַרקן כאַראַקטער, וואָס האָט נישט פאַרטראָגן קיין שום פּשרה און מיט זיין אכזריותדיק־לאָגישן דענקען־שטייגער, וואָס האָט אויפגערעגט די בעל־הבתישע פּראָווינץ־יידן, וועלכע זענען קיינמאָל נישט געוווינט געווען צו דענקען „ביזן סוף“.

ער האָט געהאַט אַ שטאַרקן ווילן, געווען אַן עקשן, אַביסל האַרט לגבי יענע, וועלכע האָבן אים נישט פאַרשטאַנען, אָבער אַ טרייער און איבערגעגעבענער חבר פאַר די יחידים, אין וועלכע ער האָט געגלויבט צו געפינען אַ נאָענטן, פון דער נאַטור געווען אַ לערער. אין באַצוג צו די יונגע איז ער געווען אַ קנאי, אַן עקסטרעמיסט, אייביק געזאָרגט, אַז זיין איינפלוס זאָל נישט באַקומען קיין פּגימה און ליב געהאַט צו דערציען, באַלערנען, באַלייכטן. און אויב ער האָט נישט מבטל געמאַכט דעם שטאָטישן „עלעמענט“, אייבזעענדיק אין יעדן יידן אַ מאַטעריאַל פאַר אונדזער צוקונפטס־בנין, זענען פונדעסטוועגן זיינע אויגן געווען געווענדעט הויפּטזעכלעך צו די צוקונפטיקע דורות.

שוין דעמאָלט, ווען ער איז נאָך געווען אַ שטיק משכיל און „נאַ־

ראַדניק" אין רוסישן סטיל, האָט ער געהאַט די איבערצייגונג, אַז נאָר אַן ענדגילטיקע איבערקערעניש אין מענטשנס לעבן קאָן ברענגען די דערלייזונג; ער איז געווען, לויט זיין אייגנאַרטיקייט, אַ חלוץ, איינער פון די, וואָס זענען זיך מקריב אינגאַנצן און מיט זייערע אייגענע קערפּערס לייגן זיי דעם בריק צו דער צוקונפט.

פון זיך און אַנדערע האָט ער פאַרלאַנגט דעם איינציקן שפּרונג; ער האָט געהערט צו די נחשונס, וואָס שפּרינגען די ערשטע אין ים. און דאָך איז ער נאָך אַ לאַנגע צייט געזעסן אַלס בוכהאַלטער איבער דעם באַראָנס ביכער. אפילו ע ר, וואָס האָט קיינמאָל נישט אָפּגעטיילט די אידעע פון טאַט, האָט זיך נישט געקאָנט גובר־זיין איבער דער גלות־דיקער פּאַסיוויטעט.

און בלויז דאַן, ווען זיין לעבנס־זון האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגאַנג, אין דער צייט, ווען אַנדערע פאַרענדיקן, מאַכן אַ סך־הכל — האָט ער ערשט אָ נ ג ע ה ו י ב ן. אין דעם איז באַשטאַנען די שטאַרקייט, צו וועלכער עס זענען מסוגל נאָר יחידים פון פאָלק, און דאָס האָט ווידער באַוויזן, אַז בלויז די אידעע האָט אַן אייביקע יוגנטלעכקייט און בלויז דער גרויסער אידעאַל היט אָפּ און שיצט פאַר דער עלטער. ווער עס האָט געקאָנט גאָרדאָנען ביזן לעצטן טאָג ווייסט, אַז מיינע ווערטער זענען נישט איבערגעטריבן. אפילו, ווען ס'האָבן געשלאָגן זיינע לעצטע שעהן, האָט זיין גייסט פאַרמאָגט אַ לעבעדיקע שפּראָצונגס־קראַפט.

די עלטער האָט אים צוגעגעבן אַ רואיקייט און ליכטיקייט, אָבער דער פאַרניכטונגס־פּראָצעס האָט אים נישט אָנגערירט.

און באַ זיין גאַנצן אידעאַליזם און טיילווייז אָפּגעזונדערטקייט איז ער דאָך קיין פאַנטאַזיאָר נישט געווען. און דאָס מוז מען, קודם־כל, באַצייכענען. פונקט ווי אחד־העם, מיט וועלכן ער האָט געהאַט, נישט קוקנדיק אויף די קעגנזאַצן אין זייערע אַנשויאונגען, עפּעס געמיינזאַמעס אין דער סטרוקטור פון זייער וועלט־אַנשויאונג, איז אין אינערלעכער אַרכיטעקטאָניק, איז ער — גאָרדאָן — געקומען אָן אילוזיעס, אָן אַ גראַנדיעזן בוי־פּלאַן. ער איז געווען אַ רעאַליסט און האָט געגלויבט, אין דעם געגנצלעכן מינימום, אין דעם געזונטן קערן. עס איז איבעריק צו באַ־

מאַנען, אַז ע ר, וועלכער האָט צוגעגעבן אַ ווערט בלויז דער אויסבע־סערונג און פאַרפולקאָמונג פון מענטשן האָט נישט געגעבן קיין שום ווערט דער גרויסער פּאָליטיק און האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט די לעגיאָנען, צוליב מאָראַלישע און נאָך מער — צוליב רעאַלע טעמים. (ער האָט פשוט נישט געגלויבט אין זייערע נוצן) ער האָט געגלויבט בלויז אין מעשים, ווייל נאָר אין זיי אַנטפּלעקט זיך דער אמתדיקער לעבנס־קוואַל, ער האָט געגלויבט — לויט זיין אייגענעם אויסדרוק — אין דעם „לעבנס טראָפּן".

דער גלות איז געווען ביי אים די פאַרגליווערונג פון ווילן, אַ גייס־טיקייט, וואָס רעגנט אין דער לופטן, וועלכע ווערט נישט פאַרוואַנדלט אין טאָטן און שטרעבט קיינמאָל נישט דערצו. אין דעם גלות־ייד האָט ער געזען אַ זעעלישע צעשוומענקייט, אַ מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס איז גרינגלעך פאַרדאָרבן, ווייל עס איז פאַרדאָרבן דער אמתער קשר צווישן מענטשן און נאַטור — דער ווילן צו טאָט.

פונקט אַזוי ווי אחד־העם, וואָס האָט אים דערצויגן צו דענקען ביז צום סוף, האָט ער אויך נישט געגלויבט אין דור־המדבר, אַז ס'איז נאָך דאָ פאַר אים אַ תקנה. ער האָט געוווסט, אַז מען מוז צוגרייטן דעם יסוד, שאפן דאָס פאָלקס־קעמערל („יאטשייקע"), פון וועלכער ס'זאָל זיך אַנט־וויקלען שפּעטער דער געזונטער אָרגאַניזם. אָבער זיין געדאַנק איז געגאַנ־גען נאָך ווייטער. ער האָט אנערקענט נאָך אַן אַנדער רעצעפּט, און זיין רעצעפּט איז געווען: ט א ט . נישט צוגרייטן באַזונדער און טון באַזונדער; די טאט אליין איז אויך די איינציקע צוגרייטונג. קע־נענדיק די אייגנשאַפט פון יידן צו דערוועקן זיך פון צייט צו צייט און שפּעטער ווידער איינזינקען אין פּאַסיוויטעט, האָט ער געפּאָדערט נישט קיין גלענצנדיקן אַקטיוויזם, וואָס איז נישט מער ווי אַ מאָמענטאַלע אנט־פלעקונג פון גבורה, נאָר אַ באַשטענדיקע קליינע אַרבעט, וואָס איז די גרעסטע פון אַלע גבורות און וואָס איז דער יסוד פון וועלט־ישוב. ער האָט געגלויבט, אַז נאָר זי וועט דערציען און ברענגען ביסלעכווייז אויך צו דער גייסטיקער איבערקערעניש. דאָס האָט ביי אים געהייסן די אמת־דיקע לעבנס־קראַפט, יענע, וועלכע דערוועקט זיך נישט בלויז אויף אַ

**מאָמענט, נאָר ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער און וועבט אירע פעדים אין אייביקן לעבנס־געוועב.**

די אידעע פון אַרבעט איז געוואָרן ביי אים דער יסוד פון זיין טי־פער וועלט־אָנשויאונג. נישט שטענדיק האָט ער געקענט עס באַהעריק אויסדריקן. בלויז די, וואָס ווילן זיך פאַרטיפן אין זיין לערע, זאָלן גע־פינען אין איר אַ גאַנצע אַרומנעמענדיקע לעבנס־לערע. ביי דעם גאַנצער פשטות פון זיין אַרט דענקען איז ער אויך געווען, לויט דער נאַטור, אַ טיפזיניקער און אַמאָל אויך מעטאַפיזיקער. ער האָט פיל געדענקט אין זיין לעבן, געאַרבעט און געדענקט. דער געדאַנק איז אויך געווען ביי אים אַן אַרבעט, נישט קיין שפיל. ער האָט געפילט די נויטיקייט פון אַ גרוי־סער געשלאָסענער וועלט־אָנשויאונג, וועלכע לאָזט נישט איבער קיין שום אָרט פאַר אַ ריס, און דעריבער פלעגט ער פון מאָל צו מאָל אומ־קערן זיך צו זיינע ליבע געדאַנקען, באַמיט זיך זיי אויסצוטייטשן, פאַר־טיפן לויט זיין מעגלעכקייט.

גענוי, ווי אחד־העם, וועלכער האָט דעם חבת־ציון געמאַכט אַלס יסוד פון אַן אַרומנעמענדיקער וועלט־אָנשויאונג, אַזוי האָט ער אויך גע־וואָלט מאכן די אידעע פון ארבעט אַ צענטראַלע, וואָס זאָל אריינדרינגען אין גאַנצן לעבן און זאָל אַרומנעמען זיין גאנצן מהות. אָבער דאָרט, ווו אַחד־העם האָט געגלויבט דאָס צו דערגרייכן דורך דער באַנייאונג פון דער העברעאישער קולטור אין ארץ־ישראל, האָט ער געגלויבט נאָר אין לעבן גופא, ווייל אין דער קולטור האָט ער געזען נאָר אַן אָפּשיין, אַ רעזול־טאַט פון אַ פולשטענדיקן האַרמאָנישן לעבן, אַ לעבן פון שאַפונג. זיין אכזריותדיק לאָגישער דענקונגס־אַרט האָט נישט געלאָזן קיין פיצל אָרט אויף אויסדרייעַנישן, אויף האַלבע תשובות. אין דעם מויער פון נייע אָנשויאונגען האָט ער נישט געלאָזן קיין מינדסטן שפּאַלט. זיין געדאַנק נעמט אַרום ווי אַן אייזערנע צוואנג; אָדער אַלץ, אָדער גאָרנישט. „ארץ־ישראל פאַרלאַנגט פון אייך די נשמה מיטן גוף, אָדער זי פאַר־לאַנגט גאָרנישט", אַזוי האָט געלערנט דער גרעסטער חלוץ. און ער אַליין האָט באַוויזן, ווי מען גיט אַלעס. ווען ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל און זיך באַזעצט אין עין־גנים, געליטן און געאַרבעט, די פרוי פאַרלוירן,

און שפּעטער איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד זיין איינציקער זון, אַן ערלע־כער, שטילער און באַשיידענער מענטש, וואָס איז געבליבן דאָרט אין דער צייט פון דער מלחמה און ע ר, גאָרדאָן, איז כמעט אַליין געבליבן, האָט ער זיך געשטאַרקט אין זיינע יסורים. געאַרבעט פון פרייד און גע־דינט אַלסביישפּיל פאַר דער יוגנט מיט זיין קלאָרן און רואיקן גייסט. קיינער האָט אים נישט געהערט זיך באַקלאָגן אויף זיין שווערער אָר־בעט. קיינער האָט אים נישט געזען טרויעריק, אָדער צאָרנדיק — סיידן ביי אַ צרת־רבים. עס איז פאַרשטענדלעך, אַז זיינע יונגע חברים האָבן זיך באַמיט אים צו פאַרלייכטערן; אָבער די דאָזיקע פּרוּוון פון פאַרלייכ־טערונג זענען פאַר אים געווען שווער. ווען מען פילט מער דעם צער, האָט מען מער די זיכערקייט, אַז ס'וועט געבוירן אַ נייע וועלט. און אים איז געווען רעכט יעדער ווייטיק, אַבי ס'זאָל מיטוואַקסן דער בטחון, אז ס'וועט עפּעס געשאַפן. אָן יסורים האָט ער נישט פאַרשטאַנען קיין שום שאַפונג.

די אַרבעט איז געווען ביי אים דער סוד און אורשפּרינגלעכער מקור פון אַלץ. זי איז די איינציקע רעאַליטעט. בלויז זי איז נישט קיין אי־לוזיע. זי איז אַלץ. איר פרייד איז די אמתע פרייד און איר צער איז דער אמתער צער: און אַ פּאַקטישער ווייטיק, נישט קיין אילוזאָרישער, איז דאָך אַ שפע; אַזאַ צער מאַכט נישט אָרעם. אַזעלכע יסורים, יסורים פון שאַפן, זענען אונדז ליב, ווייל זיי אַנטפּלעקן אונדזער זיין אין גאַנצן פאַרנעם.

ער האָט געקוקט מיט ניכטערע אויגן און האָט גוט געוווּסט, ווי מיר זענען אָרעם אין גייסט, אין כוח פון ליידן. די מאַטעריעלע נויט האָט אים קיינמאָל נישט אָפּגעשראָקן. פאַרקערט, ער האָט זיך ווי געפרייט מיט איר. געפרייט מיט דעם שונא, מיט וועלכן ער דאַרף זיך ראַנגלען. אים האָט אָפּגעשראָקן בלויז די גייסטיקע וויסטקייט, די אָרומיקע שטרע־בונג צו אַ לייכט לעבן. די אַלגעמיינע מורא פאַר דער אָרעמקייט. די שוואַכע מעגלעכקייט זי בייצושטיין. און דעריבער האָט ער זיין גאַנץ אויפמערקזאַמקייט געלייגט בלויז אויף די חלוצים. ער האָט געוואָלט ווירקן אויף זיי, אַז זיי זאָלן זיין ווייניקער פּאַרטייאיש, ווייניקער פּאָלי־

טיקער און זאָלן זיך אַליין דערציען צו ליידן און זיך צו שטעלן ווי אַ פֿעסטער מויער קעגן דעם אַלגעמיינעם פּחד. ער האָט געוווּסט, אַז דער כּח פֿון איין אַליין־טוער איז גרעסער פֿון טויזנט, וואָס באַוועגן צו טון אַנדערע, און דעריבער האָט ער זיך נישט געשראָקן פֿאַר דעם מיעוט. ער האָט נאָר מורא געהאַט פֿאַר דעם טשטוש פֿון דער אידעע, פֿאַר דער ירידה פֿון געדאַנק. ער האָט געשטרעבט אין משך פֿון זיין גאַנץ לעבן אַריינגיסן אין זיין געדאַנק אַ נייע קראַפֿט און אַ ניי לעבן. נאָר די אידעע, און אירע געציילטע, אָבער געטרייע דינער — האָט ער געגלויבט — וועלן איבערפֿירן אונדז דורך די ערשטע שווערע טעג. דער כּוח פֿון ליידן, אַן און פֿאַר זיך, אָן אַ צוזאַמענהאַנג מיטן ציל — איז געווען ביי אים דער ערשטער תּנאַי, דער איינציקער תּנאַי פֿאַר דעם צוקונפֿטיקן בנין.

די אַרבעט איז, זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, געווען פֿאַר אים, הויפּט־זעכלעך, אַ מאָראַלישע אידעע אין טאָלסטאָישן זין. ווער עס אַרבעט נישט פֿאַקטיש, לעבט אויפֿן חשבון פֿון אַנדערע און איז אַ פּאַראַזיט. דאָס פֿלעגט ער שטענדיק באַטאָנען. אין דעם האָט ער געזען דעם שווידערלעכן סימבאָל פֿון אונדזער לעבן, אַ לעבן פֿון אַרבעטסלאָזיקייט און שאַפֿונגס־לאָזיקייט. אָבער ער האָט דערהויבן די אידעע אויך צו אַ נאַציאָנאַל־מענטשלעכער הויך. די אַרבעט איז דער צעמענט, וואָס פֿאַרפֿעסטיקט דאָס פֿאָלק. אָן פֿיזישער אַרבעט איז אויך די גייסטיקע שאַפֿונג פֿעלער־האַפֿט. עס פֿעלט איר דער דרינגענד־נויטיקער באַלעבנדער עלעמענט, וועלכער קולטיווירט איר פּרצוף און מאַכט זי אייגנאַרטיק. די אַרבעט איז געווען פֿאַר אים דער איינציקער וועג צו ראַטעווען זיך פֿון אָפּגע־ריסנקייט, צו באַהעפֿטן זיך מיטן לעבן און געבן אַ געשטאַלט דעם לעבן.

ער האָט אויך געפּרוּווט צו געבן זיין אידעע אַ מעטאַפֿיסטישע באַ־גרינדונג. די אַרבעט, דאָס הייסט, די אויסלאָדונג פֿון אונדזער באַהאַל־טענער ענערגיע און איר צונויפֿגיסונג מיט דער אַלגעמיינער סומע ענער־גיע, פֿירט אונדז אַרויס פֿונעם ענגן, סוביעקטיוון קרייז, און פֿאַרבינדט אונדז מיטן פֿאָדעם פֿון דער עלעמענטאַרער קאָסמישער עקזיסטענץ. צו דעם דאָזיקן געדאַנק קערט ער שטענדיק צוריק און באַמיט זיך צו געפֿינען

פאַר אים זיין אויסדרוק. דער דאָזיקער געדאַנק האָט אים, אַ פּנים, שטאַרק געדריקט, ער האָט געזוכט פאַר אים זיין אויסדרוק און האָט נישט געפונען. יעדער אַרבעטנדיקער מענטש איז אַ מיקראָ־קאָסמאָס, אַ „קליין וועלטל", וואָס איז שקול כנגד דער זינד און באַפרייט אים פון יעדער אינערלעכער קנעכטשאַפט און אינערלעכן דרוק — נאָר זי אַנטפּלעקט אויך אונדזער אמתדיקע אייגנאַרטיקייט, דעקט אויף אירע באהאלטענע כוחות, באַשטימט איר געשטאַלט. אָן אַרבעט איז אַלץ צייטווייליק. אָן אַרבעט איז אַלץ אילוזאָריש. אַזוי דאָס פאָלק, אַזוי אויך דער מענטש. די אמתע הויה, דאָס אמתדיקע „זיין" ווערט באַשאַפן בלויז דורך דער אַרבעט. נאָר זייער זעלטן דערלויבט ער זיך צו רעדן וועגן דער אַרבעט אַלס אַ קוואַל פון פּריוואַטן גליק; פאַרקערט, ער שטרייכט אונטער יעדעס מאָל די שווערקייט, דעם צער, מיט וועלכן זי איז פאַרבונדן. אָבער פון יענער זייט צער אַנטפּלעקט זיך אַ נייע וועלט, וואָס נאָר די אַרבעט עפנט זיינע טויערן און נאָר דער אַרבעטער האָט די מעגלעכקייט אַריינצובליקן אין זיינע באַהעלטענישן. די נאַטור איז פאַרשלאָסן פאַר דעם, וואָס אַרבעט נישט. נאָר דעם אַרבעטנדיקן גיט די נאַטור אירע מתנות, גיט דירעקט, ניט דורך קיין שליח און דעריבער דאַרפן אויך מיר אָפּגעבן איר אונדזער כוח דירעקט, נישט מיט דער הילף פון אַ שליח.

גענוי, ווי ביי יעדער גרויסער פּערזענלעכקייט, האָט זיינע געדאַנקען אַרומגעוועבט די ה ו י כ ע ר ע אַ ל י ט ע ט, וועלכע ווערט שטענדיק געשאַנקען נאָר די שעפער פון דער צוקונפט. די רעאַליטעט, וואָס ווערט געשטאַרקט דורך דעם לעבנס־אמת און ווערט דערהויבן דורך דעם גלויבן אין מענטשלעכן גייסט פון איבער דעם לעבן צו דער הויך פון דער אייביקייט.

— ב —

אויף די ריינע און שיינע גאַסן פון תל־אביב, אין וועלכע עס איז אַזוי באַקוועם צו שפּאַצירן און צו רוען, פלעגט פאַרבייגיין גאָרדאָן, קומענדיק פון צייט צו צייט פון גליל, מיט זיין אָפּגעברענטן בלאָסן געזיכט,

אַ פּנים פון אַ למדן און אַ נזיר, און אין זיינע איינפּאַכע, דאָרפישע קליי־דער פלעגט ער גיין נישט ווי אַ פּראָטעסט, נאָר ווי אַ פאַרבלאָנדזשעטער שאָטן, אַ פאַרבאָרגענער, שטומער קעגנזאַץ — אַ שטילע צעשטערנדע קראַפט, וואָס ברעכט מיט איר עקזיסטענץ גופא. אַזוי פלעגן מסתמא אָנ־קומען פון וויטן מדבר די יידישע נביאים, און פאַרברענען מיט זייערע בליקן די שטאָטישע קולטור.

א. ד. גאָרדאָן איז נישט געווען, ווי טאָלסטאָי, אַ שונא פון דער אייראָפּעאישער קולטור. אפשר האָט ער אויך פאַרשטאַנען די סכנה, וואָס שטעקט אין אונדזער ישוב, אין דער פאַרניכטונג פון דער קולטור, און אפשר האָט ער געוואָלט, אַז נישט זי, די קולטור אין איר איינציקן גע־שטאַלט, זאָל זיין דאָס וויכטיקסטע, נישט די קראַפט, וואָס אַנטפּלעקט זיך אין זיינע רעזולטאַטן, נאָר די קראַפט פון מענטש, די פעאיקייט מוותר צו זיין אויף נישטיקע ווערטן, דאָס איז געווען ביי אים די איינ־ציקע באַדינגונג פאַר דער שאַפונג.

ווי יעדער אמתער, פּרוקטבאַרער כוח איז אויך זיין קראַפט געווען ביי אים אַ באַהאַלטענע, רואיקע — אָן היסטעריע און אָן העויות. מ'האָט געפילט, אַז ער באַציט זיך מיט עקל צום ליידיקגיין; אַמאָל איז עס אויך געווען אביסל נישט אַנגענעם, — יעדע עקסטרעמיטעט איז נישט אנגע־נעם — נישט מענטשלעך. אָבער ער האָט זי נישט אַרויסגעוויזן אין זיינע באַציאונגען צו מענטשן. ער האָט נישט נויטיק געהאַט עס אַרויסצווייזן. ס'זענען פאַראַן מענטשן, וואָס דאַרפן נישט אויסדריקן זייערע געפילן — זיי דריקן זיך אויס פון זיך אַליין. ער מיט זיך אַליין איז געווען דער סימבאָל פון קעגנזאַץ צום לייכטן באַקוועמען לעבן. ווער ס'האָט אים געזען, האָט זיך באַלד דערמאָנט, אַז זיין אַרבעט, ווי זי זאָל נישט זיין, איז נישט געווען אַ געניגנדיקע, אַז מ'מוז נאָך עפּעס טון און ס'איז פאַראַן אַ גרויסער חוב, וואָס איז נאָך נישט דערפילט געוואָרן.

ער פלעגט נישט פּרעדיקן פאַר דער עפנטלעכקייט, פלעגט נישט קומען מיט דער מאַסע אין באַרירונג; ער פלעגט אויך וואַרפן אַ חשד אויף זיינע פּאַרטיי־חברים, ווען ס'פלעגט זיך אים אויסווייזן, אַז זיי

ווערן די מאַסע. ער האָט געוווסט אַז דער וווקס פון דער פּאַרטיי באַדייט קיינמאָל נישט די טיפקייט פון אמת, ווערלכן זי טראָגט אין זיך און אַ באַהאַלטענע מורא האָט ער געטראָגן אין זיך פאַר דעם געדאַנק, וואָס ווערט דער קנין פון דער מערהייט. ער האָט געוווסט, זיין שווערע לערע, וואָס פאַרלאַנגט דעם ג אַ נ צ ן מענטש, דעם פולשטענדיקן אָפּזאָג פון דעם אויסערלעכן פאַרגעניגן פון לעבן, איז נישט קיין לערע פאַר דער מערהייט. און דעריבער האָט ער אַזוי געזאָרגט פאַר דעם מיעוט, אַז ער זאָל נישט געשטרויכלט ווערן. און ווען ער האָט פון צייט צו צייט פאַר־לאָזט די פעלדער פון דגניה מיטן צוועק צו באַטייליקן זיך אין פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, פלעגט ער זיך באַמיען צו שטיצן מיט זיין מיינונג די חברים, געקעמפט קעגן יעדער פשרה, וואָס האָט געקענט פאַרטווישן דעם געדאַנק. אויך דערמיט איז ער אַ שילער פון אחד־העמן — וואָס האָט גע־גלויבט אין איינצלנע, וועלכע דאַרפן גיין פאַרן פאָלק. דאָס איז געווען דער באַהאַלטענער פיין־גייסט, וועלכן מיר געפינען ביי יעדער גרויסער נאַטור: די זאָרג פאַר דער ריינקייט פון דער אידעע, די מורא פאַר איר ירידה. ביי זיין גאַנצן גלויבן אין טאָטן און מעשים, אין כוח פון דער פאַרווירקלעכונג, איז ער דאָך געבליבן אַ יידישער תלמיד־חכם, וועלכער ווייסט, אַז אין שווערע צייטן דאַרף מען אָפּהיטן די אידעע אין איר ריינ־קייט און צוגרייטן זי פאַר די צוקונפטיקע דורות.

אַזוי ווי אחד העם, הגם אויף אַן אַנדער אופן, האָט ער אויך גע־וואָלט שאַפן פון דער מינדערהייט אַ יסוד פאַר דער צוקונפט. מאַכן פון איר דעם חוט השדרה פון פאָלק, — ער האָט געגלויבט, אַז באַר יחידים זענען די באַשיצער פון פאָלק, וועלכע טראָגן די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט דורך די שווערסטע לעבנס נסיונות. דאָס איז נישט געווען אַ מאַנגל פון גלויבן אין די מאַסן, וועלכער כאַראַקטעריזירט דעם אחד־העמיסטישן אַריסטאָקראַטיזם. גאָרדאָן האָט אנערקענט, אַז דאָס פאָלק איז נישט אַ קליינע גרופּע פון תלמידי חכמים, וואָס זונדערן זיך אָפּ פון דער אַרומיקער וועלט און זענען נהנה פון זייער תורה; ער אַליין האָט פשוט אין זיך נישט געגלויבט, נישט געגלויבט אין די ווייניקע, אַז זיי

וועלן דערגיין ביז צום סוף און דערטראָגן די לאַסט ביז צום סוף. דערי־בער האָט ער באַגרענעצט זיין איינפלוס־קרייז, וועלנדיק פאַרטיפן די אידעע און פאַרשטאַרקן די מינדערהייט, וואָס אונטערשטיצט אים. ער האָט געוואָלט, אַז דער מיעוט זאָל דינען אַלס ביישפיל און ווערן אַ מוס־טער פאַר אַלע.

— ג —

יעדע זאַך האָט ער באַהאַנדלט ערנסט, מיט אָנשטרענגונג פון אַלע כחות. ער האָט נישט געהערט צו די באַזונדערס שאַרפזיניקע, ביי וועל־כע דער געדאַנק אַנטשטייט פון זיך אַליין און בליצט אויף פּלוצים מיט אַ שנעלקייט פון פייל. ער האָט געשפּרייזט צום געדאַנק מיט אַלע מעג־לעכע גייסטיקע שריט; ער האָט אויסגעטראָטן אַ וועג צו אים מיט פיל שוועריקייטן. אפשר איז דאָס געווען אַ פאַראַנטוואָרטונגס־געפיל, יענע גייסטיקע רייפקייט און ערלעכקייט, וואָס דערלויבן נישט צו שטיצן זיך אויף צופעליקע מיינונגען און אויפבליצנדיקע געדאנקען. זיין געדאנק און אַרט פון דענקען זענען געווען אָרגאַניש. ער איז נישט געווען קיין הער־שער איבערן דענקונגס־מאַטעריאַל און דער וואָס לייענט זיינע מאמרים, גייט ווי דורך אַ געדיכטן וואַלד. דער וועג איז נישט אויסגעטראָטן, און נאָר צווישן די צווייגן פון דיביימער גלאַנצט די רויטקייט פון דער אויפ־גייענדיקער זון.

עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געהערט צו די לייכטע, יענע, וואָס כאַפּן לייכט די שמעטערלינגען פון געדאַנק און פרייען זיך מיט זייערע בונטע פאַרבן. ער איז געווען אַביסל גרוי, פונקט ווי די גרויע ערד אין דעם גאַנצן אַנטשטייאונגס־פּראָצעס פון זיין גע־דאנק. דער איינפאכער און אַביסל צאַרנדיקער מאמר פון אחד־העם מאַכט דעם איינדרוק פון אַן אנגענעמען סאַלאָן־שמועס אין פאַרגלייך מיט די לאַנגע און פאַרוויקלטע אַרטיקלען פון גאָרדאָן. ער פלעגט נישט אַרויס־זאָגן קיין שום סענטענצן, נאָר ער האָט דווקא ליב געהאט דעם געבוי־

ער האָט געוואָלט לייגן אַ גרונדשטיין, אַרומנעמען, אַרומרינגלען דאָס פּראָבלעם. ער האָט געהאַפּט יעדעס מאָל, אַז אָט סוף־כל־סוף, איז אים געלונגען צו געפינען אַן אויסדרוק פאַר דעם, וואָס האָט אַזוי גערדריקט זיין געמיט. ער איז געווען צו פיל אינטעליגענט און צו פיל ליטעראַרי־שער פיין־גייסט, אַז ער זאָל נישט פילן דעם מאַנגל פון לופט אין זיינע אָפּהאַנדלונגען און דעריבער האָט ער זיך אַליין נישט געגלויבט און באַ־האַלטן זיינע אַרטיקלען אַ לענגערע צייט, נישט לאָזנדיק זיי דרוקן. דאָס איז געווען דער טראַגיזם פון אַ מענטש, וועלכער האָט נישט געהאַט קיין ווילן צו ליטעראַטור, וועלכער האָט בלויז געשטרעבט אויסצודריקן דעם געדאַנק און אויפקלערן דעם געדאַנק און וועלכער קען גלייכצייטיק אויך די ליכטיקע, קלאָרע פאָרם פונעם אויסדרוק.

ווען איך בין געווען אין דגניה, האָט מען מיר געוויזן דעם ווינקל פאַרן פענצטער, וואָס גייט אַרויס צום גאָרטן פון דער פאַרם און צו די וואַסערן פון ירדן און כנרת, ווו ער האָט ליב געהאַט צו זיצן אין דער פרייער צייט און נאָטירן זיינע זאַכן מיט זיין ריינער האַנטשריפט אויף די צונויפגעלייגטע פּירקאַנטיקע און קליינע פּאַפּירלעך. ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט ער שרייבן. און ווען ס׳האָבן זיך אויפגעכאַפּט די מידע פעלד־אַרבעטער פון זייער שלאָף און געזען אים זיצן איינגעבויגן איבער דער אַרבעט ביים ליכט פון דעם לאָמפּ, האָבן זיי געהאַט דאָס געפיל, אַז איינער היט זיי, היט און אַנטוויקלט די אידעע פון זייער לעבן.

דער דאָזיקער אַלטיטשקער אַרבעטער, וואָס האָט געפּרעדיקט בלויז מיט אייגענע הענט און וואָס האָט אַריינגעלייגט זיין ביסל פיזישע כו־חות אין דער ריזיקער אַרבעט, איז דאָך, הויפּטזעכלעך, געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער הייליקייט, געווען אַ שומר פון גייסט.

ס׳קאָן זיין, אַז ער האָט נישט גוט געטון דערמיט, וואָס ער האָט געוואָלט זיין מער פונדאַמענטאַל אין זיינע מאמרים, האָט געוואָלט באַ־גרינדן זיין אידעע אויף פילאָזאָפישע היפּאָטעזן. אין אַ לעבנס־לערע זע־נען אַזעלכע באַווייזן איבעריק; טיילמאָל אויך אָפּשוואַכנדיק. די גרויסע אידעע, וואָס ברענגט צו גרויסע מעשים איז שטענדיק אַ גזרה, אַ קאַטע־

גאָרישער אימפּעראַטיוו. זי לייכט מיט איר געשלאָסנקייט, מיטן כוח פון אמת, וואָס ס׳איז באַהאַלטן אין איר — מיט דעם, וואָס זי וויל נישט דערקלערן, נאָר באַפרייען. אזוי זענען געווען די אידעען פון די נביאים, נישט דערקלערונגען און באַווייזן, נאָר רעזולטאַטן, פּרוכט פון געדאַנ־קען. אָבער גאָרדאָן איז אין אַ געוויסער מאָס געבליבן אַ חקרן; אויך אין דעם געדאַנק גופא האָט ער געזען אַ קראַפט. טאָלסטאָי האָט געקאָנט מוותר זיין אויף דער „גייסטיקייט" פון זיין אידעע. ער האָט געהאַלטן, אַז דערמיט האָט ער באַפרייט דעם געדאַנק פון אַ געוויסער לאַסט און דערנענטערט אים צו זיין מענטשלעכער מהות. גאָרדאָן האָט נישט איי־ביק געקענט דערהייבן זיך צו אַזאַ פּשטות און אַזאַ עלעמענטאַריזם. דער יידישער מוח האָט נאָך פאַרלאַנגט זיינס, אפילו ווען די הענט האָבן שוין געהאַלטן דעם אַקער־אייזן.

גאָרדאָן האָט לגמרי נישט מוותר געווען אויף דער גייסטיקער רייכ־קייט. ער האָט נישט געוואָלט, אַז מיר זאָלן אָפּשוואַכן די דענקונגס־פעּ־איקייט פון אונדזער פאָלק דורך דער נייער דערציאונג מיט איר „לייכ־טער תורה", נאָר מיר זאָלן אויסהיילן די קראַנקהייט פון אונדזער דענ־קען, וואָס איז שוואַך און באַדנלאָז און פרעסט זיך אַליין אויף דורך צו־פיל שאַרפזיניקייט. און ער האָט זיך זייער געפרייט, ווען איך האָב ענ־לעכע געדאַנקען אויסגעדריקט אין אַרטיקלען איבער דערציאונג, וועלכע איך האָב פאַרעפנטלעכט אין „מעברות".

גאָרדאָן האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אַרטיקלען אין „הפועל־הצעיר" און „מעברות" און אויך איבערגעלאָזט פאַרשידענע נישט פאַר־עפנטלעכטע ביז איצט מאַנוסקריפּטן, וועלכע וועלן אַלס גאַנצעס האָבן אַ גרויסע באַדייטונג, אַלס נייע ווערטן פון געדאַנק. ס׳איז מערקווירדיק, וואָס זיין אָריגינעל בוך „בריוו פון ישראל" איז געשריבן געוואָרן אין יידיש און פאַרעפנטלעכט נאָר אין פאַרשידענע איבערזעצונגען. אין דעם דאָזיקן קליינעם ביכל האָט ער געפונען זיין סטיל — דעם גלייכ־צייטיק האַרציקן און פילאָזאָפישן סטיל. די אינטימע פאָרם און דער טיפ־זיניקער אינהאַלט זענען צוזאַמענגעגאָסן אין דער בראָשור, וואָס איז

געוואָרן זייער פּאָפּולער און וועט געוויס דינען פאַר אונדזערע חלוצים נאָך אַ לאַנגע צייט אַלס קוואַל פון געדאַנק און טרייסט.

— ד —

בלויז עטלעכע מאָל האָב איך אים געזען און נישט שטענדיק איז געבליבן ביי מיר אַ קלאָרער איינדרוק. גאָרדאָנען האָט מען געדאַרפט זען אין כפר אוריה, אין דגניה — די לופט פון זיין לעבן און טעטיקייט. ער האָט נישט געהערט צו די, וואָס רוקן זיך אַרויס. ווי אַ ריינע איידעלע פּערזענלעכקייט, האָט ער נישט ליב געהאַט אויסטיילן זיך — אויסזען „אָריגינעל״; פאַרקערט, ער פלעגט רעדן מיט יעדן אין זיין שפּראַך. אָבער אונדזערע באַגעגענישן האָבן שטענדיק איבערגעלאָזט עפּעס האַרציקס, אַזוינס, וואָס קאָן נישט פאַרגעסן ווערן.

איך געדענק דעם טאָג ווען ער איז צו מיר דאָס ערשטע מאָל אַריינ־געקומען אין תל־אביב. דאָס איז געווען אָן ערך מיט צען יאָר צוריק און ער איז שוין געווען שוואַך, געפיבערט און מיד פון זיין שווערן לעבנס־וועג. ער איז געגאַנגען איינגעבויגן ווי ער וואָלט זיך געבויגן אונטער זיין אייגענער לאַסט. פון זיינע אויגן, די קלוגע, בלויע אויגן, האָט אַרויסגעלויכטן דער ווייטיק פון דעם גייסטיקן מענטש און אַלע דינע און איידעלע געזיכטס־שטריכן האָבן עדות געזאָגט אויף אַן אויסשעפּנדיקער גייסטיקער אַרבעט, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געאַרבעט יאָרן־לאַנג אין פעלד און אין גאָרטן. מ׳האָט געזען, אַז זיינע טעג האָט ער באַשטימט פאַר אַרבעט און די נעכט — פאַר פיינלעכע געדאַנקען. אים האָבן גלייכצייטיק באַשעפטיקט די פּראָבלעמען פון פאָלק און פון דער מענטשהייט. ווער עס ווייזט דעם וועג צו באַפרייאונג, געפינט קיינמאָל נישט קיין רו פאַר זיין געדאַנק. די גרעסטע פון אַלע זאָרג איז די זאָרג פאַר דער ריינקייט פון געדאַנק.

ער האָט ליב געהאַט צו פירן דיסקוסיעס, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז נישט געווען קיין גלענצנדיקער פּאָלעמיסט. די „ביין״־זאָגערס

קענען גוט די דאָזיקע מלאכה; ווער עס זאָגט איינמאָל דעם פּאַטאַלן „יאָ“, יענער איז פּונקט ווי צוגעשמידט צו אַ פעלז. דער געדאַנק ווערט פאַר אים אַ ווערקצייג. יעדע באַרעכטיקונג, יעדע פּאָזיטיווע שטעלונג — איז אַ מחיצה.

איך געדענק די נאַכמיטיקן אין די זומער־טעג. ער איז געזעסן מיט אונדז ביי אַ גלעזל טיי אין אַ קילן־צימער. פון זיין אויסערלעכקייט זענען מיר עפּעס געבליבן אין זכרון בלויז זיינע געדיכט־פּאַרשטויבטע שיך. ער האָט זיך צוגעקוקט צום מעבל, צום אַרבעטס־טיש און געזאָגט:

דו ביזט אַ ליטעראַט; איך בין, חלילה, נישט מבטל דיין אַרבעט: אָבער... ווי קען דען אַ מענטש זיין בלויז אַ ל י ט ע ר אַ ט ?

— דער וואָס איז נישט בלויז אַ ליטעראַט — האָב איך אים אויך מיט אַ שפּאַס געזאָגט — איז בכלל נישט קיין ליטעראַט. עס איז אפילו נישט גענוגנדיק צו זיין „בלויז אַ ליטעראַט“ — אַזוי שווער איז די אויפ־גאַבע...

— די אויפגאַבע איז שווער — האָט ער ערנסט געזאָגט — ווייל איר זענט „בלויז ליטעראַטן“. מ׳דאַרף בכלל נישט, אַז די ליטעראַרישע אַרבעט זאָל זיין די גאַנצע אויפגאַבע; דאָס דאַרף נאָר זיין אַ רעזול־טאַט — אַ רעזולטאַט פון אַ ממשותדיקער לעבנס־אויפגאַבע... די לי־טעראַטור איז בכלל געווען דער פּונקט, וואָס האָט אים אממייסטן ווייט־געטון. דער געדאַנק איבער דעם ליטעראַט־אַרבעטער איז אים געווען זייער טייער. צו דעם האָט ער זיך אייביק צוריקגעקערט און געווידמעט אים אין „מעברות“ איינעם פון זיינע אויסגעצייכנטע אַרטיקלען. אויך איך האָב מיך אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק פון פאַרבינדן די אַר־בעט מיט דער גייסטיקער שאַפונג, נאָר ער האָט עס אַנדערש אויפגע־פאַסט. עס איז פאַר אים נישט גענוג, ווי איך האָב פאַרגעלייגט, צו ווידמען, אייניקע שעהן פאַר פיזישער אַרבעט און נעמען זיך צוריק צו דער הויפּט אַרבעט פון ליטעראַט. די אַרבעט, וואָס ברעכט נישט דעם גוף, איז פאַר אים נישט געווען קיין ממשותדיקע אַרבעט, וואָס דער־נענטערט צום לעבן און צו די ליידן פון מענטש. ער האָט אויפגעפאַסט

די ליטעראַרישע אַרבעט אַזוי ווי זי דאַרף באמת זיין — אַלס צייט־ווייליקע אַרבעט...

***

ווען איך בין געווען אין דגניה, בין איך פאַרנאַכט אַרויסגעגאַנגען אין פעלד און געפונען דאָרט אַ קליינע גרופּע פון די פעלד־אַרבעטער, וואָס זענען באַשעפטיקט געווען מיט אַרויסרייסן דעם אינדזשיל (ווילדע גראָז). דאָס גראָז, וואָס זויגט אַרויס די גאַנצע פעטקייט, לאָזט טיף זיינע וואָרצלען און פאַרשפרייט זיך אומבאַמערקט אין דער ערד. דער אַרבעטער מוז זיין אויסערגעוויינלעך געדולדיק, בכדי צו געפינען די דאָזיקע אומבאַמערקט אָדערן, וואָס ציען זיך אונטער דער ערד. אָפטמאָל אויף דער לענג פון גאַנצע דונאַמען און אויסראָטן זיי און זייער פאַרשאָלטענע עקזיסטענץ.

— דאָס איז געווען די באַליבטסטע אַרבעט פון גאָרדאָנען — האָט מיר געזאָגט אַ יונגערמאַן — מיט אַרויסרייסן דעם „אינדזשיל״ איז ער געווען גרייט זיך צו באַשעפטיקן גאַנצע טעג, נאָכיאָגנדיק זיך מיט זיינע שוואַכע פינגער ווילנדיק אים אומברענגען ביזן לעצטן שורש...

דער „אינדזשיל״ איז געווען פאַר אים אַ סימבאָל פון דעם, קעגן וואָס ער האָט אייביק געקעמפט — דאָס אומברענגען פון פּאַראַזיטיזם, די אומפּרוכטבאַרע כוחות, וועלכע פאַרניכטן דעם גוף פון פאָלק און זיין גייסט. און גלייך ווי אין זיין גאַנצער שעפעריש־דערציערישער אַרבעט האָט ער געשטרעבט אויסצורייסן אַלדאָס ביז ביזן לעצטן וואָרצל.

ער האָט זיך געוויס פאַרגעשטעלט דעם „אינדזשיל״ אַלס אַן אַנדער געוויקס וואָס ברענגט אום און פאַראָרעמט דעם באָדן פון פאָלק — דאָס געוויקס פון בטלה...

# די פייערונג פון יובל השבעים פון יעקב פיכמאַן

אין משך פון יאָר 1952 איז אין פאַרשידענע לענדער געפייערט געוואָרן דער 70טער געבוירנטאָג פון יעקב פיכמאַן.

## אין בוענאָס-איירעס

אין בוענאָס-איירעס האָט דער פאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן" דורכגעפירט אַ שיינע פיכמאַן־יובל־פייערונג מיט דער הילף פון בעסאַראַבער ל״ל פאַריין. אין דעם דאָזיקן יום־טוב זענען אָנגעשלאָסן געוואָרן די מיינסטע יידישע אָרגאַניזאַציעס פון דער הויפּטשטאָט פון אַרגענטינע בראש מיט דער קהלה, דאַיאַ, ייוואָ, יידישער קולטור־קאָנגרעס, הסתדרות עברית און אגודת המורים. אין יום־טוב האָט זיך באַטייליקט דער ייִנגסטער ברודער פון יובילאַר, ישראל פיכמאַן, וואָס וווינט זייט צענדליקער יאָרן אין אַרגענטינע. מיט אָפּשאַצונגען וועגן יובילאַר זענען אַרויסגעטראָטן אין יידיש און העברעאיש: יעקב באָטאָשאַנסקי, י. ל. גרוזמאַן און י. רינקביץ.

## אין סאַן-פּאַולאָ

אין סאַן־פּאַולאָ, בראַזיל, איז פאָרגעקומען אַ בעסאַראַבישער פעלד יום־טוב געווידמעט יעקב פיכמאַן, אָרגאַניזירט אויף דער „שאקארא סימאָן פלייס", מיט דער הילף פון די פריינט סימאָן פלייס און יצחק טעפערמאַן און דעם דאָרטיקן בעסאַראַבער לאַנדסלייט־פאַריין. אָט־אָ

די פערזאָנען, באַטייליקטע אין דעם דאָזיקן יום־טוב האָבן מיט־געווירקט צום אַרויסגעבן דאָס בוך „רעגנבויגן״: נחום ווײדער־גאָרן, אברהם זאגער, אַלפרעדאָ ווײנער, יצחק טעפּערמאַן, נחום אַבראַ־מאָוויטש, יצחק גאָרנשטײן, יחיאל קופּערמאַן, יצחק נולמאַן, יואל טע־פּערמאַן, סימאָן פּלײס, לעאָן פּעפּער, משה קופּערמאַן און אברהם קויפ־מאַן.

# אין תל-אביב

אין תל־אביב איז אויף דער איניציאַטיוו פון „אגוד יוצאי בסרביה בישראל״ (פאַרבאַנד פון בעסאַראַבער ל״ל אין ישראל) געשאַפן געוואָרן אַ יובילײ־קאָמיטעט, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אויף פאָל־גענדיקן אופן:

ז. שז׳ר — פאָרזיצער, ראובן אבינועם, חיים אבשלום, אפרים אויער־באַך פ׳ש, יעקב באַטאָשאַנסקי — אַרגענטינע, אליהו בויקיס, ש. י. בור־רובסקי, חיים גרינבערג פ׳ש, אָשר ברש (ע״ה), י. ל. גרוזמאַן — אַרגענ־טינע, בן־ציון דינאבורג, שלמה הללס, שמעון האלקין, יוסף העפטמאַן, אברהם הערטהיים, אליהו היניץ, מעקסיקאָ, דוד לעווין, מרדכי לעווין — אַרגענטינע, י. ל. הכוהן מיימון, מרדכי נמיר, אברהם סוצקעווער, שמעון פּאָלק פ׳ש, ל. קופּערשטײן — סעקרעטאַר, יצחק קאָרן, אַלעק־סאַנדער ראָזנפעלד, מנחם ריבאַלאָוו (פ׳ש) אברהם שלונסקי, דוד שמעוני, שלמה שפּאַן.

דער דאָזיקער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַ בראָשור אין עברית, וואָס הייסט: „מנחה (אַ מתנה צו) ליעקב פיכמן בן השבעים״, אין וועל־כער עס זענען פאַראַן קורצע אַרטיקלען, לידער און אַפאָריזמען וועגן יובי־ליאַר פון שלמה הללס, אליהו מייטוס, ק. א. בערטיני, אפרים אויער־באַך, יעקב באַטאָשאַנסקי, י. ל. גרוזמאַן, ח. נ. ביאַליק, י. ח. ברענער, שאול טשערניכאָווסקי, יוסף קלויזנער, ג. שאָפּמאַן, פ. ליאַכאָווער, ר׳ בני־מין, ד״ר צבי וויסלאַווסקי, מנחם ריבאַלאָוו, אשר ברש, נתן גורן (גרינ־בלאַט), צבי שארפשטיין, שלום שטרייט, ישורון קשת, יוסף ליכטנבוים, ישראל זמורה, אַ קריב, ראובן אבינועם, דוב סדן, י. כהן, פנחס לאנדער, ח. ראבינזאָן, ב. י. מיכלי, ה. תורן, ש. י. פּניאלי און ל. קופּערשטײן.

## ועד היובל אין תל־אביב באַגריסט יעקב פיכמאַן צו זיין 70טן געבוירנטאָג



עס זיצן פון רעכטס צו לינקס: — א. שלאָנסקי, ש. הללס, יעקב פיכמאַן, ז. שזר, א. ברש און ד. שמעוני. עס שטייען פון רעכטס צו לינקס: ד״ר א. ראָזענפעלד, פּראָפ׳ ש. האַלקין, ל. קופּערשטיין, א. בויקיס, ר. אבינועם, א. סוצקעווער, י. העפּטמאַן און ש. שפּאַן.

# אָפּרופֿן וועגן די ביכער פֿון פֿאַרלאַג „בעסאַראַבער יידן״

די ערשטע דריי ביכער, וואָס אונדזער פֿאַרלאַג האָט אַרויסגעגעבן האָבן געהאַט אַ גרויסן אָפּקלאַנג אין אַלע עקן וועלט. מען האָט וועגן די ביכער „משלים״ פֿון אליעזר שטיינבארג, „טראַנסניסטריע״ פֿון מתתיהו קאַרפּ ע״ה און „קעשענעווער יידן״ פֿון יצחק קאָרן געשריבן מיט לויב אין יידישע, העברעאישע און יידיש־ענגלישע אויסגאַבעס. עס האָבן זייער וואַרעם געשריבן וועגן אָט די ביכער: אפרים אויערבאַך, ד״ר ש. ביקל, אליהו ליפינער, יעקב לעשטשינסקי, ש. ניגער, ש. קראקושאנסקי און א. ל. שוסהיים.

